פ. קאַץ

# געקליבענע שריפטן

באַנד I

אַרויסגעגעבן פון אַ געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט
ביים פאַרלאַג „איקוף"



בוענאָס־איירעס

1946

# צוזאַמענשטעל פון „קאָמיטעט צו אַרויסגעבן די געקליבענע שריפטן פון פיניע קאַץ״:

**ע ק ז ע ק ו ט י ו ו :**

ס. ליפשיץ — פאָרזיצער

י. אייזנשטיין — 1טער וו״פ

מ. לעבענדיקער — 2טער וו״פ

אינזש׳ מ. זאַקין — סעקרעטאַר

ד״ר ל. זשיטניצקי — פראָסעקרעטאַר

י. לינקאָווסקי — אַקטן־סעקרעטאַר

מ. לייוואַ — קאַסיר

י. מונאַקער — פראָקאַסיר

**טעכנישער ראַט:**

ש. וואַסערמאַן, ד״ר ל. זשיטניצקי, לינקאָווסקי, א. טראָצקי, ש. סוס־קאָוויטש, ח. פינקעלשטיין, ש. רעזניק

**פינאַנץ־קאָמיסיע:**

ח. אפעל, וו. באַרבאַלאַט, מ. בעזאָוויק, מ. לאַנדאַו, מ. לייוואַ, מ. לע־בענדיקער, אָ. פרענקעל, כ. ראָזען, א. שבח.

**פ ל ע נ ו ם :**

ד. אייזנבערג, מ. אייטשעלבוים, י. אַקסענצאָוו, ד״ר בורשטיין, ב. בליץ י. גאָלדגלאַס, גראַנאָווסקי, הערץ גראָסבאַרד, י. ל. גרוזמאַן, ד. הירש, בערטאַ זינגערמאַן, סעסאַר טיעמפאַ, מ. טורקאָוו, לאַסטער, ד. ליכט, ד. לערמאַן, בערטאַ מאַלאַמוד, א. מיטלבערג, ל. מיטקאָוויצער, מינדלין נ. מעלניק, מ. פאַרישעווסקי, מימי פינזאָן, ירדנה פיין, צווייליך, ד״ר

י. קאָוועגסקי, י. קארפעס, ג. קרימער, ש. ראָזשאנסקי, וו. רייזמאַן, י. שטרייכער, א. שמערקאָוויטש, י. שרייבער־הלוי, בן ציון שרייבער־הלוי.

## אָנגעשלאָסענע אינסטיטוציעס:

איפּט, איקוף, אַקטיאָרן־פאַראיין, ביבליאָטעק ביים פלאַצקער ל״ל־פאַראיין, העבראיקא, זוואָלינער קולטור־צענטער „לייב מלאך״, ליטע־ראטן־פאַראיין, לערער־אָרגאניזאַציע, פאַראיין „אָדעסא״, קולטור־צענ־טער „י. ל. פּרץ״ — וויזשא לינטש, קולטור־צענטער אין סאַן מארטין, געז׳ פאַר יידיש־וועלטלעכע שולן, צווישאָ, „ז. רייזען־שול״ — אווע־זשאַנעדא, שול „ד״ר חיים זשיטלאָווסקי״, „י. ל. פּרץ״־שול — וו. לינטש, ייד׳ פאָלקסשול — לא פלאַטא.

**דער קאָמיטעט האָט זיך קאָנסטיטואירט**

**דעם 2טן סעפּטעמבער 1945.**

הוא היה אומר, מיין טאַטע פלעגט
זאָגן: „איך וויים ווער מיין טאַטע איז
געוועזן, איך וויים ווער איך בין און
איך וויים ווער מיינע קינדער זיינען"

פיניע קאַץ איז בלי ספק איינער פון די אַרגענטינישסטע אי־
דישע שרייבער. ווען דער שטראָם פון דער פּאָליטישער עמיגראַ־
ציע פון נאָך 1905 האָט אים געבראַכט צו די ברעגן פון לאַ־פּלאַ־
טאַ, איז ער, דער עטלעכע און צוואַנציקיעריקער יונגערמאַן, על־
טער געווען פאַר אונדזער ישוב. די יונגקייט פון ישוב איז אין
אַלגעמיין געווען אַ חסרון פאַר די פּאָטענציעלע אינטעלעקטועלע
כוחות צווישן די אימיגראַנטן, וועלכע האָבן זיך געניטיקט אין
וועגווייזערס, אין לערערס, וואָס די נייע סביבה האָט ניט גע־
קענט צושטעלן. אָבער פאַר איניקע פון זיי איז די יונגקייט ניט
נאָר ניט געווען קיין שטער, נייערט דווקא אַ מעלה, וואָרעם זיי
האָבן דאָ געפונען אַ פרישׂ, ברייט פעלד פאַר טעטיקייט און אַ
מעגלעכקייט צו אַרויסברענגען זייער גייסטיקע שעפערישקייט.

פיניע קאַץ געהערט צו אָט דער לעצטער קאַטעגאָריע אימי־
גראַנטן. קומענדיק אַהער אין סאַמע פרילינג פון זיין לעבן איז
ער גלייך געוואָרן איינער פון די מיטבויערס פון אונדזער ישוב.
דער בוענאָס־איירעסער אידישער קיבוץ האָט זיך דעמאָלט
שטאַרק געניטיקט ניט בלויז אין פעיקע מענטשן, נאָר דער עיקר
אין יחידים מיט אַ שטאַרקער געזעלשאַפטלעכער אחריות, מחמת
פון זיין געבורט אָן האָט ער געליטן פון אינערלעכע שווערע
קרענק וואָס זיינען געווען פאַר אים אַ טויטגעפאַר. במילא איז
דאַן געווען די אויפגאַבע פון בעסערן אידישן מענטשן, פון קול־
טור־טוער, און בפרט פון זשורנאַליסט און שרייבער, אַכטונג צו
געבן, אָנצואווייזן, פירן, כדי ניט צו דערלאָזן אַז דער נייער אי־
דישער צענטער זאָל אַוועקגיין אויף אומוועגן.

און אויב דער אַרגענטינער אידישער ישוב האָט דעם הייני־
טיקן פּראָגרעסיוון אויסזען, איז עס צו פאַרדאַנקען די פּיאָנערן

פון דער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין בוענאָס־איירעס, צווישן וועלכע פיניע קאַץ פאַרנעמט דעם וויכטיקסטן אָרט.

פיניע קאַץ איז געווען און איז דער מיטבויער פון אַ סך אידישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס אין אַרגענטינע, און פאַרן גאַנצן אידישן קולטור־לעבן דאָ־הי איז ער אַן אינספּיראַטאָר. זיין נאָמען איז פאַרבונדן מיטן אויפקום און אַנטוויקלונג פון שולן, ביבליאָטעקן, און לעצטנס — מיט דער גאַנצער קולטור־באַוועגונג וואָס אַרום דעם איקוף.

אָבער קודם־כל איז קאַץ אַ שרייבער. איבערן שטח פון די פאַרגאַנגענע פערציק יאָר זיינען צעשפּרייט זיינע ליטעראַרישע, פּובליציסטישע און זשורנאַליסטישע אַרבעטן וואָס האָבן אַ דויערנדיקן ווערט פאַר אונדזער ישוב און באַזונדער פאַר אונדזערע נייע דורות. ניט אַלץ, פאַרשטייט זיך, וואָס איז אַרויס פון פ. קאַצס פען האָט אַ גלייכע באַדייטונג. דער פּאָליטישער זשורנאַליסט, וואָס שאַצט אָפּ טאָג־טעגלעך די געשאַפענע סיטואַציעס, פּרעטענדירט אויך נישט אויף דעם אייביקן ווערט פון זיינע טאָג־אַרטיקלען. בפרט איז דאָס ריכטיק אין אונדזער עפּאָכע, ווען עס איז אַזוי שווער אָנצוהאַלטן אַ געדאַנקלעכע קאָנטינואיטעט בעת דער לעבנס־פּראָצעס פון דער געזעלשאַפט באַשטייט פון קאַטאַסטראָפישע ענדערונגען. דעריבער איז געמאַכט געוואָרן אַן אָפּקלייב ביים אַרויסגעבן די איצטיקע ביכער. זיי נעמען אַריין נאָר דאָס ווערטיקסטע — לויט דער מיינונג פון מחבר גופא — וואָס פיניע קאַץ האָט אָנגעשריבן, און דאָס בעסטע וואָס ער האָט איבערגעדיכטעט פון דער אַרגענטינער ליטעראַטור.

דער קאַמיטעט.

איך פיל, אז איך וואָלט באַגאַנגען אַ זינד קעגן דעם גאַנצן אויפֿטו פֿון מײַנע פֿרײַנט אַרויסצוגעבן אין בוך־פֿאָרם מײַנע מער ווערטפֿולע זשורנאַליסטישע אַרבעטן, ווי קעגן מיר גופֿא, דעם אָביעקט פֿון אָט דער געזעלשאַפֿטלעכער איניציאַטיוו, ווען איך טייל נישט אויס כאָטשע איין באַנד פֿון די שריפֿטן פֿאַר אַן אויטאָ-רעפּרעזענטאַציע: ווער בין איך און וואָס שטעל איך מיט זיך פֿאָר, וועלכע אוניווערזיטעטן בין איך דורכגעגאַנגען, ווי גאָרקי האָט זײַן לעבנס־גאַנג אָנגערופֿן, אָדער, אונטער וועלכע זונען האָב איך מיך געצײַטיקט, ווי איך וועל זאָגן, אין משך פֿון מײַנע דרײַ און זעכציק יאָר לעבן, וואָס האָבן מיך געבראַכט צו אָט דער זכיה, צו ווערן דער אָביעקט פֿון אַזאַ פֿילזײַטיקער אויפֿמערקזאַמקייט.

איך וועל דאָס פּרוּוון טון אין דער פֿאָרם פֿון דערינערונגען, וואָס איך רוף אָן אַ רייזע אין מײַן לעבן. ווי אויף אַזאַ רייזע, וועל איך אויך אויפֿצייכענען די קולטור־געזעלשאַפֿטלעכע פּאַנאָראַמע פֿון מײַן היים אָדער פֿון מײַנע היימען, וואָס איך האָב זיי געהאַט מער ווי איינע און די עפּיזאָדן, וואָס האָבן זיך טיפֿער ווי אַנדערע אײַנגעקריצט אין מײַן זכרון און זײַנען דעריבער אויך, ווי איך מיין, די וואָס האָבן טיפֿער ווי אַנדערע איבערגעלאָזט זייערע שפּורן אויף מיר, אויף מײַן אַקטוּאַציע, אויף מײַן אידייען-גאַנג, ווי אויף מײַן זשורנאַליסטישן סטיל.

אַלס מאָטאָ פֿון דעם בוך, וואָס איך שרײַב מיט דעם געדאַנק געווענדט צו מײַן טאַטן, עליו השלום, האָב איך אויסגעשטעלט זײַנס אַ וואָרט: „איך ווייס ווער מײַן טאַטע איז געווען, איך ווייס ווער איך בין און איך ווייס ווער מײַנע קינדער זײַנען". דאָס וואָרט האָט ער מיר געזאָגט אויף זײַן 74־טן יאָר לעבן בעת מײַן באַגעגעניש מיט אים

אין אדעס, אויגוסט 1929, נאָך 24 יאָר צעשיידונג, ווען איך האָב געמאַכט מיין רייזע איבער די נייע אידישע קאָלאָניעס פונעם ראַטנ־פאַרבאַנד אין שליחות פון „פּראָקאָר". איך האַלט דעם זאָג נישט ווי אַן אויסדרוק פון ריין פּערזענלעכן איינטראַכטן זיך אין זיך, נאָר פון אַ רעאַליסטישן און געשיכטלעכן אָדער עוואָלוציאָניסטישן באַנעם פונעם לעבן, וואָס איז דורכגעגאַנגען דעם מוח און די דערפאַרונגען פון אַ טיף אידיש און טיף מענטשלעך דענקענדיקן אידן. ווי עס זאָל זיך נישט דאַכטן, אַז אין דעם זאָג ליגט די משכילישע אידייע פון „גיין מיט דער צייט", איז עס אָבער אויך קלאָר, אַז אין דעם איז אויס־געדריקט די אידייע פון אידישן המשך, פון גלויבן אין דעם אייביקן קיום פון אידישן פאָלק, וואָס איז „פּושט צורה ולובש צורה", וואָס בייט זיינע פאָרמען, נאָר בלייבט אינערלעך טריי צו זיך.

זאָל מיר דאָ דערלויבט זיין צו זאָגן וועלכע אידייען אין דער אַנטוויקלונג פון די דריי דורות מיין טאַטע האָט אין זינען געהאַט מיט דער וואָרט: זיין פאָטער איז געווען אַ חסיד פון ר' מענדעלע ליובאַ־וויטשער און ער, מיין פאָטער, אַ נאָמען נאָך ר' שניאור זלמן דעם באַגרינדער פון דער דאָזיקער ראַציאָנאַליסטישער און טעאָלאָגיש־פּאַנטעאיסטישער שיטה אין חסידות, איז געווען אַ משכיל און, מיט דעם אויפקום פון פּאָליטישן ציוניזם, אַ ציוניסט, און מיך, זיין זון, האָט ער געקענט פאַר אַ סאָציאַליסט און נאָך דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש — פאַר אַן ענטוזיאַסטישן אָנהענגער פון דער ראַטנ־מאַכט.

דער צד השווה ביי אונדז אַלע דריי, פאַרטרעטער פון די דריי דורות, איז פון איין זייט ענטוזיאַזם און פון דער צווייטער זייט דער געבאָט פון נאָכדענקען, צוויי פּאָליוסן, וואָס ליגן אינעם גרונט פון די דריי דערמאָנטע קולטורגעזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען אין אַ גרעסע־רער מאָס, אפשר, ווי אין אַנדערע באַוועגונגען פון זייער צייט. אין מיין זיידנס חסידות פון „התדבקות" (היסדאַבקוס), פון באַהעפטונג מיט גאָט, ווי עס באַהעפט זיך מיט דעם הימל דער פלאַם וואָס ציט זיך אַרויף, איז אויך געלעגן די „הסתכלות", דאָס אַריינטראַכטן זיך אין דער „הויה" (האַוואַיאָ), אין גאָטס באַשאַף, וואָס איז אין דער זעלבער צייט גאָטס וועזן, ווי די אותיות „הויה" זיינען אויך די אותיות



שניאור זלמן בר׳ שמואל הכהן כ״ץ

געבוירן אין יאָר ה׳תרי״ג (1853)
געשטאָרבן אין ה׳תרצ״ה (1935)

פון „יהוה״ (יעהאָוואַ). אין מיין טאַטנס השכלה, אַ קינד פון דעם אי־דישן ראַציאָנאַליזם זינט דעם רמב״ם און דעם אַלפסי ביז נחמן קראָכ־מאַל און שלומה מימון, איז געליגן דעם פלאַם פון די אידישע נביאים, די פּלאַמיקע וויזיעס וועגן דער צוקונפט פונעם אידישן פאָלק און פון די פעלקער פון דער וועלט. און איך, מיין סאָציאַליסטישן ענטוזיאַזם, צוים טאָג־טעגלעך מיט דער קאַלטער לאָגיק פון אַ רעאַליסטישן זשורנאַליסט און דיאַלעקטיקער פון דער טאַט.

זאָל מיר שוין אויך דערלויבט זיין פעסטצושטעלן נאָך איין צד השווה אין די דריי אידייאישע ריכטונגען, וואָס קייטלען זיך אין איין יחוס־בריוו. די אַלע דריי באַוועגונגען האָבן דורכגעמאַכט זייערע פּע־ריאָדן פון מסירת־נפש, פון קרבן־גרייטקייט. מיר, הייננטיקע, קענען זיך קוים פאָרשטעלן וואָס דאָס האָט געמיינט פאַר די יונגעלייט פון ליטע און ווייסרוסלאַנד סוף אַכצנטן און אָנהויב נײַנצנטן יאָרהונ־דערט איבערגעבן זיך דער חסידישער לערע פון „חכמה, בינה ודעת״ אין די פרום־לומדישע ישיבות, איבער וועלכע עס האָט געוואַכט דאָס אייפערדיקע אויג פון די פאַרביסענע מתנגדים (מיסנאַגדים), די קעג־נער פון חסידות, וואָס האָבן, אין זייער קנאות, נישט אָפּגעשטעלט זיך פאַר מסירה ביים מלכות. אָט דאָס איינערלעכע באַפרייען זיך פון דער קאַזויסטיק צום פילאָזאָפישן דענקען, האָט פאַר אַ סך פון זיי באַדייט חירום, אַרויסגעשטויסן צו ווערן פון דער געזעלשאַפט און פאַרלירן די רבנישע קאַריערע, די „סמיכה״, וואָס דערויף האָט מען געלערנט.

די רוסישע השכלה האָט אפילו געהאַט מער מזל ביי מלכות; זי האָט געהאַט די גוטע געגוינגטקייט פון ניקאָלאַי דעם ערשטן און אַלעק־סאַנדער דעם צווייטן, רוסישע מוסטערן פון דעם אייראָפּעאישן „אויפ־געקלערטן אַבסאָלוטיזם״. דעם ערשטן ווי דעם צווייטן, האָט געלאָקט דער געדאַנק צו האָבן אין רוסלאַנד, ווי פרידריך דער גרויסער אין דייטשלאַנד, זיינעם אַ מענדעלסאָן און די אידישע אַגראַריזירונג אויף די פוסטע שטרעקעס פון דער ניי־רוסישער געגנט, אָקאָרשט פאַרנו־מענע ביי טערקיי, אָן אידייע וואָס איז געפּערדיקט געוואָרן צווישן אידן פון יצחק בער לעווינזאָן און זיינע פּייטערבאַרגער פריינט. דער־פאַר אָבער האָט די השכלה געהאַט אויסצושטיין אַ שווערן קאַמף אי־נעוויינִיק מצד דעם חסידיזם, באַזונדערס אין אוקראַינע און פוילן,

וואו ער האָט באוויזן זיך צו פארוואנדלען אין אַ קאָנטראַליִרנדיקער און דריקנדיקער מאַכט אין די הענט פון די פריצישע אידן, די פּני פון די אידישע שטעטלעך.

עס איז היינט געוואָרן אַ מאָדע און אַ גאַנץ פלאַך אָרט אין דער ליטעראַטור-קריטיק און אין דער אידישער פּובליציסטיק אַרויפצו־ווארפן אויף דער השכלה די גאַנצע שולד פאַר דער אַסימילאַציע ביי אידן. לאָמיר אוועקלייגן אָן אַ זייט דעם פּשוטן אמת, אַז די השכלה אַליין איז געווען נישט מער ווי די גייסטיקע סופּער־סטרוקטור פון דער יענצייטיקער אידישער עקאָנאָמיק; דער וועג פון דער צעעפנטער געטאָ צו דער וועלט, און אין רוסלאַנד — דער איבערגאַנג פון קליינ־שטעטל צו גרויסשטאָט. לאָמיר אויך אוועקלייגן אָן אַ זייט דעם פאַקט, אַז די השכלה, מיט איר פּראָדוקטיוויזאַציע־אידייע, איז די מוטער פון אַלע שפּעטערדיקע פאָלקס־באַוועגונגען ביי אידן, די ציוניסטישע ווי די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע און איז אויך די מוטער פון דער מאָ־דערנער אידישער ליטעראַטור, אין העברעאיש ווי אין אידיש און אַז דער קאַמף גופא צווישן השכלה און חסידיזם האָט געוואַלדיק באַ־רייכערט די אידישע ליטעראַטור; נאָר אין ערגסטן פאַל, טאָר מען נישט פאַרלענען אַ גרויסע אידישע קולטור־באַוועגונג, וואָס האָט געעפנט דעם וועג פאַר אידישער גלייכבאַרעכטיקונג, פאַר אידישער באַווירדיקונג און אידישן נאַציאָנאַלן קאַמף, צוליב אַ געוויסער צאָל אָפּטריניקע ריי־כע געשעפטסלייט און דיפּלאָמירטע, וואָס האָבן פאַרלאָזט די אידישע עדה צוזאַמען מיט איר שפּראַך. נישט זיי דאַרף מען אין זינען האָבן ווען מען רעדט וועגן דער השכלה, נאָר די קעמפערישע משכי־לים, אמתע „גייער אינעם פאָלק", וואָס האָבן זיך מוסר נפש געווען אין די ישיבות און בתי מדרשים, האַלטנדיק די „טרייף-פּאָסלען" אונטער די טאָוולען פון די גרויסע גמרא'ס און דערנאָך אַריינגעבראַכט איז די שטעטלעך דאָס בוך און די צייטונג מיט נישט וויניקער מסירת נפש, אין די באַדינגונגען פון דעם קליינעם שטעטל, וואו דאָס גאַנצע עקאָ־נאָמישע לעבן איז אָפּהענגיק געווען פון דעם חסידיש־נגידישן אידן, דעם תקיף, און חסידות איז שוין לאַנג נישט געווען די גוטסקייט און פּשטות פונעם בעל שם טוב, נאָר די שווערע פויסט פונעם גביר, וואָס האָט געהאַט די „אינדולגענציע" פונעם הייליקן רבין...

דער אומלעגאלער, פארפאלגטער סאציאליזם אין רוסלאנד האט דעריבער געהאט פארשטענדעניש און רעספעקט צו זיך ביי די אי־דעאליסטן פון דער אויפקלערונג, פונקט ווי די משכילים האבן נישט געהאט אויסצושטיין קיין שארפן קאמף קעגן זיך מצד די חבדניקעס און קארלינער חסידים. ווען מיין טאטע, אליין אמאל א פארפאלגטער פון די חסידים, צווישן וועלכע ער האט געלעבט אינעם קליינעם שטעטל, פלעגט נאכט נאכט אויף נאכט דערוואַרטן אן „אבלאווע" פאר זיין זונס סאציאליסטישער אקטואציע אין דער גרויסער שטאט, האט ער עס דעריבער אנגענומען פאר ליב און מיט א געוויסער גאווה, וואס זיין זון קען זיך מוסר-נפש זיין פאר זיין אידעאל, און גערעדט מיט רעספעקט וועגן אונדזער שכנס א זון, וואס איז פארשיקט געווען אויף קאטארגע פאר זיין סאציאליסטישער ארבעט. אט דער רעספעקט פאר דעם מסירת־נפש, פאר דעם אידעאליזם און געוואגטקייט פון די וואס ברעכן די אלטע צוימען פון דער רוסישער רעכטלאזיקייט, וועלכע האט געשטיקט די אידישע מאסן אינעם תחום פון זייערע שטעטלשע פרנסות, איז עס געווען דאס וואס האט די משכילים גענויגט צום סאָ־ציאליזם און נישט ווי אנדערע „מאדערנע" אידישע קולטור־היסטאָ־ריקער ווילן האבן, אז די התקרבות זייערע האט זיך געשאפן אדאנק די אסימילאטארישע טענדענצן, וואס דער סאציאליזם, ווי די השכלה, האבן אין זיך געטראגן.

אמת איז, אז די אוניווערסעלקייט פון דער סאציאליסטישער אי־דייע, איר ארויסהייבן דעם קלאסן־קאמף איבער יעדן נאציאנאלן קאמף און איר שטרעבן צו אינטערנאציאנאלער סאלידאריטעט און ארבע־טער־אייניקייט, האבן געשאפן א גינסטיק פעלד פאר דעם קאסמאָ־פאליטיזם פון די לייכטע פאסאזשירן אין דער צוקונפט אריין און האט דעריבער אויך געדינט, ווי די השכלה, אלס א שירמע און באַ־רעכטיקונג די אסימילאנטן צווישן אידן, וואס זיינען מער אויסן גע־ווען באלדיקן תכלית איידער די צוקונפטיקע ממשלה פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט; אבער קיין איין פארשטענדיקער איד פסלט נישט היינט דעם סאציאליזם צוליב די זינד פון יענע אידן קאסמאפאליטישע און אסימילאנטישע תכליתים־זוכער, וואס האבן זיך אויסבאהאלטן אין די פאלדן פון זיין אוניווערסעלקייט.

וואָס שייך מיר גופא, בין איך אויסגעוואַקסן אין מיין טאַטנס משכילישער שטוב אַן אַפּיקורס, אָבער אָן אַ שמץ אַסימילאַנטישע מחשבות און בין אויך ריין געווען פון זיי, ווען איך האָב מיך געפונען אין די רייען פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. אין די סאָציאַליסטישע רייען בין איך אַריין אַלס ארבעטער און פאַר אַן ארבעטער האָט מיך געמאַכט מיין טאַטנס השכלה, די אידייען פון יצחק בער לעווינזאָן און פון מענדעלע, פון „תעודה בישראל" און פון „ווינטשפינגערל". איך מוז נאָך צוגעבן, אַז איך געדענק נישט איך זאָל געווען האָבן צווישן מיינע חברים „איסקראָווצעס" אידן אַסימילאַנטן. אמת איז נאָר, אַז מיר האָבן אויך נישט געפירט קיין קאַמף קעגן אַסימילאַציע, ווייל אַזאַ פראַגע האָט פאַר אונדז נישט עקזיסטירט. מיר האָבן פּראָפּאַגאַנדירט און אַגיטירט אין אידיש און אין רוסיש, מער אין אידיש מיט דער רוסישער פּאַרטיי־טערמינאָלאָגיע, אַזוי ווי אידן בכלל פלעגן ריידן אידיש אין אַדעס מיט דער טערמינאָלאָגיע פון די רוסישע אינסטיטוציעס און פון די רוסישע צייטונגען.

איך מוז נאָך צוגעבן, אַז אין מיין משפחה איז פרעמד געווען פּאָזע און איך האָב אויך קיינמאָל נישט אָנגעצויגן אויף זיך די פּאָזע פון אַ קעמפער. איך האָב מיך גיכער באַטראַכט ווי אַ שפּענדל, וואָס ווערט געטראָגן מיט דעם שטראָם, כאָטשע איך האָב שטענדיק געפילט דערביי, אַז איך שלעפּ מיט זיך מיט אויך אַנדערע. איך בין קיינמאָל נישט געגאַנגען באַוואוסטזיניק אין סכנה, מקדש השם צו זיין; איך האָב אָבער אויך קיינמאָל באַוואוסטזיניק די סכנה נישט אויסגעמיטן. איך האָב מיך שטענדיק באַטראַכט אַלס אַוועקגעשטעלטן אויף דעם אָרט וואו איך דאַרף זיין און וואו איך מוז זיין. איך פלעג מיך אָפט זען אין דער ראָל פון זשאַן סעוועריען, אַ פאַרשוין ביי אַנאַטאָל פראַנס, וואָס שטייט אינמיטן דער רעוואָלוציע, בעת דער פּאַריזער קאָמונע, ער זעט ווי זי שרייט, די רעוואָלוציע, מיט באַנומענע קולות, ווי די פּאָלקס-פרוי די צעשויבערטע, אויפן מיטן גאַסן, ער זעט אַלץ און הערט אַלץ, אומעטום איז ער דאָ, אומעטום גייט ער, כאָטשע קיינער שיקט אים נישט... ער איז נישט מער ווי אַ באַלמעלאָכישער זון, וואָס האָט זיך אַזוי פיל אָנגעלייענט און ווייסט אַזוי פיל... די רעוואָלוציע האָט אים דאָ אַוועקגעשטעלט פונקט ווי יענע היסטערישע פרוי אויפן מיטן גאַס

און פונקט ווי דעם אלטן לאטיין־לערער, דעם איבערזעצער פון טאר־קוואטא טאסאס „די באפרייטע ירושלים", וואס די קאמונע האט אים אוועקגעזעצט אינעם באשפּייזונגס־קאמיטעט...

אויך מיך האט דער שטראם אוועקגעשטעלט אין מיטן קאמף, האט מיך צוגעטראגן צו א פאראנטוואָרטלעכן פאסטן, שטיי איך אויף אים מיט דער פולער אחריות מיינער. איך שטיי דא וואו איך דארף שטיין און מוז שטיין. וואס איז דאס פאר א שטראם? ס'איז דער גרויסער און אלגעמיינער שטראם, וואס פירט דעם אידישן יונגן מענטשן פון דעם קליינעם שטעטל אין דער גרויסער שטאט, פונעם וואר־שטאט און פון דער רישטאוואניע צו דער רעוואלוציע, צום אויפבוי פון א נייעם אידישן קולטור־ישוב, און איך שטיי אינמיטן אט דעם ישוב, אפשר ווי זשאן סעוורען אינמיטן דער צעשטורעמטער פאריזער גאס און אפשר אנדערש, ווייל עלטער און פארויסבליקנדיקער, און ווייל אויך צוריקבליקנדיק און באנעמענדיק דעם אפּגעגאנגענעם וועג. איך טו, איך קעמף און איך בוי, ווייל אנדערש קען איך נישט, ווייל איך בין א קינד פון מיין פאלק און פון מיין דור און זיי האב איך מיינע חושים און גאר מיין לעבנסלוסט אוועקגעגעבן.

אויב מיין אויטא־רעפרעזענטאציע אדער די רייזע וואס איך מאך דא צוריק אין מיין לעבן, וועט העלפן א סך מיינע חברים קלאר מאכן דעם וועג וואס זיי האבן דורכגעמאכט: פון שטעטל צו גרויסשטאט און צו אמעריקע; פון „מיסטיוועקע" און „ארום וואקזאל" צו די קיע־ווער אומלעגאלע קווארטירן און ווייטער, ווי ביי בערגעלסאנען אדער ווי מיך, פון גראסעלעס דורך די אדעסער „טראקטירן" און „קעלערס" צו אונדזער נייעם אידישן ישוב אין ארגענטינע; פון חדר און השכלה, דורך די מארקסיסטישע קרייזלעך און „באיאוועס" צום אויפבוי פון ארגענטינער אידישן קולטור־לעבן, וועל איך זיין צופרידן און וועל נאך אפשר קענען זאגן ווי מיין טאטע האט געזאגט: „איך ווייס ווער מיין טאטע איז געווען, איך ווייס ווער איך בין און איך ווייס ווער מיינע קינדער זיינען".

פ. ק.

# גראָסעלעס

גראָסעלעס, אָפיציעל גראָסולאָווע, וואָס פרעמדע פאַרבייטן מיט האָצעלעס (וואָליע גאָצולאָווע) — אַ שטעטל נענטער צו פּאָדאָליע, וואָס איז באַרימט מיט דעם גוטן־אידן, וואָס וואוינט דאָרט, דער האָצעלער רבי — איז אין מיינע אינגלשע יאָרן געווען אַ יונג שטעטל. נישט מער ווי אַ פּאָר צענדליק יאָר איז עס דעמאָלט אַלט געווען. און אַזאַ ווייז איך עס דאָ. אַ יונג שטעטל אין אַ יונגער געגנט. די אוקראַאינישע סטעפּ־געגנט אָדער נײַ־רוסלאַנד, צווישן דעם בוג און דעם דניעסטער, ביים שווארצן ים.

צאַר ניקאָלאַי דער ערשטער האָט די יונגע געגנט — אַ פּאַרנו־מענע ביי טערקיי אָנהויב דעם 19־טן יאָרהונדערט — צעשאָנקען צו פּאַרדינסטפולע פירשטן, וועלכע האָבן די ערד, פון זייער זייט, פאַר־קויפט צו אַלערליי פּריצים, דערין אויך אידישע גוטבאַזיצער; ער האָט אויך געעפנט די געגנט פאַר דער איבערוואַנדערונג פון אידישע און דייטשע קאָלאָניסטן, פאַר מאָלדאַוואַנעס, סערבן און בולגאַרן, פאַר ערדלאָזע אוקראַאינישע פּויערים (מיעשטשאַנעס) און פּראַוואָסלאַווגע פאָלאַקן (ליאַכעס), און האָט אַהין פאַרשיקט רעבעלישע קאַצאַפּעס (אַלטגלוביקע רוסן, קעגנער פון דער רעפאָרם אין דער פּראַוואָסלאַוו־נער קירכע) און אַנדערע סעקטאַנטן.

אַוועקגעשטעלט האָט זיך דאָס שטעטל צווישן אוקראַאינישע, מאָל־דאַווישע און קאַצאַפּישע דערפער און דייטשע קאָלאָניעס אויפן סאַמע „טראַקט״, אויף דעם ברייטן שליאַך, וואָס ציט זיך פון באַלטע צום

שוואַרצן ים, צו אַדעס, וואָס איז אונטערן טערק געווען אַ קאָנטראַ־באַנד־האַפן. געצויגן האָט זיך דער שליאַך לענגאויס דער „באַלקע", אינעם טאָל לענגאויס דער שורה נישט הויכע בערג, וואָס מען האָט זיי מיחס געווען צו די קאַרפּאַטן. דורכגעקרייצט האָט דאָס שטעטל און דעם „טראַקט" אַ צווייטער וועג, וואָס האָט פון איין זייט, פון מערב, געפירט צו דער קרייז־שטאָט, טיראַספּאָל ביים דניעסטער, איבער עט־לעכע קייטן בערג און פון דער צווייטער זייט, אין מזרח, צו דער באַן־סטאַנציע, וועסיאָלע קוט. דער בענדערער וועג, ווי מען האָט אים גע־רופן.

„קאַזנאַ" האָט געלייגט די „קאָליע" (די אייזנבאַן) צווישן אַדעס און קיעוו, אין יאָר 1868, ווי מיט אַ כיון אַ צענדליק ווערסט ווייטער פון דעם אַלטן שליאַך און פון דער ריי שטעטלעך, וואָס האָבן זיך אויף דעם שליאַך אוועקגעשטעלט. די כוונה איז אפשר געווען, אַז די באַן זאָל נישט מיטאַמאָל צונעמען די זייטיקע פּרנסה ביי די פּויערים, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט טראַנספּאָרט, ווי אויך ביי די אידישע באַלע־גאָלעס און אפשר אויך כדי צו האַלטן די ישובים וואָס ווייטער פון דער ציוויליזאַציע...

געווען זיינען די גרינדער פונעם שטעטל אייניקע אידישע שטאַם־פאַמיליעס פון דער געגנט: גוטבאַזיצער, אַרענדאַרעס, דאָרף־שענקער און באַלעגאָלעס און אָנגעפּאַרענע תבואה־סוחרים, אָקסן־הענדלער און פעל־הענדלער, קרעמער, באַלמעלאָכעס, מאַרק־הענדלער און כלי קודש פון פּאָדאָליע, קיעווישינע און וואָלין און אויך אַ פּאָר ליטוואַקעס, ווי אַן עקזאָטיש פּינטל אויף דעם אַלגעמיינעם עטנישן הינטערגרונט. פאַרשטאַנען האָבן זיי אוועקצושטעלן דאָס שטעטל אויף אַ זייער מאַלערישער פּאָזיציע: אויף אַ טעראַסע לעבן אַ טייך, וואָס ציט זיך צווישן די בערג אויפן סאַמע וועג. דאָרט, קענטיק, האָט זיך די ערשטע קרעטשמע אוועקגעשטעלט.

איבער אָט דעם וועג, פון צפון צו דרום, פירט מען „מיט דער אַקס" די תבואות פון דער גאַנצער געגנט צום אַדעסער האַפן און צו־ריק פירט מען „באַקאַליי" און שניט־סחורה פאַר די שטעטלשע קראָמען; איבער אָט דעם וועג פאָרט מען אויף די יאַרידן, וואָס שטעלן זיך אין די שטעטלעך און אין די גרעסערע דערפער פון דער געגנט מיט טאָג־

דעם און מיט שטיוול, מיט שניט־קראַם און מיט צעלניק. מיט דעם אַנדערן וועג צו מערב, קיין טיראַספּאָל, פירט מען די זין שטעלן צום מיליטער און מען באַגלייט די אָפּגעגעבענע פאַר זעלנער מיט געוויין. מיט אָט דעם וועג אַריבער די בערג פירן קאַצאַפּעס אין שטעטל אריין „אַנטלען" ווייַן פאַר די שענקען און פולע וועגענער פרוכטן אַסיענדיקע, עפּל און טרויבן און סטעלניק און פעסלעך האָניק אויף „ספּאַס". און אויף די ווינטערדיקע מאַרק־טעג — נים און פלוימען געטרוקנטע. מיט דעם וועג פירן זיי אויף די יאַרידן זייערע בוידן מיט שניט־סחורה און טעפּעריי, מיט געפּאַרבטע הילצערנע לעפל און שיסעלעך, מיט איקאָ־נעס און ליטעראַטור: די מעשיות וועגן באָווא קאָראָלעוויטש און איוואַ־נושקאַ דוראַטשאָק, די וויצן פון באַלאַקירעוו און די פּאָעמען וועגן דעם הכם אָליעג און דעם גבור איליאַ מוראָמעץ, די בילדער פונעם קייסער מיט דער קייסערינע און פון ניקאָלאַי טשודאָטוואָרעץ (דער בעל מופת). מיט די וועגן לאָזן זיך אַוועק יעדן נאָך זונטיק אידן גייער איבער די דערפער, שווערע בערדיקע אידן, מיט אַ שטעקן אין דער האַנט און אַ זאַק אויף די פּלייצעס און צוריק קומען זיי יעדן פרייטיק צו זייערע היימען מיט אַ דרייערל אויף שבת.

די וועגן זיינען אויך די הויפּט־גאַסן פונעם שטעטל, וואָס שטייט אויף דער טראַסע אָפן אויף אַלע פיר זייטן און קוקט אַרויס צו די דערפער, וואָס צופוסנס די בערג און אַריבער זיי; קוקט אַרויס אויף דער פּרנסה, וואָס דאַרף פון זיי קומען; קוקט אַרויס מיט די אָפענע טירן פון דער צווייזייטנדיקער ריי קלייטן אויפן מיטן מאַרק־פּלאַץ פאַר דעם קלויסטער און מיט די שענקען קעגניבער די קלייטן; קוקט אַרויס פון די זעמליאַנקעס מיט די קליינע שייבלעך,ביים טייך, וואו מען נייט די גאַנצע וואָך שטיוול און בורקעס צום זונטיקדיקן יאַריד און קוקט אַרויס מיט די גיריקע אויגן פון די „שעפּעטיניקעס", פון אָט דער מחנה מאַרק־מענטשן, וואָס לעבן פון „חילוף".

איך מוז דאָ געבן אַן אויפקלערונג וועגן אָט דעם מין מסחר, פון וועלכן עס האָט געצויגן חיונה אַ היבשע גרופּע שטעטלשע אידן און איז געווען דער ערשטער אַרויספאַר אינעם מסחר פון זעלבסשטענדיק־געוואָרענע שטעטלשע יונגעלייט. דער שעפּעטיניק וואַרט אָפּ דאָס פּויע־רישע פורל זאָל אַרויפקומען אויפן מאַרק, נישט געאיילט באַטאַפּט ער

עס, פרעגט אויס וואָס דער פויער פירט און נאָך לאַנגן דינגען זיך און נאָך דעם ווי אַנדערע קאָלעגן זיינע האָבן דאָס אויסגעטאַפּט און געדונגען, ווערט ער מושווה מיט דעם „ערל" וועגן פּרייז, שטענדיק העכער דעם קורס און פאַרפירט דאָס צום גרויסן תבואה־אויפקויפער, פאַר וועלכן ער אַרבעט, צום אָפּוועגן און באַצאָלן. דאָס הייסט אויך, אַרויסצובאַקומען פאַר זיך און פאַר זיינע קאָלעגן, וואָס האָבן אויך געטאַפּט דעם וואָגן, די עטלעכע קאָפּיקעס ריווח דורך דעם „חילוף", פּשוטער גערעדט, דורך שווינדלען אויף דער וואָג און ביים חשבון.

דאָס שטעטל קוקט אַרויס איבערהויפּט אויפן מאַרק־טאָג, אויפן זונביק. פאַרוואַנדלט ווערט עס דעמאָלט אין אַ ים מיט פערד און וועגענער און פּילפאַרביקן עולם, אין אַ צעשטורעמטן ים פון קולות און קאָלירן.

פונעם קלויסטער אָן, וואָס הויבט זיך אַרויס מיט זיינע גרינע ציבעלע־שפּיצן און ווייסע ווענט פון די אַקאַציעס, וואָס רינגלען אים אַרום, אָן אַרומגעגרויזעטער מיט אַ שטיינערנעם באַצלמטן פּאַרקן ביים אַרויפקום אין שטעטל, הייבט ער זיך אָן, דער דאָזיקער פּילפאַרביקער און פּילקולותדיקער ים. דאָ שטעלן זיך אָפּ די פויערישע פורלעך מיט תבואה און דאָ שמייען אַרום די שעפּעטיניקעס און כאַפּן: „שאָ מאַיעש פּראָדאַוואַטע?" (וואָס האָסטו צו פאַרקויפן?) און דאָ קומען צולויפן די קרעמער פאַרכאַפּן ביי די פויערים זייערע פלעשער אויף נאַפּט און אויף בוימל, זייערע „מאַזניצעס" אויף שמירעכץ פאַר די רעדער, כדי זיי זאָלן נישט פאַרטראָגן זייער פּדיון צו אַ צווייטן קרעמער...

דער גערויש איז דאָ אַ שטילער, אַן איינגעהאַלטענער, נישט אַזוי אויס רעספּעקט צום שטרענגן און גאַוועדיקן קלויסטער, נאָר ווייל אַזוי פּאָדערט דאָס מין מסחר: דער פויער איילט זיך נישט פאַרקויפן, שוויינגט ער און וואַרט פאַרעקשנט אויף אַ בעסערן סוחר און דער סוחר איילט זיך נישט קויפן, ער וויל דעם פויער איינמידן, דאָס דינגען זיך גייט דאָ כמעט אויפן אויער, מען שרייט נישט אויס די פּרייז, וואָס איז שטענדיק אַן איבערגעזאָלצענע, מיט דעם אויסקוק אויף אָפּצונעמען ביי דער וואָג. דאָ ווערטלט מען זיך מער. גרויסע ווערטלזאָגער זיינען זיי, די שעפּעטיניקעס. אוקראַאינישע ווערטלעך געפלאָכטן מיט אידישע

קרייצן זיך דאָ און עס טרעפט זיך אָן אידישע שטעטלשע פּקחות מיט פויערישער דאַרפישער תמימות און עקשנות.

שרייען וועלן ערשט ביידע צדדים אין די „מאַגאַזאַנעס" — אין די תבואה־שפּייכלער, וואָס שטייען טיף אין די הויף אריינגערוקט אָדער אין אַ צווייטער גאַס — ביים וועגן און רעכענען. דאָרט ווייזן ארויס שעפּעטיניקעס זייערע פעאיקייטן, זייערע העכסטע פאַך־קענטעניש, ווי צו וועגן אויף די „נייע וואָגן", וואו פיר פונט איז אַ פּוד און מען רעכנט אַראָפּ פון דעם געוויכט פיר פונט, די וואָג פון אַ זאַק, דאָס הייסט, די „טאַרע" און פויערים וועלן שרייען און זידלען דעם „זשיד מאַשעניק" און הייסן וועגן אויף דער אַלטער גרויסער וואָג, וואָס מיט די הילצערנע ברייטע קוואַדראַטנע טעלער אויף שטריק אָנגע־האָנגען, וואו אַ פּוד איז אַ פּוד, און ערשט אויף יענער וואָג וועט ער „באַחשבונט" ווערן און „געבן דעם אידן צו פאַרדינען"...

דאָס גרויסע דינגעניש הויבט זיך אָן ביי די קלייטן מיט די שוואַרצע בלעכן „דיאָכט" און פעסלעך נאַפט ביי די טירן, מיט די שטריקענע שפּאַן־צייג באַהאָנגענע: „שלייעס" און „פּאַסטאָראָנקעס" און בייטשן, דאָרט וואו קרעמער מעסטן מיט די פּאַרפּאַפּטע מאָסן דאָס שמירעכץ אין די פינצטערע „מאַזניצעס" אריין, און אינעווייניק אין די קראָמען, וואו קרעמער פאַרקויפן צוקער אונטערן קאָסט־פּרייז און זוכן דעם ריווח אויף דער וואָג, און פויערים פאָדערן אַ „פּאָכאָד". אָן איבערוואָג, הייסט עס. דאָ גייען פויערים פון קלייט צו קלייט זוכן וואו ביליקער און וואו ס'איז אַמביליקסטן, דאָרט ווערן זיי אַמערסטן אָפּגענאַרט. דאָ גנבעט אַ פויער אַ הערינג פונעם פעסל און רוקט אים אריין אין בוזים און אַ קרעמער, וואָס איז „רואה" (אידן רעדן צווישן זיך לשון קודש אין געשעפט), כאַפּט אים בעת מעשה און עס ווערט אַ סקאַנדאַל; סיידן דער קרעמער איז גוט געשטימט און ער גיט אים אַ שעם צו, שטיל אַז קיינער זאָל נישט הערן: — טשאַלאָוויטשע, נאַ טים סוויטי בודוט שטורכאַטע... אויף יענער וועלט, הייסט עס, וועט מען דערפאַר געבן אין די זייטן... און קעגניבער גייען אום שיסטער מיט שטיוול אריבערגעוואָרפן איבער די אַקסלען צווישן די פויערים ביי די שענקען, פּאַטשן צו דעם מקח מיט זייערע האַרטע שיסטערישע דלאָ־ניעס אויף פויערישע און מען טרינקט „מאָהאָריטש". אידן בייסן צו

מיט שבתדיקער הון, וואָס די ווייבער גיבן זיי מיט, און פּויערים מיט „וועטשינאַ” און „סאַלאָנינע”, וואָס זיי טראָגן אין די בוזימער.

נאָך רווישיקער ווערט דער מאַרק ביי די קאַצאַפּישע און אידישע „פּאַלאַטקעס” מיט שניט־קראָם, אויף דער ערד אויסגעלייגטע און אין די ראַפּטן, וואו סיטעצן און פּאַטשיילעס בלענדן דאָס אויג מיט זייערע קאָלירן; עס שרייען די פּויערטעס, וואָס דינגען זיך, עס שווערן זיך די קרעמער און שרייען און עס שרייט די סחורה, ווען מען רייסט זי אָפּ פאַרן קונה. ווייטער שרייען און ווייזן זייערע קונצן ביים אָנמעסטן די טאַנדייטניקעס, וואָס פאַרקויפן פאַרטיקע שעפּסענע פּעלצן און גע־ווענטענע בורקעס, שעפּסענע קוטשמעס און היטלען מיט גלאַנציקע דאַש־קעס; און אָט איז דער צעלניק מיט זיינע שרייענדיקע גרין־רויטע גאַ־רוסענע גאַרטלען, מיט זיינע האַרמאָשקעס, געמאַליעוועטע ביכלעך און בילדער הייליקע, קרייענדיקע צינערנע הענעכלעך און „קניפּעקלעך” און סטענגעס רויטע און גרינע, וואָס ציען צו דאָס דאָרפישע יונגוואַרג...

דאָ האָט זיך אויך אַוועקגעזעצט אַ בלינדער בעטלער מיט אַן ערד־קאָלירענעם פּנים און עטלעכע גרויע הערעלעך אויפן געלן קאָלן קאָפּ, דרייט די „לירע” און זינגט דאָס ליד פונעם בלינדן לאַזאַר און רייסט אַלעמאָל איבער מיט אַ געבעט: „דאַיטע קאָפּיאָטשקו!” (אַ קאָפּעקעלע גיט!...) און פּויערטעס גייען פאַרביי און וואַרפן אַריין אַ מטבע אָדער אַ בייגל אין דעם געמאַליעוועטן שיסעלע, וואָס שטייט פאַר אים. אַ „שוליער” האָט אויסגעשפּרייט אַ טיכל אויף דער ערד און ווייזט אַ קונץ מיט דריי קאָרטן אָדער מיט אַ פּעפערל אונטער דריי פינגערוטן: „זאַקרוטשו, זאַווערטשו, סאַם טשאָרט ניע נאַידיאָט” — שרייט ער גיך ווערטלדיק און אויך אַזוי גיך דרייט ער מיט די פינגערוטן און פּויערים קומען צו פּרואוון זייער מזל און גייען אַוועק און שילטן און באַוואונדערן... הינטן ווייטער, האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַ „קוקאַלנע קאָמעדיע”. אַן אַקטיאָר, אַ מענטש מיט ראַזירטע וואָנציעס, מעלדעט אַז ער וועט פאָרשטעלן „וואַנקאַ רוטוטיו” און דער עולם קוקט פאַר־גאַפּט ווי אויף דעם זוים פון אַ שירמע זיצנדיק, וויינט פּעטרושקאַ אויף זיין ביטערער דאָליע, אַ באַזיגטער פון זיין ריוואַל, דעם הפקרדיקן ליובאָווניק. ביי דער זייט, אין מיטן אַ ברייטן קרייז, אַרבעט אַ גאַנצע משפּחה קונצנמאַכער אין טריקאָטעס; דער מאַן, אַן אַטלעט, אַ פאַר־

ברוינטער, א פארשוויצטער, רוקט א ברייטע שווערד אין מויל אריין, הייבט אויף א קינד אויף א הויכן שטאנג און האלט דעם שטאנג אויף די ציין און דאס ווייב קוליעט זיך איבער און גייט ארום מיט דעם מעצעלע צווישן עולם. אינמיטן כאפט זיך איינער, אז מען האט אים דאס ביימעלע מיט געלט ארויסגעגנבעט און מען לאזט זיך לויפן נאכן גנב... טרעפט אויך אן אקציזניק באווייזט זיך, גייט ארום פרעגן אויף „בלעטלעך", דאס הייסט, אויף האנדלס־דערלויבענישן און קרעמער נעמען שנעל צונויף די שטעלעכלעך. „דער רויב־פויגל איז אנגעפלויגן" — זאגן פויערים און באדויערן די ארימע קרעמער, וואס וועלן מוזן דעם גאנצן פדיון זייערן אוועקגעבן דעם שד...

ווייטער־צו האבן זיך אוועקגעשטעלט קאצאפעס מיט פולע ווע־געגער פרוכט. אנהויב זומער — קארשן און ווייכסל, בארלעך און זארזעלעס (די שטעטלדיקע באַרישניעס רופן זיי אויף רוסיש „זשאר־דיעלי" און די פאכלייט — „סקאראספיעלקי") און מיינען מיינט עס אזא פריער מין קליינע אבריקאסן, וואס פון זייערע קערלעך מאכן מיר אינגלעך סוויפטשערלעך, אויסרייבנדיק אין זיי א לעכל אויף א גלאטן שטיין, און פון זייערע יאדערן, זאגט מען, מאכט מען כינע, אזוי בי־מער זיינען זיי. דא פארקויפט מען אלץ אויפן עמער. אוגערקעס פאר־קויפט מען אויפן זאק אדער פורן־ווייז און אזוי אויך גרינע עפל צום איינזייערן אויף קוואס. אסיען־צייט שטעלט זיך דא א גרויסער מארק פון עפל, פון פלוימען, אונגארישע און גאלדאנעס, וויינטרויבן, פעריש־קעס, דרען און גוטעסן, אלץ אויפן עמער און אויפן זאק. באלעבאסטעס גרייטן פון זיי אויף ווינטער איינגעמאכצן און פאווידלע, באלעבאטים שטעלן איין וויין אליין אויסגעקוועטשטן... די בולגארן ברענגען אהער פון זייערע באשטאנעס קאווענעס און קאבאקעס, פאמידארן און האר־בע פעפערס אלערליי, וואס מען פארקויפט דא אויף דער קופע... דא איז דער גערויש אן איינגעשטילטער, נאר איר הערט שוין א ווייטן גערויש, וואס דערטראגט זיך אהער פון דער „טאראהאוויצע" מיט א הירזשען פון לאשיקעס און כרויקען פון חזרים, מיט א סוויפטש פון ליוועראנטן און ציגיינער, וואס לאזן לויפן זייערע פערד און קנאקן צו מיט דער בייטש...

דא פארהאלט זיך אביסל דאס אינגל, ער איז שוין ווייט אוועק,

נאָר ער בלייבט דאָך שטיין און קוקט זיך צו ווי א איד א באַלעגאָלע פּאַרייסט ביי א פערד דעם פּיסק און קוקט אים אריין אין די ציין, ווי א קצב טאַפּט א בהמה און פאַרייסט איר דעם עק און ווי פּערציק־פּודיקע קאַצאַפּעס וועגן אויף די גרויסע הילצערנע וואָגן פּופּציק־פּודיקע חזירים.

ער איז שוין צו ווייט אוועק, דאָס אידישע אינגל, ס'איז שוין באַלד דער גויאישער דאָרף. אויפן נידעריק אַרומגעגרויזעטן פּריצישן שייער, וואו זומער אינדערוואָכן זשומעט די דרעשמאַשין ווי א ריזיקער זשוק און מאַכט פול די לופט מיט פּאַלאָווע און שטויב, האָבן זיך אויסגעזעצט שקאָצים און שיקסעס; שקאָצים אין ווייסע העמדער מיט אויסגענייטע קעלנער, אין פאַרשפּיליעטע זשיליעטן, מיט גלאַנציקע דאַשקעס ביי די קאַרטוזן און גלאַנציקע שטיוול איבער די ברייטע הויזן און שיקסעס אין רויטע „באַסקעס" און גרינע „יופּקעס", מיט שוואַרצע סאַמעטענע פּאַסן אַרומגענייטע, קנאַקן קערלעך און מען קנייפּט זיך און מען קייכט פּאַר געלעכטער און מען „הירזשעט" ווי די צעיאָגטע לאָשעקעס...

ער איז צו ווייט אוועק, דאָס אידישע אינגל, און ס'איז שוין טאַקע שפּעט, די זון הויבט זיך שוין אָן זעצן, פּויערים נעמען אויספּלאָנטערן זייערע וועגענער, אַריינגערוקטע איינער אין צווייטן מיט זייערע דיישלען און קלייבן זיך אהיימפאָרן. אונטערגעטרונקענע, עטוואָס פאַרטראַכטע און נישט ניכעדיקע, טרייבן זיי אָפּ די פערדס קעפּ פון די אָנגעהאָנגענע טאָרבעס מיט אָברעק און דרייען זיי אויס צום איינשפּאַנען. אויס יום־טוב!...

אזא איז דער זונטיק־טאָג אין שטעטל. א טאָג פון פּרנסה, א טאָג פון פּארב און באַוועגונג.

אינמיטן דער וואָך לעבט דאָס שטעטל פון אייגענעם זאַפט. אינמיטן דער וואָך גייען באַלעבאָסטעס גאַנץ פרי אין יאַטקע נאָך פלייש און פאַר די יאַטקעס ליגן הינט מיט אַרויסגעשטעקטע צינגער און וואַרטן אויף א ביין און סעדיכעס, וואָס פאַרקויפן א גלעזל אַגרעסן פאַר א קאָפּיקע, קברות־באַרלעך אָדער עפּעלעך צוגעשלאָגענע, זידלען זיך און שווערן זיך און די משוגענע האָדיע זיצט און לויזט זיך און דאָס מויל אירס איז א מינוט נישט שטיל; זי דערציילט וואָס אין

יעדער שטוב טוט זיך און טרעפט יעדן אין פינטל אָדער זי צעזינגט זיך אינמיטן דערינען, זינגט אויס אידישע תפלות און גויאישע לידלעך, ביז עמיצער רופט זיך אָן מיט א וואָרט צו איר און זי נעמט שילטן מיט טויטע קללות אַלץ און אַלעמען...

אינמיטן דער וואָך גייט א אידישע מאמע מיט איר טאָכטער, דאָס כלה־מיידל, אין דער גרויסער שניט־קראָם אָנקוקן וואָל אויף א קליידל... אינמיטן דער וואָך קומט א קינד אין קלייטל קויפן א הערינג, א פונטל צוקער און אַן אכטל טיי, פאר א קאָפּיקע פעפער און זויערזאַלץ צום באָרשט אָדער עפּעס צום וואַרמעס אין חדר. דאָנערשטיק און פרייטיק זיינען טעג פון אידישן פדיון אין די קלייטלעך: אידענעס קומען קויפן מעל אויף ברויט און אויף חלה, גרויפּן פאַרן טשאָלנט און פאַסאָליעס אָדער נאוט אויף צימעס, ראָזשינקעס צום קוגל און ליכט צום בענטשן... פרייטיק שטעלט זיך א פיש־מאַרק, פיש אויף שבת, מערסטנס קאַרעסן און שלייענעס פון אייגענעם גראָסעלער טייך; ווייניקער, בלויע העכטן און גאָלדענע קאַרפּן פון דעם ניט ווייטן מאַרקאיסער טייך אָדער ווייסע דניעסטער־פיש; אונטער א יום־טוב בלויז, ים־פיש: סודאַקעס, העכטן און שוואַרצן ים־קאַרפּ...

אינמיטן דער וואָך זאַמלען זיך קרעמער און שעפּעטיניקעס פאַר די קלייטן, וויצלען זיך, ווערטלען זיך און קרעמערקעס זיצן פאַר די טירן, שטריקן א זאָק און טרייבן רכילות. יאָוועט זיך א גוי אַן איינזאַמער, וואָס איז געקומען אין שטאָט אריין א פּעקל מאַכאָרקע קויפן, מאַכט מען מיט אים שפּאַס, מען נעמט אים אויף דער „העצקע”, מען מען האָצקעט אים אויף א שטעקן, און מען הייסט אים באַצאָלן, אין שפּאַס, נאַטירלעך... אַז נישט, זעצט מען זיך אויס אין א רעדל פאַר א קראָם און מען הערט אויס די מעשיות פון דעם אַלטן משה פּאָטשטאַר, אַ איד וואָס האָט געהאַלטן די „פּאָטשט”, דאָס הייסט, געפירט טשינאָווניקעס, דעם פּריסטאַוו און דעם אַקציזניק, ווען גראָסעלעס איז נאָך געווען א ליידיק שטיק פּלאַץ, האָט נאָך נישט געהאַט, נישט קיין סטאַן (1) און נישט קיין וואָלאָסט (2) און בלויז א סטאַנציע אויף צו

(1) פּאָליציי־אָפּטיילונג. (2) דאָרפישער געריכט.

בייטן די פערד און געבן נאכטלעגער די רייזנדע באַאמטע. דערציילט האָט ער מעשיות, וואָס האָבן זיך געקענט פאַרמעסטן מיט די גוזמאות פון דעם גראף פאָן מינכהויזן. חברה לצים דערמאָנען אים אָדער טראַכטן צו איין גוזמא נאָך דער צווייטער און ער פּאַטאַקעוועט אויף זיין כאַכ־לישן אידיש: — אָ, קינדעניו, אָ! — אָ צע וואָנאָ! — כאַפּן אונטער לצים און ער באַגייסטערט זיך מיט זיינע אייגענעם מעשיות אַזוי, אַז ער מערקט נישט, ווי איינער נאָך איינעם איז מען זיך פונאַנדערגע־גאַנגען און אים איבערגעלאָזט דערציילן די מעשה פאַר זיך אַליין...

משה פּאַטשטאַר קוקט זיך אַרום און צעלאַכט זיך פון דעם שפּאַס, וואָס מען האָט אים אָפּגעטון. ער איז אַ איד אַ גבר, אַ הויכער און אַ געשטרעקטער, און אַ לוסטיקער. איך געדענק, ווי ביי מיין פעטער אויף אַ קנס־מאָל, ביי מיין זיידן אין שטוב — איך בין דעמאָלט, לויטן חשבון, נאָך קיין דריי יאָר נישט אַלט געווען — האָט ער געקלאַפּט מיט אַ קאַטשעלקע אין אַ מעשענער טאַץ אין וועלכער מען פּרעגלט וואַ־רעניע, צוהעלפנדיק וואַסילקע דעם קלעזמער, וואָס האָט געשפּילט אויפן פידל. דערנאָך האָט ער פאַרשטעקט די פּאָלעס פון דער קאַפּאָטע אין גאַרטל, אַריינגענומען די באָרד אין מויל, אַזוי אַז ס'האָבן זיך געביל־דעט צוויי גראָבע פּריצישע וואָנציעס און ער האָט זיך געלאָזט גיין אַ קאַזאַטשאָק...

אַן אַנדער איד פון די אַלטע תושבים און פון די אַלטע שעפּעטיני־קעס, משה שאַמשנס, אַ איד אַ פּיקח און אַ ווערטלזאָגער, לעצעוועט פון זיין ווייב, די טויבע לאה, אַז זי „הערט די וועלט פאַר אַ פּיאַטאַק"... אַז זי פּירט זיך „קריסטלעך": זי זאָלצט נישט קיין פלייש, וואַשט אַליין וועש און גייט שוין אין מקוה אַריין אויך נישט... ער מאַכט נאָך ווי חיים טאַראַטוט, דער הורטאָוונע קרעמער, ביי וועלכן עס קויפן איין די גראָסעלער פּריצים פראַנצויזישע סאַרדעלן, גרינע איילבירטן אין די סלאָיעקלעך און ריין־וויין, גייט אים אַנטקעגן מיטן בויך פאָרויס, ווען ער קומט אַריין צו אים אין קראָם. — ער גייט אַריין אויפקלייבן ווייכן פּאַק־פּאַפּיר אויף נקיות. — וואָס טוסטו עפּעס משה? — און שטופּט אים אַרויס מיטן בויך פון דער קראָם. אָדער ער דערציילט ווי אַזוי אַט דער פרומער חיים טאַראַטוט איז נישט ביי געשטאַנען דעם נסיון און האָט זיך צעשריבן אום שבת אויף דעם געלט, וואָס ער האָט

באַקומען פאַר צושטעלן זעק בעת קאַזנאַ האָט געבויט די בריק איבערן גראַסעלער טייך...

אין די וואָכנטעג קומען אידן צו מיין טאַטן אין קלייטל הערן נייס פון די בלעטער. — וואָס זאָגט דער „צפיר", זלמן? — פרעגט איציק קלמן, אַן עלטערער שפּעטיניק מיט אַ ציגן בערדל — און שטופּט שוין טאַקע אַריין דעם קאָפּ אין דער „הצפירה", וואָס דער טאַטע לייענט. און דער טאַטע איז אים מסביר די ענגלישע אויסערן־פּאָליטיק פון גלאַדסטאָן און סאַליסבורי מיט דעם טערק, וואָס מען רופט אים „האדם החולה של איירָאָפּע", ווי סאַקאַלאָוו קלערט דאָס אויף אין זיין שטענ־דיקן פּאָליטישן אַרטיקל, וואָס טראָגט דעם נאָמען „דברי הימים"... אין די טעג פונעם דרייפוס־פּראָצעס איז דעם טאַטנס קלייטל פול מיט ניי־געריקע אידן און אויך אַזוי ווען עס האָט זיך דערטראָגן קיין גראַסעלעס די ידיעה, אַז דער באַראָן הירש האָט געקויפט גרויסע שטרעקעס לאַנד אין אַרגענטין, אַ זייער ווייט לאַנד, אַ ווילדערניש, ערגעץ אין „אַמערי־קה הדרומית" און וויל דאָרט באַזעצן דריי מיליאָן אידן און אַז דער קייסער איז מסכים מען זאָל אַרויספירן אַלע אידן פון רוסלאַנד...

פרייטיק טראָגן זיך איבער די שמועסן אין „מרחץ" אַריין, וואו אידן גייען זיך רייניקן און שייערן און ווייס וועש אָנטון לכבוד שבת. ס'איז אַ באַזונדערער אידישער תענוג, דער מרחץ, וואָס פויערים ווייסן נישט פון אים, פונקט ווי זיי ווייסן נישט פון דעם תענוג וואָס הייסט שבת, צו וועלכן דער מרחץ איז אַ פאָרשפּיל.

דאָ ביים אויסטון זיך אויף די לאַנגע בענק און אָנוואַרפן איין אָנטון אויפן צווייטן — וואָס פאַרבייטן זיך אָפט און ווייבער מוזן דערנאָך שיקן איבערבייטן די פאַרביטענע מענערשע העמדער — גייט דער שמועס טאַקע אַרום דער באָד, וואָס איז דער „סלע המחלוקת" פונעם שטעטל און מען שרייבט וועגן איר אין די בלעטער.

די באָד איז אַלט, אינעווייניק איז זי שוין שוואַרץ און עס קאַ־פּעט פון דער סטעליע מיט קאַלטע טראָפּנס פון דער אָפּגעקילטער פאַרע, אַזוי אַז יעדער קאַלטער טראָפּן אויפן הייסן לייב איז אַ פּיין, וואָס צו איר האָבן זיך נאָך אפילו די אינקוויזיטאָרן נישט דערטראַכט, און אַ מיאוסער ריח טראָגט זיך פון אירע הילצערנע ביטלעך, פון אירע שעפּעלעך און בעזימלעך, מיט אירע שמיים־בענק און איר מקוה. אַרום

דער באָד גייט אַ קאַמף צווישן אַלט און ניי, צווישן די קאָנסערוואַטי־ווע פּני און די פּראָגרעסיווע יונגעליים. בעני נאַטעם, דער עלצטער זון פון דעם פאַרשטאָרבענעם אידישן גוטבאַזיצער, פּלאַנעוועט אַ נייע מקוה, אַ „באַסיין" רופט ער זי, אויף צופּיקעניש די חסידים, וואו דאָס וואַסער זאָל זיך שטענדיק בייטן און זיין פריש. די פרומע אידן האָבן מורא, אַז אַזאַ מקוה וועט נישט האָבן די נויטיקע „מם סאה" (פּערציק מאָסן) וואַסער, לויטן דין, און בעני נאָטעם ווייזט זיי אויף, אַז דאָס קען מען מעכניש דורכפירן. שרייען די פרומע: טעכניקע שמעכניקע און חברה לצים וויצלען זיך, דערציילן שמאַלציקע אַנעקדאָטן פון רביים מיט חסידים און טייטשן פסוקים מיט פריוואַלע טייטשן...

די באָד שטייט ביים טייך, צופוסנס דער טעראַסע, אויף וועלכער גראָסעלעס האָט זיך אוועקגעשטעלט און מען מוז צו איר אַראָפּלויפן. אַז מען זאָגט אין גראָסעלעס „אידן לויפן אין מרחץ אריין", איז עס „פשוטו כמשמעו", ווי רש"י זאָגט, אינעם בוכשטאַבלעכן זין פון וואָרט. מען לויפט אַראָפּ מיט דעם ווייסן וועש אונטערן אָרעם און מען קלע־טערט אַרויף צוריק מיט דעם קלומיקל קויטיקן וועש אין דער האַנט, ווי אַ קגויל אין אַ העמד־אַרבל פאַרשטעקט, אָבער שוין מיט דעם אָפּגעלייגטן ווייסן העמד אַריבער דעם קאָלנער פון דער וואָכעדיקער קאַפּאָטע, אַן אויסגעוואַשענער, אַ שיינענדיקער. מען לויפט אַראָפּ אַ וואָכעדיקער און מען קומט אַרויף אַ שבתדיקער. אין די הייזער שטייען שוין די אָפּגעריבענע מעשענע לייכטער אויף די באַדעקטע טישן, די ערדן זיינען פריש אָפּגעשמירט מיט ליים און מיט געלן זאַמד באַ־שאָטן, די משאָלענטן שטייען שוין אין די אויוונס פאַרזיגלטע מיט ליים, נאָר דאָס שבתדיקע טיכל אויפן קאָפּ ארויפצוואַרפן צום ליכט־בענטשן און נאָר די שבתדיקע קאַפּאָטע אָנצוטאָן און באַלד וועט זיך דער „לכו נרננה" צעשאַלן פון די צעצונדענע שויבן אין די שילן און אַ פרידן וועט זיך גיסן איבער גראָסעלעס פון די בענטש־ליכט אין די הייזער, פון דער צעשמעקטער פיש־יויך, פון די זמירות און פון די געפּראַזשעטע קערלעך, וואָס די הויזגעזינטן קנאַקן ביז די ליכט ברע־נען אויס...

אין גראָסעלעס איז שבת. פוסט איז דער מאַרק, מיט גרויסע פאַרזשאַווערטע שלעסער אויף די טירן שטייען די קלייטן שטומע,

גלייך דאָרט וואָלט מען נאָר קיינמאָל נישט גערודנגען זיך און נישט געשוואוירן אויף פאַלש, גלייך דאָרט אינעווייניק וואָלטן נישט געשטאַנען די געוויכטן און די מאָסן, די עדות פון דער וואָך זאָרג און דעם זונטיקדיקן גערויש, וואָס וועט מאָרגן ווידער זיך אומקערן. גאַנץ פרי, גייען אידן פון „וואסער". אין די גאַטיעס גייען זיי, אונטער די האַלבשבתדיקע קאַפּאָטעס. קינדער טראָגן טשייניקעס „אָקריפּ" פונעם „קוב". מ'עט אָפּטרינקען אַ גלעזל וואַרימס, וועט מען גיין אין שיל אַריין. אינגלעך טראָגן שוין נאָך זייערע טאַטעס די טליתים אין רויט־סאַמעטענע אָדער ווייסע געקראָכמאַליעטע טלית־זעקלעך. מען גייט פאַרביי דעם קלויסטער, דעם גרין און ווייסן קלויסטער, וואָס שטייט היינט אויך אַ שטילער, אַ שבתדיקער, אַ פרידלעכער, כאָטשע עס קומען באַלד אויפן געדאַנק יענע טעג ווען ער איז פול מיט דראָונג קעגן אידן, ווען די פויערים קומען פון דאָרט אַרויס מיט אַ הייליקער שנאה צו די, וואָס זייערע אורעלטערן מיט ניינצן הונדערט יאָר צוריק, האָבן דעם גאָט פון מחילה און פרידן פאַרפּייניקט. מורא און פאַרדרוס באַזעצן זיך אַ ווײַלע אין אינגלשע הערצער, נאָר אָט איז שוין די שיל, די אידישע פעסטונג... דער שבתדיקער דאַוונען איז פייערלעך, די שבתדיקע אידן, די שבתדיקע אינגלעך זיינען פייערלעך און זיכער... מ'עט אהיימגיין פונעם דאַוונען, וועט מען זיך אַוועקזעצן ביי די טישן און געגיסן פון דעם אַלעמען פאַר וועלכן מען האָט געהאָוועט און געזאָרגט אַ גאַנצע וואָך. און אָט האָט מען שוין אָפּגעגעסן און זמירות געזונגען און געבענטשט און אַ דרעמל געכאַפּט און אויף פאַרהערן געגאַנגען צום זיידן אָדער צו אַ אידן אַ לערנען און אינגלעך און מיידלעך גייען אַרויסן שטעטל, אין פעלד אַרויס שפּאַצירן און מנחה־צייט פאַלט צו. „ויצא יצחק לשוח בשדה", מאַכט רש"י, יצחק איז אַרויסגעגאַנגען אין פעלד אַרויס דאַוונען מנחה. נאָר דאָס אינגל ווייסט שוין, אַז אין יצחקס צייטן האָט מען נאָך קיין מנחה נישט געדאַוונט און מען האָט נישט געזאָגט דעם מינאָרנעם „אתה אחד" פון דער מנחהדיקער שמונה־עשרה, וואָס לאָזט זיך אַרונטער ווי די זון אונטערן באַרג און ער גענִיסט פון דער שבת־פאַרנאַכטיקער רו, ווי דער יונגער יצחק אויף די פאַרנאַכטיקע ברייטע פעלדער פונעם פליין ממרא... אין אידישע הייזער האָט מען שוין לאָמפּן אָנגעצונדן, שוין דאָ שטערן אין הימל, און

אידן קלינגען שוין מיט די שליסלען די קלייטן אויפצושליסן, אפשר וועט אַ קונה קומען, מען דאַרף סחורה צוגרייטן און מאַרק־הענדלער פּאַקעווען שוין זייערע קאַסטנס צום מאָרגנדיקן יאַריד...

:: :: ::

דאָס אינגלשע אויג האָט זיך אָנגעזעטיקט מיט דעם שטעטל און רוט אויף די אַרומיקע בערג און אויף דעם אַרומיקן הימל, וואָס איז אויף זיי אָנגעשפּאַרט פון אַלע פיר זייטן, אַזוי נידעריק, נאָר מיט דער האַנט צו דערלאַנגען, ווי אין די גראָסעלער הייזער די סטעליעס. דאָס אינגלשע אויג רוט אויף די דערפער אַרום, וואָס צופוסנס די בערג, זומער אין סעדער פאַרזונקענע און ווינטער מיט שנייען באַדעקטע. זומער ציען זיך איבער די בערג תבואה־פעלדער גרייטע צום שניידן אָדער שוין אָפּגעשניטענע, מיט סטויגלעך סנאָפּעס, פּאָרוויז אויסגע־לייגטע, ווי די שבתדיקע חלה־בולקעס פאַרברוינטע. אין האַרבסט ציען זיך וואָלקנס איבער זיי, כמאַרעס, גרייטע צום אויסגיסן אין שווערע רעגנס, און באַשאָטענען די סטערניע און די שוואַרצע צעאַקערטע פּאַסן, דאָס וועלדל וואָס שטייט אין אַ ווינקל ווי אַ פאַרלוירנס און די ליימי־קע געלע שפּאַלטן, איבער וועלכע די וואַסערן שטראָמען אַרונטער. ווינ־טער זיינען די שפּאַלטן שוואַרץ, ווי שוואַרצע מיילער צעעפנטע אינ־מיטן דעם ווייסן שניי. און קומען די מאַרצאָווע ווינטן און צעלאָזן דעם שניי, באַווייזן זיך ווידער שוואַרצע פּאַסן ערד צעאַקערטע און עס נעמט גרינען דער באַרג מיט אויפגעגאַנגענער ווינטער־תבואה און די ריטשקעס לויפן אַראָפּ אין די שפּאַלטן מיט גערוויש.

אין אַ טיפן טאָל, וואָס טיילט אָפּ דאָס שטעטל פונעם באַרג, אין מערב־זייט, פליסט זיך שטיל דער גראָסעלער טייך. דער קוטשורגאַן רופט מען אים. אַ נישט טיפער איז ער, נאָר מיט קעסל־גריבער פול און אַ הונדערט מעטער די ברייט. די בריק וואָס ליגט איבער אים, איז אויך אַ דאַמבע, וואָס פאַרהאַלט זיינע וואַסערן אין אַ גרויסן באַסיין, אויף צו טרייבן פון אים וואַסער פאַרן וואָקזאַל, צען ווערסט די ווייט. ער פליסט פון צפון צו דרום און נאָך דער בריק מיט אירע שליוזעס, דעם „אָטפּוסק", פליסט ער איבער שטיינער און זאַמד אַ קלאָרער אַ דורכזיכטיקער און צעגיסט זיך ווייטער איבער לעוואַדעס ברייטע, אי־בער זומפּן, וואָס שפּאַלטן זיך אין טרוקענע זומערס. אינעם נישט פאַר־

דאַמבעוועטן טייל טייך באָדט מען זיך און מען שווימט אים אַריבער, מען באָדט אין אים די פערד, וואָס שווימען מיט אַרויסגעהויבענע קעפּ פונעם וואַסער און מען כאַפּט אין אים קאַרעסן און שלייענעס. צווישן דעם טשערעט, וואָס וואַקסט אויף ביידע זייטן, אין די קילע שליימיקע זומפּן, כאַפּט מען אויך וויונעס און ראַקעס. אין די פאַרנאַכטן שווימען אַרויס אויף אים פונעם „פּרוד", וואָס אין ניסנווילדל, די ווילדע קאַטשקעס און ביז טיף אין דער נאַכט טראָגט זיך פון דאָרט דאָס קוואַקען פון די זשאַבעס איבערן גאַנצן שטעטל. ביי דער בריק איז דער טייך מיט ווערבעס פאַרוואַקסן און זיי דינען אַלס פאַרהיטונג, ניט אַריינצופאַלן, וואָרום קיין אַנדער פאַרהיטונג האָט נישט די בריק. הושענה רבה פאַרטאָג, גייט מען דאָרט הושענות אָנשניידן. אַסיען־צייט שניידט מען דעם טשערעט, שטייענדיק ביזן גאַרטל אין וואַסער און אין זומפּ. ווינטער גליטשעט מען זיך איבער אים, מען האַקט פון אים אייז פאַר די שטעטלשע „ליאַדאָווניקעס" און אויף „קרעשטשעניע" (די טויפונג פון יעזוסן), שטעלט מען אויף אים אַ ריזיקן צלם פון אייז און דער גלח פירט אויף אים אַ פּראָצעסיע און פּראַוועט אַ גאָטעסדינסט אויפן שניידיקן פראָסט.

פאַר דעם אידישן אינגל, איז דער טייך דער רוביקאָן, די גרעניץ, וואָס טיילט אָפּ די אידישע וועלט פון דער גויאישער. אויף יענער זייט טייך, הינטער דעם טשערעט, זעט מען אין די זומערדיקע רויטלעכע פאַרנאַכטן קאַראַוואַנען סילועטן פון שניטער און שניטערנס, שקאָצים און שיקסעס, מיט די קאָסעס אויף די אַקסלען, פונעם פעלד אַהיימגיין און מען הערט זייער געזאַנג, אוקראַיינישן באַר־געזאַנג. וואו לערנען זיי זיך אויס אַזוי האַרמאָניש זינגען, די שקאָצים מיט די שיקסעס, די באַסן און סאָפּראַנאָס, ווי די משוררים ביי די חזנים!... אויף יענער זייט טייך איז די באָהוסלאַווקע, די שורה הייזקעס פון דעם דאָרף צים זיך געגגוים דעם טייך צופוסנס דעם באַרג. מען זעט זיי, די הייז־קעס, ווייסע מיט קליינע פענצטערלעך מיט בלויער פאַרב אַרומגע־פאַרבט.

אָרימע פויערים וואוינען דאָרט, קרעסטיאַניעס, מיט אייגענער ערד, נאָר קליין זיינען זייערע נחלות. נישט מער ווי אַ פּאָר דורות נאָך זייער באַפרייאונג און באַטיילונג מיט ערד — און די ירושה־

צעטיילונגען האָבן שוין אַזוי צעברעקלט זייערע „נאַדיעלן", אַז זיי קענען שוין פון זייער ערד נישט לעבן און זיי מוזן זיך זוכן אַנדערע פאַרדינסטן. דאָרט וואוינט דער לאַנגער שרעמעט מיט זיינע טעכ־טער, וואָס וואַשן וועש אין שטעטל, שמירן די ערדן און קאַלכן די ווענט און זיינע איידעמס קנעטן „טשאַמורן" מיט די נאַקעטע פיס און בויען די ווענט פון שטעטלשע הייזער מיט „וואַלקעס" (ערד גע־קנאָטן מיט שטרוי). טיף אין צפונדיקן ווינקל, ליגט הירזשעוואַ. אַ גרויס דאָרף מיט „מעשטשאַניעס", מיט ערדלאָזע פּויערים, וואָס אַר־בעטן אויף „סקאָפּשטשינע", (אַ דריטל פונעם אויסגאָב) און צאָלן צינז דעם פּריץ, דעם קאַווקאַזער פירשט אַבאַמעליק, וואָס אידן רופן אים אבימלך. די הירזשעוווער לעבט זיך בעסער ווי די באָהוסלאַווקער. זיי באַאַרבעטן ביז פּופּצן דעסיאַטין אַ משפּחה און שניט־צייט אַרבעטן ביי זיי די באָהוסלאַוועך אייגנטימער. זיי זיינען אויך נישט אַזעלכע „רשעים" ווי די באָהוסלאַווקער; קומען זיי אין שטעטל, ברענגען זיי מתנות פון זייערע באַשטאַנעס: קאַווענעס און דיניעס, פאַר די קרע־מער, זייערע „לייבקאָס" און „מאָשקאָס"; די באָהוסלאַווקער קומען נאָר „קאָליאַדעווען" ניי-יאָר אין אידישע הייזער, באַשיטן די שטוב מיט קערנער און וואַרטן מען זאָל זיי דערפאַר עפּעס שענקען... די באָ־הוסלאַווקער זיינען אויך די פּאַר וועלכע מען האָט מורא, ווען מען ריכט זיך אויף אַ פּאָגראָם אין שטעטל.

אויף יענער זייט טייך שטייט דער צווינטער מיט זיינע קרומע צלמים און אינעם טאָג פון די פּערציק הייליקע ציען זיך אהין פונעם קלויסטער פּראָצעסיעס מיט איקאָנעס און הייליקע טיכער, געטראָגן פון גויים מיט גלאַט צוגעקעמטע און אייל־באַשמירטע קעפּ, מיט קלויס־טער־געקלאַנג און גלחישן געזאַנג. זיי ציען זיך איבערן מאַרק צו דער בריק און מאַכן האַסטיק קלאַפּן דאָס האַרץ ביי אידישע קינדער.

:: :: ::

אין מזרח-זייט הייבט זיך דער באַרג האַרט ביים שטעטל. די גרעניץ פונעם שטעטל איז דאָ די „בויניע", דאָס שעכט-הויז, הייסט עס; דאָס לאַנגע נידעריקע הויז, וואו אין די פאַרטאָגן פירן אידישע

קצבים א שטיקל צום קוילען און פרומע שוחטים מאכן א ברכה איבער זייערע חלפים אָן א פּגימה. פאַר דער בוימע ליגט א ברייט גרין פּלאַץ, וואו די ווינט־מילן שטייען און אידישע קינדער פון די חדרים גייען אהין לג־בעומר אויף בארג סיני, עסן דאָרט זייערע ארץ ישראל־פּירות און שיסן פון די פייל־נבויגנס. העכער, אויפן רוקן פונעם בארג, שטייט דער אידישער בית עולם. א פארבאַטענע וועלט פאַר מיר, דעם כהן, נאָר דער נייגיר איז גובר און אז מיר מאכן אַן אוועגטורע, עט־לעכע אינגלעך און מיר קלעטערן אַרויף דעם בארג, כדי צו זען ווי ווייט איז נאָך פון דאָרט צום הימל, כאַפּ איך מיך צו נאָגט און קוק אַריבער איבערן פּאַרקן.

צופוסנס דעם בארג אין צפונדיקן ווינקל, שטייט דעם פּריצס הויף מיט זיינע הינט. אידן גייען אהין נאָר צאָלן צינז פאַר זייערע הייזער און קראָמען און אהין איז מיין אויג געווענדט ווען איך הער דערציילן וועגן אַרענדאַרעס, וואָס פּריצים פלעגן אויף זיי די הינט אָנרייצן, שמייסן, הייסן זינגען מה יפית און טאַנצן דעם בערן־טאַנץ... דאָרט שטייט דער הויף פון דעם צעדרייטן פּריץ וואסיל איוואַנאָוויטש גראַ־פיל־טאָלסטאָי. טאָלסטאָי איז אַן איבערזעצונג פון דעם מאָלדאַוואַנישן גראַסול און זיין זיידע נאָך, דער מאָלדאַוואַן, האָט דעם טאָלסטאָי צו־געגעבן ווען ער איז אַריבער פון טערקישער צו רוסישער אונטערטאַנ־שאַפט און האָט זיך רוסיפיצירט. זיין נאָמען טראָגט דאָס גאַנצע שטעטל. וואסיל איוואַנאָוויטש וואוינט א גאַנץ יאָר אין אדעס, וואַל־גערט זי אין די האָטעלן און קאַבאַרעטן, בויט זיך דאָרט א שאַלעט, און אין זיין הויף קומט ער נאָר אויף א פּאָר חדשים, אין די סאַמע היצן. ער ברענגט דעמאָלט מיט זיך א ליובאַוונ‍יצע און האָט אויך גע־בראַכט פון אדעס א פּאַעטאָן, וואָס גייט אָן פערד און איז דורכגע־לאָפן מיט אים דעם מאַרק ווי אויף בייז וואונדער. ער האָט אויך גע־בראַכט א גאַנצע משפּחה איטאַליענער מיט רויטע זשילעטלעך און קליינע קאַפּעליושלעך אויפן קאָפּ, וואָס האָבן ביי דער זייט א פעדער אריינגעשטעקט, און זיי פלאַנצן א וויינגאָרטן אויף דער טעראַסע וואָס פאַר זיין הויף.

דער פּלאַן פון א וויינגאָרטן אויף יענעם פּלאַץ, זאָגט מען, האָט אים געגעבן בעניע נאָטעס, דער שוין דערמאָנטער זון פון דעם אידישן

גוטבאַזיצער און אייגנטימער פון דער גרעסטער גוראַלניע (בראַנפן־פאַבריק) אין דער געגנט. דער אידישער גוטבאַזיצער איז שוין נישטאָ און אויך זיין בראַנפן־פאַבריק איז שוין נישטאָ. די זין זיינע האָבן אַליץ פאַרקויפט, טאַקע דעם פאָטער פון דעם פריץ, איוואַן וואַסיליע־וויטשן, ווען עס איז אַרויס דאָס געזעץ פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן, אַז אידן טאָרן נישט באַזיצן קיין ערד און קיין בראַנפן־פאַבריקן. זיין עלצטער זון, בעניע, איז איצט אַ מענטש ביים פריץ. ער וויל באַווייזן, אַז גראָסעלעם קען אַרויסגעבן נישט נאָר בראַנפן, נאָר אויך קאָניאַק און גוטן ווייַן...

אויך דער געדאַנק פון דער פאַראָווע מיל, וואָס האָט זיך אויסגעשטעלט נידעריקער, הינטער דער ראָמאַנאָווקע, זאָגט מען, איז בעניעס. ער האָט זי געוואָלט פאַר זיין שוואָגער איצל גראַנאָווסקי, וואָס ברענגט מעל פון אַרעל און לעצטנס האָט ער ביי זיך אין שטוב אַליין אויסגעמייסטרעוועט פון האָליץ אַ מילכל, וואָס בייטלט מעל. געוואָלט האָט איצל גראַנאָווסקי מאַכן דאָס מילכל אויף דעם פרינציפּ פון „פּערפּעטוּאָ מאָבילע", פון אייביקער באַוועגונג לויט דעם געוויכט־געזעץ, נאָר דאָס איז אַ צו לאַנגע מעשה. דער סוף איז געווען, אַז איצל איז געבליבן ביי זיין „פּערפּעטוּאָ מאָבילע" און דער פריץ האָט אָפּגעגעבן די קאָנצעסיע אויף דער פאַראָווע מיל אַ גוי, אַ שטיקל מעכאַניקער און מען רופט זי אַנדריים מיל. זי מאָלט נאָר שוואַרץ מעל, מיט די קלייען, און איך געדענק עס איז גערוויש הערט מען ביזן אַנדערן עק שטעטל. זי איז דאָס לעצטע וואָרט פון דער טעכניק אין דער גראָסעלער אינדוסטריע. זינט זי האָט אָנגעהויבן מאָלן דעם ווייץ און קאָרן און די קוקורוזע פון די אַרומיקע פּויערים, שטייען שטיל די ווינט־מילן, זיי שטייען מיט צעבראָכענע פליגל און קונדסים רייטן אויף זיי אָדער גייען אַריין אינעווייניק און רייבן אויף זייערע מילשטיינער סוויפּטשערלעך פון אַבריקאָסן־קערלעך. איין ווינט־מיל נאָר, דעם אַלטן טויבן מרדכי ווערביצקיס, מאָלט נאָך אַמאָל רעטשענע גרויפּן אָדער פּאַפּשויע־מעל, אַזוי לאַנג ער שלעפּט נאָך די פּיס...

:: :: ::

די ראָמאַנאָווקע, דאָס זיינען צוויי גאַסן, וואָס זיינען ספק דאָרף און ספק שטעטל. עס וואוינען דאָרט אויף איין גאַס אידן וואָס עסן זייערע אַליין געזעצטע קאַרטאָפל און ציבעלע מיט קנאָבל און האָבן אויסגעבויט זייערע כאַטעס מיט אייגן געמאַכטע ציגל און „וואַלקעס". מערסטנס, זיינען דאָס „מירטשיקעס": אידן, וואָס אַרבעטן ביים לופּ־טערן און רייניקן די תבואה, וואָס ווערט געהאַלטן אויף שפּעקולאַציע, און ביים שיטן זי אין די זעק צום אָוועקשיקן. מען רופט זיי אויך „רע־שעטניקעס", מחמת זיי זיינען ספּעציאַליסטן צו אַרבעטן מיט די רע־שעטעס. דאָרט וואוינען אויך אַנדערע באַלמעלאָכעס: גלעזער, וואָס גייען איבער די דערפער מיט אַ קאַסטן גלאָז, „פּעטשניקעס" (אויוון־מאַכער), וואָס ערב פּסח זיינען זיי די „פּאָדריאַטשיקעס" פון מצה באַקן און זיינען אַליין געניטע „שיבער" (וואָס שטייען ביים אויוון), אַ וואַסערפירער, אַ דרדק מלמד... און אויך דאָרף־הענדלער, אידן וואָס לאָזן זיך אַוועק מיט אַן אייגן פורל אויפקויפן אין די דערפער „קליינע תבואה": פּראָסע און הרעטשקע, ליאָן און ריפּאַק, קערלעך און מאָן... פון יענער גאַס קומען די משרתים אין די קלייטן, די לערנאינגלעך אין די קוזניעס און די וואָס לאָזן זיך אַוועק אין דער ברייטער וועלט, אין די גרעסערע שטעט און ווערן דאָרט „פּאָלנע מענטשן".

די אַנדערע איז די קוזניע־גאַס. עס וואוינען דאָרט אידן שמידן מיט פאַרברוינטע פּנימער און שטאַרקע הענט. דער ציגיינער אַנטאָן האָט זיך גראָד אַרויפגערוקט מיט זיין קוזניע העכער אין שטעטל. דאָרט וואוינען אויך די רימער. אויף יענער גאַס, טיף אַריינגערוקט, געפינט זיך דער „סטאַן" (די פּאָליציי) און די „קאַדעגאַרדיע" (אַרעסט־הויז) אידן רופן עס אין שפּאַס חד־גדיא. טיף אַריינגערוקט, צווישן וויינשל־סעדער און באַשטאַנעס, וואוינט דאָרט אויך דער פּריסטעוו, דער פעלדשער און דער גלח. אין פראָנט שליסט אָפּ די גאַס ביים אַרויפ־קום אין סאַמע שטעטל דאָס הויז פונעם גראָסעלער אַדוואָקאַט; אַ איד, וואָס שרייבט „פּראָשעניעס" (קלאַגעס) פאַר די פּויערים צום וואָלאָסט־געריכט, ער טראָגט אַ פעלערינע און אַ קאַפּעליוש און גייט שבת אין שיל אַריין מיט אַ שטעקן, וואָס האָט אַ זילבערנע גאַלקע. די זין זיינען שוין באַלמעלאָכעס, שלאָסער און בלעכער, און די טעכטער —

מאָדיספּקעס און זינגען פון „שולמית" און „בר כוכבא" און אידישע און רוסישע קופּלעטן.

פון דאָרט קומט מען ארויף אינעם שטעטל. אָבער נאָר צופוס און נישט אין קיין רעגן־טאָג. ארויפפאָרן קען מען נאָר אויפן מארק, אין דער קרום. די גאַסן מיט די באַלעבאַטישע און גבירישע הייזער, וואו עס געפינט זיך די פּאָטשט, דער שפּיטאָל, די אַפּטייק, די שילן. די הייזער מיט די פּאַליסאַדניקעס און גאַניקעס, מיט אַקאַציע־ביימער אין פראָנט, שטייען אין דער הויך, אויף דער טעראַסע. צו זיי מוז מען ארויפקלעטערן און אין אַ רעגן־טאָג שטראָמט פון דאָרט אַראָפּ אַהער מיט דעם געראויש פון אַ וואַסערפאַל דאָס וואַסער אין אויסגעמוליעוועטע ריטשקעס. דאָרט אַרום קומט פאַר יעדן זומער די אינוואַזיע פון די דראַגונער און פון די דאָנער קאָזאַקן. פון ווייט, פון צווישן גרינס פון די צפונדיקע בערג, איבער וועלכע עס ציט זיך דער שליאַך, זעט מען זיי אַראָפּנידערן מיט זייערע פערד, מיט זייערע ווייסע העמדלעך און ווייסע היטלען. פון ווייט הערט מען זייער געזאַנג און זייער סוויסטש: „טרי דערעווני, דוואַ סיעלאַ"... און אָט ציען זיי זיך שוין איבער דער ראָמאַנאָווקע פאַרשטויבטע און פאַרשוויצטע, ביי וועמען אַ רינגל אינעם אויער, סקוואַדראָן נאָך סקוואַדראָן, מיט זייערע פּיקעס אָדער מיט זייערע קורצע ביקסן אויף די רוקנס. אין שטעטל, צעשיטן זיי זיך, די בעסטע הייזער פאַרנעמען זיי, צעלייגן פייערן אין די הייף, גייען אין די קלייטן קויפן טאַבאַק און גנבענען קאַווענעס אין מארק ביי די זיצערקעס...

:: :: ::

אַ סטראַטעגישער פּונקט איז אונדזער שטעטל, אַ שיידוועג, מאַכט מען דאָ אַרום מאַנעוורעס, פאַרנעמט מען דאָ פּאָזיציעס. אָפּגעשטאַנען עטלעכע טעג, ווערן זיי פּלוצים נעלם. אין אַ פאַרטאָג גייען זיי אַריבער די בריק, אויפן וועג צו בעסאַראַביע, איבער די בערג צום דניעסטער, צו די פעסטונגען פון טיראַספּאָל און בענדער. שפּעטער, אין די יאָרן פון בירגער־קריג, האָט גראָסעלעס דורכגעמאַכט פינף פּאָגראָמען פון גרינגאָריעווס באַנדעס און אַנדערע, צו וועלכע עס איז צוגעשטאַנען

אַרומיקע פויערישע יוגנט, און אויך דעמאָלט אַלס סטראַטעגישער פּונקט, איבער וועלכן די באַנדעס האָבן זיך געלאָזט קיין בעסאַראַביע.

פינף מאָל האָט מען דעמאָלט אין גראַסעלעס געהרגעט אידן, פאַר־נומען ערובניקעס און אַרויפגעלייגט קאָנטריבוציע און נאָך זייער אַוועק־גיין, האָבן אידן געציילט די הרוגים און זיי געפירט צו קבורה. אַזוי ביז די באָלשעוויסטישע מאַכט האָט זיך איינגעשטעלט. מיין טאַטע האָט אין אַ בריוו צו מיר זיך געקלאָגט: וואו איז געוועזן די אידישע זעלבסטשוץ? אַ פּאָר עלטערע אידן זיינען אומגעגאַנגען מיט רעוואָל־ווערן. די יוגנט איז געווען אין די שטעט און אין די פּאַרטיזאַנישע מחנות, וואָס האָבן אָנגעשפּאַרט אַזש ביי וויניצע און ביי יאַמפּאָלע, וואו צוויי יונגע ברידער מיינע, זיינע זין, זיינען געפאַלן, און דאָס שטעטל האָבן זיי געלאָזט אויף הפקר. די יוגנט האָט דאָס שטעטל קיינמאָל נישט ליב געהאַט און האָט דאָס שטענדיק באַטראַכט פאַר אַ פּירהויז צו דער ברייטער וועלט...

::     ::     ::

אין די יאָרן וועגן וועלכע איך שרייב דאָ, אין מיינע קינדער־יאָרן, איז דאָס שטעטל נאָך געוואַקסן און האָט זיך געבויט. געווען זיינען נאָך יונגעלייט וואָס האָבן געבויט זייערע צוקונפט־פּלענער אויף שטעטלשע פּערספּעקטיוון. געוועזן זיינען דעמאָלט די יאָרן, ווען גע־הערשט האָט איבער רוסלאַנד דער מלך רשע אַלעקסאַנדער דער דריטער און זיינע גזירות האָבן געטריבן די אידן פון די דערפער אין די שטעט־לעך אַריין. טעוויע האָט זיך איינגעאָרדנט נישט אין יעהופּעץ, נאָר אין בויבעריק. ערשט זיינע קינדער, זיינע טעכטער, ווי די זין פון כאַיר שאַלאָנט, זיינען זיך צעפאָרן, האָבן זיך צעזייט און צעשפּרייט אויף אַלע שבעה ימים... וועגן אָט די גזירות פלעגט מען דעמאָלט זייער אַ סך ריידן און געקומען זיינען זיי אויפן געדאַנק ווי נאָר אַ איד האָט גענומען אין דער האַנט אַ זילבערנעם רובל און האָט דערזען די צורה פון דעם אָנגעפרעסענעם און אָנגעזויפענעם קאַצאַפּ, וועלכער איז זיך ניקם אָן די אידן פאַר דער גוטסקייט, וואָס זיין פאָטער אַלעקסאַנדער דער צווייטער האָט צו זיי אַרויסגעוויזן... דער דאָזיקער רשע מרושע

האט פיינט געהאט זיין פאטער פונקט ווי ער האט פיינט געהאט די אידן און האט פיינט געהאט די קאנסטיטוציע, וואס זיין פאטער האט געשריבן פונקט ווי ער האט פיינט געהאט דאס רוסישע פאלק, וואס זיין פאטער האט באפרייט פון „פאנשטשינע", זיינע שרייבער און זייט נע סאציאליסטן, די זעלבע, וואס האבן זיין פאטער אויפגעריסן אייט דער ער האט די קאנסטיטוציע אונטערגעשריבן, א קאנסטיטוציע מיט וואלרעכט פאר פריצים און פאבריקאנטן, נאר ניט פארן פאלק...

גראסעלעס שטייט אויפן מיטן וועג צווישן באלטע און אדעס און איז מיט זיי ביידן פארבונדן אויך קרוביש און געדענקט דעריבער גאר שטארק די פאגראמען פון 81־טן יאר אין דיביידע שטעט, וואס דער מלך רשע האט לכבוד זיין קרוינונג באפוילן צו מאכן. גראסעלעס זעט די גזירות זיינע פאר די אויגן: אין שטעטל וואוינען זייערע קרבנות, די אפגעקומענע זין און איידעמס פון דעם אידישן גוטבאזיצער און בראנפן־פאבריקאנט, זיינע פאראָרימטע קרובים און די דארפישע אידן וואס היינט זיינען זיי דארף־גייער; גראסעלעס האט איינציקע זין אפט געגעבענע פאר זעלנער און ווייסט אויך פון די צרות־גימנאזיע, כאט טשע גאר ווייניק גראסעלער אידישע טאטעס און קינדער טראכטן פון שטודירן...

ביטערע נעמען קלינגען אין די אויערן פון יעדן אידן און אידישן אינגל: איגנאטיעוו, פאביעדאנאסצעוו, „נאוואיע וורעמיא", נעמען פון מיניסטארן און פון צייטונגען, וואס גיסן זיך צונויף אין אונדזער געט דאנק מיט יעדן שייגעצל, וואס שרייט אונדז „זשיד באלאמיד" און ווייזט אונדז אן „אויער", וואס ער מאכט פון דער פאלע פון זיין טאטנס בגד, וואס הענגט אויף אים ווי אויף א סטראשידלע, אדער כאפט אריין דאס היטל — אויך זיין טאטנס — צווישן די ציין און טרייסלט דערמיט. איין גאט ווייסט וואס דאס מיינט, נאר קיין אויס־ דרוק פון פריינטשאפט איז דאס זיכער נישט.

אפילו די פאר שקאצימלעך, וואס שפילן זיך מיט אונדז, סאשא און קאסטיא, די קינדער פון דעם פוילישן דאקטער סוועציצקיס אלט מנה, וואס וואוינט מיט אונדז אין שכנות, באפאלט אמאל א רשעות אינמיטן שפילן און זיי ווארפן אונדז שטיינער און שרייען אונדז „זשיד". זיי שרייען „זשיד" אפילו דעם לערער כייקעלים, א ריגער

סטודענט, וואָס קומט אָפּ ביי אונדז אין שטעטל פאַרשיקונג און פאַר־נעמט ביי זיי אין שטוב דאָס אָרט פון זייער פאָטער...

אונדז פּאַרדעריסט נישט אַזוי אויף די קינדער פונעם אוריאַדניק פּאַשוראַ, אויך שכנים אונדזערע, וואָס מיר גייען קיינמאָל נישט צו זיי אין שטוב זיך שפּילן; זייער טאַטע איז דאָך נישט מער ווי אַן אוריאַדניק און ביי זיי אין שטוב שטינקט שטענדיק די „קאַפּוסטאַ". זיי לויפן צו אונדז זיך שפּילן, ווייל ס'שטייט זיי נישט אָן זיך שפּילן מיט פּויערישע קינדער און דאָך שרייען זיי אונדז „זשיד". נאָר קינ־דער זיינען קינדער און פאַרגעסן זיך; אין די זומערדיקע רויטע פאַר־נאַכטן וואַלגערן מיר זיך אינעם שווארצן גאַסן־שטויב, אין די גרויע ווינטערדיקע טעג גליטשען מיר זיך באַרג־אַראָפּ אָדער מיר קייקלען זיך אַראָפּ איבערן שניי און נאָך אַ רעגן לאָזן מיר אַוועק מיט די „ריזלענ־דיקע" ריטשקעס שיפעלעך פון פּאַפּיר.

:: :: ::

געוועזן זיינען עס די „אידיליע"-יאָרן פון גראָסעלעס. גראָסעלעס איז דעמאָלט געווען אַן אָרט פון פרנסה. נישט נאָר דאָרפישע אידן זיינען צוגעקומען, נאָר אויך פון דעם נאָנטן שטעטל סאַוויצקעס, דאָס אמתע „מיסטיוווקע". אינגאַנצן דריי ווערסט פון גראָסעלעס געפינט זיך עס, אויפן וועג צום וואָקזאַל. צוויי קורצע נאָר ברייטע גאַסן, ווי אַ דאַלעד צוזאַמענגעשטעלט, אויף וועלכע עס שטעלט זיך דער יאַריד, זיינען דאָס גאַנצע שטעטל. געבויט האָט זיך עס נאָך פאַר גראָסעלעס און די הייזער דאָרט האָבן גרינע מאָכיקע ווענט און שטייען מיט פאַר־מאַכטע נישט געפאַרבטע און שוואַרץ געוואָרענע לאָדנס. דאָס זיינען די הייזער פון די הענדלערישע און באַלמעלאָכישע משפחות, וואָס האָבן זיך אַריבערגעצויגן קיין גראָסעלעס. פון גראָסעלעס וועלן זיי שפּעטער ווייטער וואַנדערן, ווער קיין אַדעס און ווער קיין ניו־יאָרק און קיין אַר־גענטינע אויף דער פּאַמפּאַ. צוגעקומען זיינען קיין גראָסעלעס אויך נייע שיסטער און שניידער פון וואָלין און פּאָדאָליע, וואָס דער נאָמען פונעם גראָסעלער יאַריד און פון די אַרומיקע יאַרידן, וואָס שטעלן זיך אין די וואָכנטעג, האָט זיי צוגעצויגן. אויך זיי וועלן שפּעטער ווייטער וואַנדערן קיין אַדעס און קיין אַמעריקע, נאָר דערווייל בויען זיך אין גראָסעלעס נייע הייזער.

מען באַבויט דאָס פּלאַץ וואו פריער זיינען געשטאַנען די ווינט־מילן, גראָסעלעס ציט זיך באַרג־אַרויף, צו דער בויניע, צום בית עולם... פריער האָט זיך עס געבויט צום טייך צו, צו דער באָד, באַרג אַראָפּ, א זעמליאַנקע אונטער א זעמליאַנקע, מיט פּריזבעס פאר די קליינע גויאישע פענצטערלעך. דער חילוק איז, וואָס די ווענט דאָ זיינען נישט קיין געווייסטע ווי ביי די פויערישע כאַטעס פון יענער זייט טייך און די פענצטער נישט אַרומגעמאָלן מיט בלויע פּאַסן און קווייטן. געבויט האָט מען אויך פריער לענגויים דעם טייך און אויך זעמליאַנקעס מיט פּריזבעס, אָבער שוין מיט אָפּגעגראָבענע הייף פון הינטן. איצט בויט מען שוין מיט א פּלאַן, גאַסן גלייכע אויף דעם הויכן פּלאַץ, און נישט קיין זעמליאַנקעס, נאָר הייזער מיט שינדלענע דעכער. קרעמער בויען זיך דאָ און באַלמעלאָכעס אַרויפגעאַרבעטע. דאָ האָט אויך קאַזנאַ א שולע אוועקגעשטעלט, א „וועלטלעכע”; נישט קיין קירכלעכע ווי די וואָס הינטערן קלויסטער, נאָר אַזאַ וואו אידישע קינדער זאָלן קענען לערנען רוסיש... גראָסעלעס ווערט א שטאָט און מען דאַרף זי רוסי־פיצירן...

מען בויט שוין אויך קיין דרום, מען ציט ווייטער די שליאַך־גאַס, וואו פריער האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די ווייצן־פעלדער. מען האָט צוליב דעם אָפּגעגראָבן די צוויי בערגלעך, וואָס זיינען פריער געווען דער בעסטער שפּאַציר פון דער שמעטלשער יוגנט. און דאָס אָפּגראָבן האָט אוועקגעשטעלט גראָסעלעס אין דער געשיכטע. מען האָט אין זיי געפונען אַלטע טערקישע מטבעות און קרומע שווערדן און שאַרבנס מענטשלעכע. א סברא דאָס אָרט איז אַמאָל געווען א שלאַכפעלד און מען האָט דאָ געוויזן העלדישקייטן. דאָ האָבן זיך שוין אוועקגעשטעלט נאָר געהויבענע הייזער, גבירישע. אידן וואָס דינגען אָפּ ביי די אַרו־מיקע פּריצים דעם שניט (פּאַסעסאָרס) און האָבן פריער געוואוינט אין די דערפער, קומענדיק אין שטעטל בלויז אויף ימים נוראים, זיינען גע־וואָרן שטעטלשע תושבים און זיי פירן א פּריצישן „שטאָט”. נאָר אידן זיינען זיי און קויפן אָפּ די „מזרח־שטעט” אין די שילן ביי אָפּגעקו־מענע באַלעבאַטים און קויפן אויס די בעסטער „מפטירים” מיט די „שישים” און די שענסטע פיש אויף שבת... שבועות עסט מען ביי זיי

די שענסטע בייגעלעך און קאשניקעס אין פוטער און חנוכה מאכט מען ביי זיי דאָס בעסטע קערטל, ביי די באַרימטסטע לאַטקעס...

:: :: ::

די ניי אויסגעבויטע גבירישע הייזער האָבן צוגענומען א שטיק פון אונדזער שפּאַציר־פּלאַץ. געפּלאַנצט האָט דער גלח הינטערן קלויס־טער, אויף צוויי זייטן זיינע, א בולוואַר, מיט אַקאַציעס און מיט רויזן־ביימלעך, מיט סטעזשקעס צווישן גרינעם גראָז און מיט שטאַכעטלעך אַרומגעצאַמט. נאָר וועלכער אידישער אינגל און וועלכע אידישע מיידל וועט דאָס גיין שפּאַצירן הינטערן קלויסטער? און נאָך אין די שבת־דיקע פאַרנאַכטן, ווען ער צעקלינגט זיך אַזוי פריילעך אויף זיינע דינסטע גלעקלעך: לינגי־לינגי, לינגי־לאָן", — וואָס דאָס זאָל זיין דער קריסטלעכער „לכו נרננה"... איך האָב מורא צו זאָגן, אז אויב א אי־דישע נשמה איז אמאָל געפּאַנגען געוואָרן אין די נעצן פון דעם פּראַ־וואָסלאַוונעם קלויסטער, האָט דערין א חלק געהאַט אָט דער דין־פייער־לעכער לינגי־לאָן אין א לויטערן זומערדיקן פאַרנאַכט, וואָס זאָגט צו אַזוי פיל פרייד און רו... און דערפאַר אפשר האָבן אידישע אינגלעך און מיידלעך אויסגעמיטן צו גיין אַהין און געגאַנגען איז מען צו די ווייצן־פעלדער, וואָס אויפן וועג צו סאַוויצקעס, צו באַרים מיכאַילאָ־וויטשעס אַרומגעצוימטן גאָרטן, וואָס לאָקט אַזוי מיט זיין געהיימעניש און נאָך ווייטער, צו דער מיכאַילאָווקע, וואו דער „וואָלאָסט" געפינט זיך און מען קלעטערט אמאָל אַרויף אויף א פּלויט פון א דאָרפישן גאָרטן און מען רייסט אָן ווייַנשל און זאַרזעלעס...

מער ווי אַלץ האָט מיך געלאָקט דער אַרומגעצוימטער גאָרטן מיט דער ברייטער פּריצישער שטוב, א ווייסע מיט א גרינעם דאַך, וואָס קוקט אַרויס פון אינעווייניק. פּונקט אַזוי האָט אויסגעזען דער גאָרטן און די שטוב, וואו פּושקינס העלד, דער רעוואָלוציאָנערער באַנדיט דוב־ראָווסקי, האָט געלויערט אין דער נאַכט אויף דעם גוטבאַזיצערס שיי־נער טאָכטער. נאָר באַרים מיכאַילאָוויטש איז א „גוטער פּריץ", וואָס מוט אמאָל א טובה א אידישער אלמנה, א מאַרק־זיצערקע, ווען מען וויל ביי איר צונעמען איר איינציקן זון פאַר א סאָלדאַט... ער שטעלט

זיך איין פּאָר איר אין דער „פּריסוטסטווע", וואו ער איז אַ „טשליען"...
איז צו וואָס זאָל אים דער באַנדיט שלעכטס טון?... אין חלום, פון
דעסטוועגן, כאַפּ איך מיך אַמאָל אַריין אין יענעם גאָרטן. איך גיי
אַריין דורך דעם אָפענעם שטיינערנעם טויער און די ביימער זיינע, באַ־
לאָדן מיט גרויסע עפּל און באַרן, מיט טויאיקע פלוימען און פוכיקע
אַבריקאָסן, ציען זיך אין אַלייען גלייכע און איך גיי דאָרט אום אַ
פרייער, אַ נישט געשטערטער און אָט שטייען גאָר ביימלעך נידעריקע
מיט וויינטרויבן רויטע און ווייסע, אַזעלכע גרויסע, וואָס מער איך קוק
אויף זיי, אַלץ גרעסער זיינען זיי... וואו זיינען דען פאַראַן אַזעלכע גרוי־
סע וויינטרויבן, די נאַרעלע, און אין וועלכן גאָרטן לאָזט מען אָפן דעם
טויער און מען לאָזט אַזוי שפּאַצירן פריי און קיין הינט זיינען נישטאָ?...
ס'איז דאָך נישט מער ווי אַ חלום!... און, אוי ווי מיר ווילט זיך נישט
אַרויס פון דעם חלום!...

נאָך אַ פּריץ וואוינט הינטערן שטעטל, דער פּריץ מיקאָלאַי, באַ־
רים מיכאַילאָוויטשעם אַ ברודער. זיין הויף שטייט נענטער צום שטעטל,
הינטער די אַלטע קלייטן, וואָס ביי דער בריק. הינטער זיין הויף איז
די לעוואדע, וואו מען פּאַרטרייבט די אידישע קי אין טשערעדע אויף
פּאַשע. אַ „טשודאַק" איז ער, דער מיקאָלאַי. ער איז הויך און דיק און
טראָגט אַ סאָלדאַטסקע היטל מיט אַ רויטן „אָקאָלישעק" און אַ דאַ־
שעק, ווען ער פאָרט אין זיין פאַעטאָן צו דער הורטאָוונער אידישער
קראָם אַליין איינקויפן „דעליקאַטעסן". ער פירט קאַנטשאַפט מיט אי־
דישע שיסטער, האָב ליב גראָבע נישט שמעקנדיקע מאַנירן, גראָבע
רייד און גראָבע וויצן און זיין שוואַכקייט זיינען „אַווסטריאַטשקעס"
(עסטרייכישע יונגע שיקסלעך). ער ברענגט זיך פון עסטרייך צענדלי־
קער רוטעניש פּאַמיליעס, וואָס וואוינען ביי אים אין הויף, אַרבעטן
ביי אים, און ער „ליובעט" זיך אין זייערע בלאָנדע מיידלעך מיט די
צעפּלאָמטע באַקן...

הינטער זיין הויף, ציט זיך אַ דאָרפישע גאַס, אַ טייל פון דער
מיכאַילאָווקע; האָט זיך דאָרט באַזעצט אַ איד, אַן אַרויסגעטריבענער
פון אַ וויטן דאָרף, אַזש פון פּערקאַנסק, און האָט גענומען ביי מיקאָ־
לאַיען עטלעכע דעסיאַטין ערד צו באַארבעטן פאַר אַ דריטל פונעם
שניט, ווי אַלע פּויערים. נאָר זיין שטוב איז די ערשטע, צוגערוקט

צום פריצס הויף, מען זאָל נישט קענען זאָגן, אַז ער וואוינט אין דאָרף. אַז מיר גייען אַמאָל שפּאַצירן אין יענער זייט, גייען מיר אַריין צו דעם אידישן פּויער אין הויף. דער איד, רפאל הייסט ער, איז אַ פּויער און עס ליגט אויף זיין פּנים די פּויערישע האָרעוואַניע און די פּויערישע זאָרג, גאָר אַנדערש ווי עס זינגט זיך אין אליקום צונזערס „סאָכע", נאָר די קינדער זיינע, זיינען שוין גאָר אַנדערע. זיי אַרבעטן אויך אין פעלד, נאָר די אויגן ביי זיי פינקלען אַזוי מאָדנע, גאָרנישט ווי ביי פּויערישע קינדער. זיי לייענען אידישע ביכער און זינגען פרוגס לידער. איך האָב שוין דעמאָלט אויך געהאט געלייענט פרוגן און פלעג דעקלאַמירן: „דווּאַ דאָסטאַיאַניאַ דאַלאַ מניע סודבאַ, זשאַזשדו סוואָבאָדע אי דאָליו ראַבאַ", נאָר סאָנקע, אַזוי דאַכט זיך האָט זי געהייסן, דאָס מיידל מיט די שוואַרצע אויגן און דעם וויאָלעטן שאָטן אויף די ווייסע באַקן, האָט בעסער ליב געהאַט זינגען: „גרויסער גאָט, מיר זינגען לידער, גרויסער גאָט, צו דיר אַליין; נעמט צונויף די סנאָפּעס, ברידער, ביז די זון וועט אונטערגיין". זינט דעמאָלט האָב איך שוין אַ סך מאָל געזען דעם פינקל אין די אויגן פון אידישע מיידלעך: בעת איך פלעג קומען מיט פּראָקלאַמאַציעס אויף די פאַבריקלעך פון דער אַדעסער סלאָבאָדקע און זיי אָפּוואַרטן ביי די טויערן אָדער אין די אידישע קאָלאָניעס פון ענטרע ריאָס און דער פּאַמפּאַ און אויף די פעלדער פון די אידישע קאָלאָניעס אין זאַפּאָראָזשיע און קרים; ער האָט ביי מיר אַ ספּעציפישן נאָמען: סאָנקע.

:: :: ::

אַ יונג שטעטל איז גראָסעלעס, אָבער פאָרט אַ שטעטל, און האָט דעריבער צוגעצויגן צו זיך אַלע סאָציאַלע עלעמענטן, אָן וועלכע אַ שטעטל קען זיך נישט באַגיין: די הענדלער און די באַלמעלאָכעס, פּויערים אַפילו און האַלבע פּויערים, וואָס וואוינען אויף די ראַנדן זיינע; אָבער צוגעצויגן האָט דאָס אויך אַזעלכע עלעמענטן, וואָס דאָס וואָלט זיך גאַנץ גוט געקענט באַגיין אָן זיי: די בעטלער.

געהאַט האָט דאָס שטעטל איר אייגענע אָרימשאַפט, אידן וואָס האָבן געלעבט פון קצבה, דאָס הייסט פון וואָכנגעלט, וואָס מען האָט

זיי אַריינגעשיקט, אַזוי אַז קיינער זאָל נישט וויסן, כאָטשע אַלע האָבן דאָס געוואוסט; אידן וואָס האָבן אויף פּסח געגומען „מעות חיטים" און אידן, וואָס האָבן געלעבט דערפון, וואָס אַ רייכער קרוב פון גראָ־בעלעס גופא אָדער פון ערגיץ אַנדערש, האָט זיי אַריינגעשיקט. גראָ־בעלעס האָט דאָך געהאַט אפילו אַ תלמוד תורה, וואו עס האָבן גע־לערנט אינגלעך פון אַזעלכע עלטערן, וואָס האָבן קיין שכר־לימוד נישט געקענט צאָלן. נאָר בעטלער, גייער איבער די הייזער, האָט נישט גראָ־סעלעס קיין אייגענע, זיי קומען און גייען אַוועק.

שפּעטער, בעת איך האָב געאַרבעט אַלס לערנאינגל ביי אַ טיראַספּאָ־לער איינבינדער, איז אַריינגעקומען אַהין אַ גראָסעלער איד מיט אַ זייגער צום אויספלעטן און צונויפגענומען „נומערן", אַ קאָפּיקע אַ נו־מער, גייענדיק אַזוי פון שטוב צו שטוב. אויך קיין גראָסעלעס פלעגט אַמאָל קומען אַ איד מיט אַ חפץ צום אויפלעטן און גיין מיט אים פון טיר צו טיר. און מען פלעגט אויף אַזאַ אידן רחמנות האָבן און אים גערן געבן די קאָפּיקע. ער איז אַ „יורד", ער שעמט זיך צו נעמען נדבות... כאָטשע עס פלעגן קומען אין שטעטל אויך פּראָפעסיאָנעלע „יורדים", אידן שענער אָנגעטוענע, מיט גאַנצע קאַפּאָטעס, וועלכע פלעגן מאָנען אַ גרעסערע נדבה, ווי עס פּאַסט פאַר זייער קאַטעגאָריע. דעם אידן, וואָס איז אַריינגעקומען מיט דעם זייגער, האָב איך גוט געקענט, איך האָב אפילו געוואוסט ווי אַזוי ער איז געפאַלן: ער איז געווען אַ „נאמן" ביי אַ רייכן תבואה-סוחר און געפירט מיט זיך געלט פאַר אים פון אַדעס און פּלוצים האָט ער זיך געכאַפּט אויף דער באַן, אַז ער האָט נישט דאָס געלט... און דער סוחר האָט אים אָנגעקלאָגט אין געריכט און דער איד האָט נישט געקענט באַווייזן, אַז מען האָט ביי אים דאָס געלט טאַקע אַרויסגענומען; עדות האָט ער געהאַט — טאַקע כיין טאַטן, וואָס איז דעמאָלט אויך געפאָרן פון אַדעס מיט אים אין איין וואַגאָן, — אַז ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער האָט נישט דאָס געלט און אַז ער איז געווען שטאַרק באַצערט דערפון... דער סוף איז געווען, אַז דער איד האָט פאַרלוירן דאָס נאמנות און מער ווי צו נאמנות האָט ער אַ פּנים נישט געטויגט... נאָר אַז איך האָב דערזען דעם אידן, האָב איך באַהאַלטן דאָס פּנים, כדי אים נישט צו פאַרשע־מען, אַזוי ווי אין „פּרק" שרייבט זיך: „אל תראה את האדם בשעת

קלקלתו״ — קוק נישט אויף א מענטשן בעת זיין געפאלנקייט... און געטראכט האב איך דעמאלט ביי זיך, אז איצט, וואלט איך געגאנגען שווערן פאר דעם מענטשנס ארנטלעכקייט.

איך האב אויך אמאל געהאט אין אדעס א גארנישט אנגענעם באַ־געגעניש מיט א אידן פון אונדזער שטעטל. אין אן איינבינדעריי, וואו איך האב געארבעט, איז אריינגעקומען א איד בעטן א נדבה און איך בין געבליבן נשתומם: א גראסעלער איד, א שכן לעבן מיין זיידן, מיט אן אייגענער דירה, אמת, אן אפגעלאזענע, א לאנג שוין נישט קיין געקאלעכטע; א איד מיט א „שטאט״ אין מזרח, א פאנאטישער ריזשענער חסיד, איינער פון די, וואס האבן אמאל גערודפט מיין טאַ־טן פאר זיין „אפיקורסות״... ס׳איז ירוחם!... ווען איך האב דאס שפּע־טער דערציילט דעם טאטן בסוד, האט עס אים נישט געוואונדערט: אין גראסעלעס האט דער איד געלעבט פון קצבה, פונעם חסידות איז אים פארבליבן נישט מער ווי דער טרונק בראנפן, די קינדער זיינע זיינען זיך צעפארן, וואוינט ער ביי זיינער א טאכטער אין אדעס און זי ווייסט מסתמא אפילו נישט וואו איר טאטע נעמט אויף א טרונק בראנפן... מיין טאטע האט דעם ענין געזוכט אויסצוגלעטן און האט נישט געמערקט ווי שטארק ער האט דעם זעלבן ענין ביי מיר צע־קנייטשט... איך האב מיטאמאל דערזען פאר זיך די גרויסע וועלט פון געפאלנקייט, וואס גארקי האט זי ביי די האר געשלעפט ארויסצוהויבן זיך מיט דעם כוח פון דער אילוזיע און זי איז דאך פארבליבן גע־פאלנקייט אוןווארט אויף איר גואל... איך בין שוין דעמאלט געווען א סאציאליסט... נאר ביז היינט בין איך זיכער, אז אין גראסעלעס, וואלט אט דער ירוחם נישט געגאנגען איבער די הייזער בעטן א נדבה.

די הייזער-גייער אין גראסעלעס פלעגן קומען פון ווייטע מקו־מות, קומען פלעגן זיי אין בוידן, ווי די ציגיינער, ריכטיקער, זיי האבן זיך דערשלעפט אהער פון יענע ווייטע מקומות און פון יענע ווייטע צייטן, וואו דער זיידע מענדעלע האט זיך מיט זיי אנגעטראפן, פון קאבצאנסק און פון טונעיאדעווקע, און האבן דא געהאט זייערע א באזונדערע סטאנציע. ווי אזוי דאס איז געשען, צי גראסעלעס האט זיך מיט זיי געשעמט און האט זיי דאס פלאץ אנגעוויזן, אדער זיי אליין האבן געוואוסט וואו זייער פלאץ איז און זיי האבן זיך פאר־

קליבן אין אַזאַ ווינקל וואו מען זאָל זיי נישט אַרויסזען; אין דער ניי־דער, ביים טייך, אין דער סאַמע עקסטער פון די זעמליאַנקעס מיט די אָפּגעגראָבענע הייף פון הינטן, אויף דעם ברייטן הויף אירן, האָט ער זיך צעלייגט, אָט דער מענטשלעכער אָפּפאַל, צווישן וועלכן דער זיידע מענדעלע האָט געפונען שפּורן אָדער רעשטן פון מענטשלעכער שיינקייט...

מיר האָבן געוואוינט אין אַ שטוב, וואָס איר הויף הינטן האָט זיך פאַרענדיקט איבער אָט דעם „אָפּגרונט". איבער אַ נידעריקן לײמענעם וּוענטל, וואָס האָט דעם הויף געשיצט, פאַרוואַקסן פון דער אַנדער זייט מיט ווילדן גראָז, פלעגן מיר, קינדער, הערן דאָס הייזעריק־קוויטשיקע געשריי פון די „ביידלעך"; קללות, וואָס אין שטעטל ביי אונדז פלעגט מען זיי נישט הערן אַפילו נישט אויפן מאַרק „צווישן די עפּעלעך"... גערופן האָבן זיי זיך מיט מאָדנע צונעמען: „סטערווע", „עיפוש", „פּגר", „בלינדע שקאַפּע", געפּגרטע זשאַבע", „דראָפּיטש", און אויך „כל חמירא", אַ צונאָמען, וואָס מיר חדר־אינגלעך האָבן געגעבן איינעם אַן אַלטן הייזער־גייער מיט רויטע אויגן. מיט אַ זייטיק שטעגל, וואָס האָט זיך געצויגן ביי דער זייט פון אונדזער הויף אַראָפּ אין אַ פאַרלאָזענעם גאָרטן אַריין ביים טייך, וואו מען פלעגט גיין רייסן נים־בלעטער צום צוואָגן זיך, פלעגן מיר אַרויפקלעטערן אויף דער אַנדער זייט איבערן „אָפּגרונט" און צוקוקן זיך צו דעם לייזיק־שלעפּערישן לעבן פון דעם פאַרשאָלטענעם געזינדל, וואָס האָט זיך, דאַכט זיך, אַליין פאַרשאָלטן מיט זיינע טויטע קללות. דער באַלעבאָס פון יענער זעמליאַנקע, אַן עלטערער איד, אַ למדן פלעגט מען זאָגן, און אַ דורכגעטריבן־קליגער, האָט געהאַט טעכטער, וואָס האָבן געשמט פאַר „כאַמער־אייזלעך", דינסטן אין רייכע הייזער, און אַז גראָסעלעס איז זיך צעוואַקסן און האָט זיך גענויטיקט אין אַ ליבע־געשעפט, האָט די זעמליאַנקע אויסגעפילט אויך אָט די „סאָציאַלע פונקציע".

די פּראָפעסיאָנעלע שנאָרעריי, וואָס די גראָסעלער האָבן באַטראַכט פאַר דער גרעסטער קללה און אויך פאַר דער גרעסטער בושה, איז פונדעסטוועגן אַקצעפּטירט ווי אַ סאָציאַלע אינסטיטוציע. אַ חוץ דער „צדקה גדולה", וואָס פאַרנעמט זיך מיט טיילן קצבה, „מעות חיטים"

און אויסהאַלטן די תלמוד־תורה און אַ חוץ גאַבעטעס, וואָס גייען אום מיט דער פּאַטשיילע אין ספּעציעלע פאַלן, ווי פאַר אַן אָרימער גע־ווינערן אָדער אויף אַ רעצעפּט פאַר אַ אָרימען חולה, האָט גראָסעלעס אויך אַ חברה „עזרת עניים", וואָס איר עובדה איז: אויסבייטן די פרעמדע הייזער־גייער „פּרוטות", אויף צו געבן רעשט. די „פּרוטה" איז אַ שטיקל קאַרטאָן מיט דעם שטעמפּל פון דער גראָסעלער חברה און האָט דעם ווערט פון אַ גראָשן. פאַראַן זיינען גראָסעלער אידן, וואָס קענען זיך נישט פאַרגינען די הוצאה פון געבן יעדן אָרימאַן אַ גאַנצע קאָפּיקע און „ארויסלאָזן אים אַ פּאַרשעמטן" ווילן זיי אויך נישט. דערצו נוצן די „פּרוטות" אָדער פּשוט „קוויטלעך". באַשעפּ־טיקט האָבן זיך מיט דער „צדקה קטנה" יונגעלייט, חתן־בחורים, וואָס זיינען זיך „מחנך אין מצוות", גרייטן זיך אויף קהלשע עסקנים.

:: :: ::

אויב פּראָפעסיאָנעלע שנאָרעריי ווערט אין גראָסעלעס אָקצעפּ־טירט, כאָטשע דאָס איז פאַר די גראָסעלער די גרעסטע קללה און די גרעסטע בושה, איז די פּראָפעסיאָנעלע גנבה, דאָס הייסט, גנבה אַלס פאַך, פאַרמשפּט, ווי דער ערגסטער פאַרברעכן. מען קען נישט אָנ־ווייזן אין גראָסעלעס אויף קיין איין מענטשן, וואָס מען זאָל אויף אים קענען זאָגן, אַז ער איז אַ גנב. גנבים, ווייסט מען אין גראָסעלעס, זיינען פאַראַן אין די גרויסע שטעט. פאַראַן זיינען דאָרט קעשענע־גנבים, אַזעלכע הייסט עס, וואָס גנבענען זיך אונטער און ציען אַרויס מיט פלינקע פינגער דאָס בייטעלע פון דער קעשענע, דעם זייגער מיטן קייטל; אַנדערע גנבים, וואָס כאַפּן צו זאַכן, וואָס מען האָט פון דער האַנט אַוועקגעלייגט, אַ פּעקל סחורה, אין גאַס, אין קראָם, אין וואַגאָן; פאַראַן גנבים, וואָס גנבענען פון די וועגענער בעת מען פירט סחורה איבער דער גאַס, מען שלעפּט אַראָפּ זעק מיט צוקער, קאַסטנס מיט זייף... אַנדערע שלעפּן אַראָפּ זעק מיט תבואה, וואָס מען פירט אויף דער „זאַסטאַווע" אָדער קוישן פּרוכט, וואָס מען פירט אויפן „פּרי־וואָז". פאַראַן דאָרט אויך שלעסער־ברעכער, קאַסע־ברעכער, אונטער־גראָבער, און אויך אַזעלכע, וואָס זיינען גרייט אויף מאָרד. אַזוינס איז

אין גראָסעלעם נישטאָ; טרעפט אויפן גראָסעלער יאַריד מען כאַפּט אַרויס ביי איינעם דאָס בייטעלע מיט דעם געלט, איז דאָס די אַרבעט פון אַ גאַסטראָליער, פון אַ שמאָטישן קעשענע־גנב, וואָס איז געקומען פּרואוון מזל אויפן יאַריד. האָט געטראָפן אַמאָל מען האָט ביי מיין פעטער שלמה אויסגעליידיקט די שניט-קראָם זיינע דורך אַ לאָך פון אַ ניט־פאַרנומענער הינטערשטער קלייט, געדענקט מען עס אַלע יאָרן ווי עפּעס אַן אויסטערלישע געשעעניש און די גנבים זיינען געווען אַזש פון טיראַספּאָל. איין איינציקער גראָסעלער איז פאַרמישט געווען אין דעם שטיקל אַרבעט, אַ יונגער באַלעגאָלישער זון, וואָס האָט געמאַכט אַן „אַוואַנטורע". ווייטער דערפון איז עס ניט אַוועק. מען האָט דערהרגעט ביי אונדז אין שטעטל אַן אַלט פּאָרפאָלק אָן קינדער, וואָס האָט געהאַלטן אַ שענק און אַן איינפאָר־הויז, האָט מען ביז היינטיקן טאָג די מערדער נישט געפונען, נאָר יורשים האָבן זיך געיאַוועט אַזעלכע מאָדנע פון דער פּריעמד...

פונדעסטוועגן, קען קיינער נישט זאָגן, אַז אין גראָסעלעם גנבעט מען נישט. עס גנבעט אַ פויער אַ הערינג פונעם פעסל און אַ בייגל ביי דער שטעל, ווען די בעקערקע פאַרקוקט זיך, און עס גנבעט אַ תבואה-סוחרל און אַ קרעמערל אויף דער וואָג, אויף דער מאָס און אויפן חשבון... צי אָנזעצעריי איז גנבה און צי דאָס איז פון יענעם מין גנבה, אויף וועלכער עס זאָגט זיך, אַז „אַ גונב מן הגנב איז פּטור", נעם איך מיך איצט נישט אונטער צו אורטיילן, נאָר דאָס מין איז אין גראָסעלעם פאַראַן גאָר היבש, איבערהויפּט צווישן די שניט-קרעמער... און דאָ קום איך צו אַ מין גנבה, וואָס האָט אַן אַלטע טראַדיציע און איז אַלע יאָרן פאַרבונדן מיט דעם פערד־האַנדל, מיט ציגיינער און מיט פּריצים. און די טראַדיציע האָט זי געמאַכט פאַר האַלב־לעגאַל. און אפשר איז אין דער האַלבער לעגאַליטעט שולדיק טאַקע דאָס וואָס אין דעם ענין זיינען אָפט שטאַרק פאַרמישט די פּריצים גופא. אַ פּריץ קען אָפט נישט ביישטיין דעם נסיון און קויפט ביי אַ ליוועראַנט אַ פּאָר צאַצקעדיקע פערד, וואָס יענער קען נישט אָנווייזן פון וואַנען ער האָט זיי באַקומען און דערפאַר טאַקע מאַכט ער אָפט אַ שווייג ווען מען פירט ביי אים אַרויס פון שטאַל זיינע אַ פּאָר פערד. און דערפאַר, אפנים, הערשט נאָך אין אָט דעם מין פאַרברעכן דאָס רעכט פון

זעלבסט־געריכט. כאַפּט מען דעם פערד־גנב ביי דער האַנט, מערסטנס ציגיינער, מעג מען אים „אָפּשלאָגן די לונגען", „שלאָגן אַ מינוט צום טויט", אבי נישט צו טויט. פון דעם פערד־האַנדל איז די דאָזיקע טראַ־דיציע אריבער אין אַ געוויסער מאָס אויך צו פעל־האַנדל...

בקיצור, גראָסעלעס איז אַ שטעטל, ארום וועלכן עס וואוינען אַ סך פּריצים און גראָסעלעס איז אַ שטעטל פון אַ סך טראַנספּאָרט, פון גויים וואָס פירן סחורות און תבואות און פון אידישע באַלעגאָלעס, וואָס פירן פּאַסאַזשירן, איז דאָ דעריבער שטאַרק אַנטוויקלט אָט דער מין מסחר, וואָס שטייט איין אין די הענט פון ציגיינער און אידן. פּריצים האַנדלען נישט מיט קיין ציגיינער, די ציגיינער האָבן אָפּט אַ צו דירעקטע שייכות מיט די שטאַלן, האַנדלען זיי מיט די אידן. דער מין אידן טיילן זיך אָבער אויך אויס פון אַנדערע: דאָס זיינען, מערסטנס, גבורים, ריזיקע אידן מיט ברייטע פּלייצעס, וואָס שטאַ־מען פון די דערפער, פון די קאָלאָניעס.

נאָענט צו אָט די אידן שטייען, פון איין זייט, יענע לעגענדאַרע אידישע פּאַרשוינען, וואָס האָבן, ווי „בויטרע", דער אידישער העלד, וואָס משה קולבאַק האָט אים פאַרייביקט, געהאַלטן אין שרעק גאַנצע געגנטן מיט זייערע פּריצים און אין גראָסעלעס דערציילט מען נאָך ביז היינטיקן טאָג מעשיות וועגן זייערע העלדישקייטן, וועגן זייער אָפענער האַנט און שוץ פאַר די אָרימע און שוואַכע אין דער גאַנצער געגנט, איבערן קוטשורגאַן און קוויאַלניק. פון דער אַנדער זייט, שטייען צו זיי נאָענט די באַלעגאָלעס, די אָקסן־הענדלער, די נבלה־שינדלער און די קצבים, ווי אויך אידן פון די איינפאָר־הויף, וואָס זיינען, פון זייער זייט, שוין נאָענט צום שענקערישן יחוס.

די אידן פון די איינפאָר־הויף זיינען אָפּט זייטיקע מעקלער ביי אַלע מינים געשעפטן. זיי קענען זיך מיט דעם פּריץ און קענען זיך אויך מיט דער „אַקציזניק", וואָס קומט אין שטעטל אויף אַן אינס־פּעקציע איבער די האַנדלס־פּאַטענטן און איבער די גראַדוסן ספּירט אין די שענקען און „פּאָדוואַלן" און פועלן ביי זיי אַ טובה, כאָטשע אָפּט פאַרמסרן זיי אויך. זיי האַנדלען אונטער מיט פוראַזש און ביי זיי אין די הויף שמעקט מיט פערד, דאָס וואָס פאַרבינדט דאָס שטעטל

מיט דעם דאָרף, מיט דער נאַטור, נישט נאָר עקאָנאָמיש, נאָר אויך פּיזיש.

דירעקטע פערד־גנבים זיינען צווישן אידן כמעט נישטאָ; דאָס זיינען מערסטנס ציגיינער און שטעטלשע פּויערים, וואָס וואוינען שוין נאָענט צום דאָרף. ווערט ביי אַ פּויער פאַרלוירן אַ פערד אָדער אַ קו, ווענדט ער זיך נישט צו פּאָליציי, נאָר צום „וואָראָזשעביט", צום „נביא", הייסט עס, און דער איז שוין אַ גאַנצער שטעטלשער פאַר־שוין, פון די ווינציקע שטעטלשע פאַרשוינען ניט-אידן, צוזאַמען מיט דעם באָד־גוי, מיט דעם שבת־גוי און מיט דעם גויאישן טרעגער, וואָס מען רופט מערסטנס אויף אָפּצולאָדן מעל פון די וועגענער...

:: :: ::

סאָציאַל און גייסטיק קלאַסיפיצירן זיך די גראָסעלער אידן אין די שילן. שילן האָט גראָסעלעס דריי און יעדע שיל שטעלט מיט זיך פאָר בערך אַן אַנדער קאַטעגאָריע שטעטלשע אידן. אין דער זעלבער צייט אָבער אויך אַן אַנדער עטאַפּ אינעם אויפבוי פונעם שטעטל.

די אַלטע שיל, וועלכע איז שוין טאַקע אַלט און ס'איז שוין באַלד אַ סכנה צו דאַוונען אין איר, איז אויך די ערשטע גראָסעלער שיל. אויסגעבויט האָט זי דער אידישער גוטבאַזיצער נאָטע קנעבעלמאַן אין דער גאַס, וואָס הינטער זיין שטוב. דער געוועזענער צענטער פונעם שטעטל. אירע מזרח־באַלעבאַטים, אירע גבאים זיינען די שענקער און די עלצטע און אויך רייכסטע קרעמער, די הורטאָוניקעס. דאָרט דאַוונט דער רב, דער גראָסעלער ווילד־פרומער רב און גרויסער שוטה, ר' יויזעפל קאַצענעלנבויגן, פון גאָר אַלטן רבנישן יחוס, וואָס דער זעלבער אידישער גוטבאַזיצער האָט אים אויפגענומען, ווען גראָסעלעס האָט שוין באַדאַרפט אַ רב, און האָט פאַר אים אויסגעבויט אַ שטוב לעבן דער שיל, אויף דער צווייטער זייט ביים ארויפקום פונעם טייך. דאָרט דאַוונט אויך דער שיראַיעווער רב, אַ רב, וואָס האָט געמוזט פאַר־לאָזן זיין שטעטל, די געוועזענע קאָלאָניע שיראַיעוואָ, און האָט זיך באַ־זעצט אין גראָסעלעס צוזאַמען מיט זיינע טעכטער, „בויגרעסעס", וואָס פירן אַ שניט־קראָם. צו דעם רב גייט מען נישט מיט קיין שאלות, כאָטש מען ווייסט, אַז ער וועט גיכער פּסקנען אויף כשר, דערפאַר גייט מען צו אים מיט אַ דין-תורה, ווי צו אַ קלוגן אידן. דער אַלטער רב, זאָגט

מען, ווייסט אפילו נישט קיין צורת מטבעה. און נאך א גרעסערער שוטה איז זיין זון פנחסל, וואס איז קיין לערנער אויך נישט. שטעטל ווארט אויף דער געלעגנהייט איבערצוגעבן דאס רבנות זיין איידעם, א יונגערמאן, וואס לייענט שוין א רוסישן בלאט.

אין דער שיל דאווענען די טאלנער חסידים. דאס זיינען אלץ אידן מיט א שטעל, מיט ברייטקייט און חוצפה, אפילו דער יורד צוויי־שן זיי, וואס קומט אן צו קצבה, איז א געפוצטער איד און א בעל־גאווה. איין קלייניקייט, זיי זיינען חסידים פון דער מעכטיקער רביים־דינאסטיע אין אוקראינע! דאס האט ער דאך, ר׳ דודל טאלנער, גע־שריבן אין א בריוו צו זיין גראסעלער עדה: „הנני העומד בין ה׳ וביניכם", ווי משה רבנו, נעפריטשקאם, האט געזאגט, ווען צווישן דער אידישער עדה אין דער מדבר האט אויסגעבראכן דאס מחלוקת: איך בין דער וואס שטייט צווישן גאט און אייך... נאטירלעך, דאווענען דארט אויך אידן קבצנים, אבער אלץ אידן מיט פרעטענזיעס, אדער אויף למדנות אדער אויף יחוס.

די צווייטע, לויט איר עלטער, איז די „מיטלסטע שיל". דאס איז די שיל פון די באלמעלאכעס. אירע מזרח־אידן, אירע פני זיינען די קצבים — אידן וואס שטייען אין יחוס אויף דער גרעניץ צווישן באלמעלאכע און שענקער־קרעמער — ארויפגעארבעטע באלעגאלעשע זין און איידעמס — די נייע גבירים פונעם שטעטל, וואס קומען זעלטן אין שיל — אלטע איינגעפונדעוועטע בעקערס, א רייכער טאנדייט־ניק, פישער און באנדארעס, נאר גבאים זיינען דארט גראד „פראס־טאקעס", ווי באלמעלאכעס רופן די פאכלאזע: א איד א תקיף — א באלעבאס פון אן איינפאר־הויז; א זון פון א פעל־הענדלער, וואס איז ברוגז געווארן אין זיין שיל פאר אן אויסגעקויפטער עליה וכדומה. שוסטער, שניידער, שמידן, באלעגאלעס און ליוועראנטן, זיינען אויך דא, אין זייער שיל, דאס פעבל. אויך די שיל האט דאווענער חסידים: ראכמעסטריווקער, מערסטנס אידן הארעפאשניקעס, אן געזעלשאפט־לעבער ווירקונג.

די נייסטע שיל איז די סאדעגערער קלויז. דעם מזרח פארנעמען דא אידן קרעמער, פעל־הענדלער, לעדערווארגער, קליינע תבואה־סוח־רים און „מירטשיקעס", וואס זיינען קרובים פארבונדן מיט קרעמערי־

שע פאמיליעס, מיט באלעבאטישן גראד... דא דאוונט מיין זיידע משה פיינבערג און זיינע זין און מיין טאטע.

אלע דריי שילן האבן זייערע שוחטים, וואס זיינען אויך זייערע „בעלי־מוסף", מנגנים, הייסט עס. שחרית און מנחה־מעריב דאוונען שיל־באלעבאטים, וואס טורנירן זיך און היטן זייער חזקה צו דאוונען פארן עמוד: איינער אויף „קבלת שבת", א צווייטער אויף שבת פאר־נאכטיקער מנחה, א דריטער אויף פונפארנטיקן דאוונען ביז „הודו" און א פערטער פון „הודו" און ווייטער ביזן לייענען.

אין שטעטל פלאקערט א מחלוקת און א שנאה צוליב דעם דריטן שוחט. די מיטלסטע שיל, די באלמעלאכישע, האט קיין שוחט נישט געהאט, און ווען נישט די פראסטאקעס־תקיפים, וואלטן זיי אפשר אויך ווייטער זיך באגאנגען אן אן אייגענעם שוחט, טראגנדיק זייער גורל פון א נידעריקער קאטעגאריע אידן. די תקיפים האבן געבראכט אין שטעטל א ספעציעלן באלמעלאכישן שוחט, אזא וואס אים זאל אנשטיין קומען אויף א באלמעלאכישן ברית אדער חתונה און א באל־מעלאכע זאל זיך אין זיין אנוועזנהייט נישט פילן נאר נידעריק אדער אומבאקוועם. אויסגעפאלן איז דער גורל אויף א שוחט פון א נאענ־טער אידישער קאלאניע, וואס איז זיך פונאנדערגעפארן און ער איז געבליבן אן פרנסה.

עס האבן זיך אנגעהויבן „שאלות ותשובות" פון רבנים, „התראות" פון גוטע אידן, איבערהויפט פון דעם טאלנער. דער ראכמעסטריווקער האט זיך פאר אים איינגעשטעלט, ווי פאר זיינעם א חסיד, ר' נחום־צי אליין איז צוליב דעם ענין געקומען קיין גראסעלעס, נאר וואס פאר א ווערט האט אין גראסעלעס דער ראכמעסטריווקער קעגן דעם טאלנער מיט דעם סאדעגערער, וואס מען האט אים אויך גערופן באר־הושער און הוסיאטינער? דער האצעלער, צו וועלכן עס פארן אלע גראַ־סעלער באלמעלאכעס און דער עיקר זייערע ווייבער, האט זיך נישט געמישט. ער איז א איד, וואס איז באמת אויסגעטון פון אלע ערדישע זאכן און קען נאר ווינטשעווען. אויך ער איז דעמאלט געקומען קיין גראסעלעס, געפראוועט א שבתדיקן טיש, אידן האבן געכאפט שיריים, נאר ווייטער איז ער נישט געגאנגען. ער אליין איז דאך בלויז אין ארענדע ביי די גבאים זיינע, ביי זיין הויף...

דער סוף איז, אידן פון די אנדערע צוויי שילן עסן נישט פון דעם דריטן שוחטס שחיטה, היטן זיך דערפון ווי פאר טריפה. איז א איד פון דער אלטער שיל און פון דער קלויז פארבעטן אויף א חתונה צו א אידן פון דער מיטלסטער שיל, פארזוכט ער נישט פונעם עסן און טרינקט בלויז לחיים. א רחמנות אויף דעם שוחט. ער איז טאקע נישט קיין גרויסער למדן, ווי מען שמועסט, אבער דורכשמועסן זיך ווילט זיך אים אמאל מיט א אידן א יודע-ספר און אין זיין שיל האט ער נישט אזעלכן. גייט ער אין א חדר פון א גמרא־מלמד און פארפירט א שמועס מיט די אינגלעך און מיטן מלמד...

מאכט זיך דער טאטע איז פארבעטן אויף א חתונה צו א אידן פון דער „מיטלסטער שיל" און אוים פראטעסט קעגן דער עולה, וואס מען באגייט קעגן דעם שוחט, עסט ער דאס פלייש, וואס מען האט דערלאנגט. אנגעהויבן האט זיך דעמאלט א העצע קעגן דעם טאטן און נאכמער, ווען אויף אים קוקנדיק, האבן אויך אנדערע אנגעהויבן עסן פון דעם שוחטס שחיטה. ער איז א „חוטא ומחטיא את הרבים", ווי ירבעם בן נבט... דערפאר אבער האט ער באקומען דעם דריטן שוחט פאר אן איבערגעגעבענעם פריינט. אז דער טאטע גייט דורך פארביי זיין טיר, קומט ער ארויס און פארפירט מיט אים א שמועס וועגן א שטיקל „אורח חיים", וואס דער איד איז אין אים פאר־קאכט, אזוי ווי דער טאטע אין „אבן עזרא". און אז אידן הערן דער דריטער שוחט רעדט פון תורה, ווערט דער חרם קעגן אים אלץ שוואַ־כער און שוואכער...

און נאך א זאך האט דער דריטער שוחט אויפגעטון: ער האט אוועקגעזעצט זיינעם א בחור לערנען אין דער מיטלסטער שיל, און דארט וואו עס האט זיך קיינמאל נישט געהערט קיין קול תורה, האט זיך פלוצים צעזונגען א גמרא־ניגון. די אלטע שיל, וואס האט זיך גע־רופן אויך בית-מדרש, האט זיך געפילט געטראפן: ס'טייטש, און וואו זיינען אירע לומדים? אירע אלטע שטענדערס, פארטריפטע מיט חלב, איר לאנגער טיש ביי דער הרובע, וואס איז צעאקערט און צעשניצט פון די לערנער, וואס האבן אויף אים זייערע סיומס געמאכט אויף ש"ס, שטייען שוין לאנג פארשעמטע... יענע לומדים זיינען היינט יונ־גע תבואה־סוחרים און קומען זיך גאר צונויף אויף אן אקעלע, ערגיץ

צו מאיר קאושאנסקי אָדער צו אַן אַנדער סוחר און „מען זאָגט תהי־לים", ווי מען רופט צווישן זיי די קאָרטן־שפּילער, ביזן ווייסן טאָג און קיין נייע לומדים קומען נישט צו.

ביז איצט איז דאָס בית־מדרש אייפּערזיכטיק געווען אויף דער קלויז; אין אָט דער נייער שיל, וואָס שטייט כמעט אין אַנדערן עק שטעטל, אויף אַ נייער גאַס, כמעט אַ נאַקעטע, אָן טראַדיציע, האָט זיך פאַרקליבן עפּעס אַ ליטוועקל, מען ווייסט נישט פון וואַנען ער האָט זיך גענומען, אַ פּרוש, מען ווייסט נאָר, אַז ער הייסט מיישקע, קלויז־באַלעבאַטים האָבן אים געשאַפן „טעג" און ער פאַרקלינגט יענע נייע גאַס מיט אַן אַלטן — געשמאַקן און נאָגנדיקן גמרא־ניגון. אין אַלטן בית־מדרש פלעגט זיך נאָך אַמאָל אַריינכאַפּן אברהמל קיילעס, אַ יונ־גערמאַן פון דער טייך־גאַס, דער גראָסעלער „עילוי", נאָר זינט ער האָט חתונה געהאַט און געוואָרן אַ גמרא־מלמד און גראָד אין די נייע גראָ־סעלער גאַסן, זעט מען אים נישט מער אין בית־מדרש, נאָר גראָד אין קלויז, וואו ער איז געוואָרן בעל־קורא און האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ גאָר פיינעם קאָנקורענט דעם פישער שייע טעמעס מיט זיין „לכו נרננה"... די חדרים אפילו האָבן זיך גענומען אַרויפּרוקן פון די אַלטע גאַסן ביים טייך אַרויפצו, צו די נייע גאַסן. נישטאָ וואָס צו מאַכן, גראָסעלעס באַנייט זיך.

:: :: ::

די קלויז איז געווען די שיל פון מיין זיידן, משה פיינבערג, און פון מיין טאַטן און אויך מיינע איז זי געווען. מיין זיידע איז געווען איינער פון אירע גרינדער, לאַנגיאָריקער גבאי און אויך בעל־מוסף. זיין אָרט איז געווען אין מזרח און לעבן ארון־קודש. דעם טאַטנס אָרט איז געווען אויף אַ באַנק קעגניבער. אַהער האָב איך אין די שבתים נאָכגעטראָגן דעם טאַטן דעם טלית, דאָ האָב איך געפילט די קאָסמישע פרייד פון שבתדיקן דאַווענען און דאָ אויך האָב איך געפילט דעם הייליקן שוידער פאַר „כל נדרי", ווען דער שמש גיט אַ קלאַפּ אין בע־לעמער און רופט אויס: „על דעת הקהל ועל דעת המקום אנו מתירין להתפלל עם העבריינים" (מיט דעם ווייסן פון קהל און פון גאָט דער־לויבן מיר דאַוונען מיט גראָבע יונגען)... און פונעם חזנס „אור זרוע זרוע לצדיק ולישרי לב שמחה" ביים עמוד, וואָס האָט דאַכט זיך דעם

הימל צעעפנט פאר די יום־כיפורדיקע תפילות און פון זיין געבעט צו „נעילה״: „פתח לנו שער״ (עפן אונדז דעם טויער פון רחמנים פאר תשובה) ווען די וועקסענע ליכט האבן זיך געשמאָלצן און אין די שויבן האט געדרונגען די שיין פון דער אונטערגייענדיקער זון און געפילט האט זיך אין שיל דער קרעכץ פון דעם „בן־הנעקד״, פון יצחקן דעם געפירטן צו דער עקידה און איך האב אויף א מינוט א טראכט געטון — זאל מיר דער אידישער גאט מוחל זיין! — צו יענ־זוסן דעם געפייניקטן, און האב מיך געפרעגט צי ווערן נישט אום יום־כיפור צו „נעילה״ אידן פארוואנדלט אין קריסטן, אין געצנדינער צום גאט פון פיין?...

איך האב מיר א סך מאל געשטעלט די פראגע נאכדעם ווי איך האב מיך באקענט מיט דער דעפיניציע פון „יהדות״ ביי די חכמי יש־ראל און שוין שפעטער, ווען איך האב געלייענט לייוויקס דערדריקנ־דיקע עקידה־לידער און האב מיר געטראכט צי איז נישט אט די איינ־שטעלונג א סתירה צום גאנצן אידישן סאציאלן באנעם פון דער תורה און פון דעם פאלקס־וועזן דורך אלע צייטן, וואס שפיגלט זיך אפ טאָ־קע אין דעם אידישן שבת און אין די אידישע יום־טובים... איך שטעל מיר די פראגע אויך איצט, ווען מיין געדאנק פירט מיך איבער די אי־דישע יום־טובים, די יום־טובים פון אלטן און נייעם אידישן שטייגער, פארבונדענע מיט דעם אידישן נאציאנאלן לעבן, באזונדערס מיט דעם אידישן שטעטל און מיט דער אידישער שיל. מיין געדאנק פירט מיך איבער דעם פארכטיקן אבער באנייערישן און האפנונגספולן ראש השנה; איבער דער פרייד פון סוכות און שמחת תורה, ווען דריט־האלבן טויזנט יאר גייען דורך פאר אונדז אין א מארש, וואס פאר־וואנדלט זיך אין איין דורכויסיקן טאנץ; איבער דער מאיעסטעטישער אכט־טאגיקער פרייהייטס־פאעמע — פסח און איבער דעם גרינעם צוויי־טאגיקן ליד — שבועות.

איך ווייס, די שיל, מיט וועלכער אט די אידישע יום־טובים זיי־נען פארבונדן, איז שוין נישטא, זי איז אוועק צוזאמען מיט דעם שטעטל, וואס האט זיין פונקציע אינעם אידישן לעבן פארענדיקט און עס זיינען אויך נישטא א סך פון די מיליאנען אידן, וואס האבן אט דאס לעבן געלעבט און האבן עס נאך געקענט לעבן און איך ווייס,

אין מיר זינגט איצט די פרייד פון מיין קינדהייט, וואָס האָט מיך קיינמאָל נישט פאַרלאָזט, אפילו נישט אין די טרויעריקסטע מאָמענטן פון מיין פערזענלעכן און מיין געזעלשאַפטלעכן לעבן; נאָר איך גלויב, ריכטיקער, איך בין טיף איבערצייגט, אז דער פיל טויזנט־יעריקער גייסט פון א פאָלק, וואָס האָט געקענט אַריינברענגען אזוי פיל לעבנס־פרייד אין די געטאָס און אין די צארישע שטעטלעך, וואו אידן האָבן געלעבט אונטער גזירות און פאָגראָמען, אונטער די פחדים פון א הערשערישן נקמהדיקן קלויסטער און טאָג־טעגלעכער מורא פאַר פריס־טאוועס און אוריאַדניקעס, קען נישט פון היינט אויף מאָרגן אָנווערן זיין שעפערישקייט און מוז אונדז ברענגען, אין נייע סאָציאַלע אומ־שטענדן און פאָרמען, נייע פרייד, נייע יום־טובים.

:: :: ::

די שיל האָט אויך א פאָליש. דער האָל, ווי מען וואָלט עס דאָ געזאָגט. דאָ שטייט דער „כיור", דאָס הייסט א האַנט־פאַס צום וואַשן די הענט און פשוט א פאַס מיט וואַסער, פון וועלכן די לויים שעפּן וואַסער מיט דער קוואָרט אויפצוגיסן די כהנים פאַרן דוכענען און עס הענגט א לאַנגער האַנטעך, א נאַסער, צום ווישן די הענט. אָבער, דער פאָליש דינט אויך צום דאַוונען פאַר אידן וואָס האָבן נישט קיין פּלעצער אין שיל און פאַר יונגעלייט. ערב יום־כיפור שטעלט מען דאָ די „קערות" אויף שיל־ענינים און קהלשע. שמחת תורה, ווען אַלע אידן ווילן אויפגערופן ווערן צו דער תורה, לייענט מען דאָ באַזונ־דער און עטלעכע מאָל נאָכאַנאַנד. דער פאָליש איז אָבער אויך אַן אָרט פאַר שטיפערייען פונעם יונגוואַרג און פאַר ניבול־פּה פון דער־וואַקסענע, דאָ דערציילט מען אַפּיקורסישע וויצן, מען לאַכט אָפּ פון־נעם רב און פון דער רביצן, פון די רביים און פון די חסידים און מען שטעכט זיך מיט שפּילקעס בעת מען שטייט שמונה עשרה...

אינדערוואָכן איז אין שיל נערוים. אינדערוואָכן קומען אידן אין שיל אריין אָפּדאַוונען און אַנטלויפן צום געשעפט, צו דער אַרבעט. אינדערוואָכן קומען נאָר עלטערע אידן, קדיש־זאָגער און אידן וואָס האָבן יאָרצייט. נאָכן דאַוונען שטעלן די יאָרצייטן „תיקון", דאָס הייסט

בראָנפן מיט בייגל צום פאַרבייסן און מען ווינטשט דער נשמה אַן עליה. פאַראַן אָבער אויך אידן, וואָס פאַרבלייבן נאָכן דאַוונען. ווינ־טער בלייבן זיי זיך וואַרעמען ביי דער הרובע און זומער, ווייל ס'איז נישטאָ וואָס צו טון און זיי בלייבן זאָגן תהילים. מען זאָגט תהילים מיט אַזאַ געשמאַק, ווי מען וואָלט געפילט דערין טויזנט טעמען. מען שמועסט פון וועלט-פּאָליטיק און מען דערציילט חסידישע מעשיות, „נפלאות צדיקים", און אנעקדאָטן פון הערשל אָסטראָפּאָליער. אינ־דערוואָכן צעפּאַקעוועט אַ פּאַקנטרעגער בעתן דאַוונען זיין רומל און עס קוקן אַרויס פון צווישן די סידורים און חומשים, אויך מעשה־ביכלעך... צו מנחה־מעריב קומט אַ גרעסערער עולם, איבערהויפּט ווען כ'איז דאָ אַ מגיד.

פאַראַן מגידים, מיט נעמען, וואָס ציען צו אַ גאַר גרויסן עולם, יענע זאָגן נאָך מעריב. מערסטנס פלעגט מיר חידושן ווי אידן מיט בערד הערן זיך איין פאַרגאַפטע, אַזש די נעז שוויצן ביי זיי, צו דעם בעל־דרשן, וואָס דערציילט משלים און ברענגט פּשטלעך, וואָס איך האָב שוין געלייענט אינעם טייטש־חומש... אַן אַנדערער ווידער פלעגט אַריין אין עקסטאַז. דער פלעגט מיך אַליין פאַרטראָגן אויף די פליג־לען פון זיין וויזיע, אַזוי אַז איך האָב שוין גאָרנישט געהערט וואָס ער זאָגט, נאָר געפילט האָב איך ווי ער טראָגט מיך אַוועק ערגיץ ווייט אין אַנדערע וועלטן. איינער אַזאַ מגיד, געדענק איך, איז נאָכן זאָגן צוגעפאַלן מיטן פּנים צום בעלעמער, אַ פאַרטראָגענער פון זיינע איי־גענע רייד, פון זיין וויזיע... פון די „מוסרניקעס" איז ער, האָט מען געזאָגט, און ווען איך בין אַהיימגעגאַנגען האָב איך געטראַכט, אַז אָט דאָס מיינט אַפּנים דער חומש, וואָס זאָגט וועגן בלעמען, אַז ער איז געווען אַ „נופל וגלוי עינים"... געווען אויך אַזעלכע, וואָס פלעגן לוסטיק מאַכן דעם עולם מיט פּשטלעך און גלייכווערטלעך. איינער, געדענק איך, האָט זיך צעוויגט, און די אויגן האָבן אים דערביי פריי־לעך געפינקלט: וואָס דאַרף איך קאַווע און וואָס טויג מיר אַ יאַכל — און געקוקט מיט נצחון אויפן עולם — אַז איך מיש מיר אויף דאָס תהילימל און זאָג מיר „קוה אל ד' ויחל לבך"...

:: :: ::

אַזאַ בעל־דרשן האָט שוין געגרעניצט מיט אַן אַנדער מין זאָגער, וואָס פלעגט זאָגן נישט אין שיל, נאָר אין אַ פּריוואַטער שטוב, געווײנלעך ביי אַ רייכן וועלטלעכן אידן און די צוהערער זיינען אויך געווען אַנדערע, מער וועלטלעכע. דאָס זיינען געווען ספּעציאַליסטן ווערטל־זאָגער, וויצלער, אַנעקדאָטן־דערציילער און נאָכמאַכער. איינער פון די איז געווען לייבעלע גאָטס וואונדער. ער פלעגט, למשל, נאָכמאַכן ווי אַלערליי אידן זאָגן תהילים: דער קבצן פאַרגייט זיך מיט אַ דין געזעגנגעלע, ווי דאָס זומזען פון אַ קאָמאַר: „בך בטחו אבותינו ותפלטימו" — און דערביי שרומפּט לייבעלע זיך איין ווי אַ דאַר אידל אַ נעבעכדיקס און באַלד מאַכט ער נאָך ווי דער גביר שטעלט אַרויס דעם בויך און זאָגט מיט אַזאַ זיכערקייט און פעסטקייט: „בך בטחו אבותינו ותפלטימו"... ער מאַכט נאָך ווי אַלערליי באַלמעלאָכעם זאָגן תהילים און זינגען זמירות. פון אַזעלכע זאָגער און זינגער שטאַמען אַ סך פאָלקס־לידער: „איז געקומען אַ חזן", „הצליחה נא" און אַזוי ווייטער. ער איז אויך געווען אַ קונציקער דערציילער פון הערשל אָסטראָפּאָליערס מעשיות, אַזוי אַז דער עולם פלעגט זיך האַלטן ביי די זייטן לאַכנדיק.

פון לייבעלע גאָטס וואונדער פירט שוין דער וועג צו אַקטיאָרן „אַדינאָטשקעס". אַזאַ אַקטיאָר קומט אַראָפּ אין שטעטל און דינגט אָפּ אַ זאַל, אין אַן איינפאָר־הויז אָדער אינעם „אַדוואָקאַטס" דירה און צעטיילט אַליין אַפישן איבערן שטעטל: ער וועט שפּילן איינער אַליין ביידע „קוני לעמלעך" פון גאָלדפאַדן אָדער „קאָלדוניע". כדי די פּראָגראַם צו מאַכן אינטערעסאַנטער, ווייזט ער פריער אַ סעאַנס פון שוואַרץ־קונסט אויף אַ טישל מיט צוויי אָנגעצונדענע ליכט, ציט סטענגעס פונעם מויל, שלעפּט אַרויס אַ קראָליקל פון אַ קאַפּעליוש, נעמט אַראָפּ אַ זייגער מיט אַ קייטל ביי איינעם פונעם אויער... אַן אַנדערער זינגט קופּליעטן שמאַלציקע, האַלב-אידישע האַלב־רוסישע... פאַרן פאַרגעניגן באַצאָלט מען דערנאָך. ער אַליין גייט אום מיט אַ טעלער אָדער עס געפינט זיך אַ טעאַטער־ליבהאָבער, וואָס טוט דאָס פאַר אים.

קיין גראָסעלעס קומט אַמאָל אַראָפּ אויך אַ טרופּע, וואָס דינגט שוין אָפּ נישט קיין זאַל, נאָר אַ מאַגאַזאַן, אַ ליידיקן תבואה־שפּייכ־

לער. דעמאָלט גייט גאַנץ גראָסעלעס כּאַדאַראַם. פרומע אידן דרייען מיט דער נאָז, אויפגעקלערטע יונגעלייט ריידן מיט הויכע ווערטער: „ספעקטאַקל", „זרעלישטשע" און באַלמעלאָכעס לויפן, טראָגן צענויף רעקוויזיט, באַלייכטונג, מען טראָגט אַוועק די לאָמפּן פון דער שטוב: טעאַטער! גאָלדנפאַדעם! פינקל! און מען מאַכט נאָך האַצמעכן. גראָ־סעלעס איז נישט באַרדיטשעוו, גראָסעלעס וועט זיך אויסבאַהאַלטן אין איין באַרדיטשעווער גאַס, נאָר שלום עליכם האָט מיט זיין באַר־דיטשעווער טעאַטער שוין באַשריבן אויך דעם גראָסעלער, וואָס קומט אַהין איין מאָל אין אַ שמיטה. אַרטיקער אידישער טעאַטער איז נאָך נישט אַוועק ווייטער פון דער אחשורוש-שפּיל. די אַקטיאָרן זיינען באַל־מעלאָכישע זין און געזעלן און די פאַרשטעלונגען קומען פאַר פּורים צו דער סעודה ביי די גרויסע משפחות. איינע פון אָט די משפחות איז מיין זיידנס, די משפחה פיינבערג, און איר צוגאָב קאַץ און דעכטיאַר.

:: :: ::

גראָסעלעס וואַקסט און פּראָגרעסירט און אויך די דערציאונג פון אירע אידישע קינדער וואַקסט און פּראָגרעסירט. געהאַט האָט גראָסעלעס צוויי דרדק־מלמדים, מיט זייערע בעלפערס, און אָט האָט דאָס שוין זעקס; צו שמואל און צו שמעון מלמד איז צוגעקומען דער אוניוואַטער, אַן אַלטער איד פון מיאַסקיווקע, פון פּאָדאָליע, וואָס רעדט אונטער דער נאָז, און הערשקע, אַן עלטערער שניידער, וואָס האָט אַוועקגעוואָרפן די מלאכה און האָט זיך גענומען צום טייטל, דער „בלויער" מלמד, וואָס לערנט אויך שרייבן און דער בערדינער, וואָס איז אויך אַן איינבינדער. זיי לערנען מיט אידישע קינדער אלף־בית, קאָמעץ־אלף, טראָף און עברי. אידישע קינדער לייענען שוין אפילו „תרגום" הין און צוריק ווי אַ וואַסער, קענען שוין די רש"י־אותיות און הויבן שוין אָן חומש. דער דרדקי־מלמד האָט אָט די פּריווילעגיע אַריינצופירן דאָס אידישע קינד אין דער הייליקער תורה מיט דער ער־שטער פּרשה פון דער סדרה „ויקרא".

— וואָס לערנסטו, אינגעלע?

— חומש!

— וואָס טייטש חומש?

— פינעף!

— וואָס פינעף? — פינף בייגל פאר א קאָפּיקע?

— ניין, פינף חומשים איז פאראַן אין דער תורה!

— ווי אזוי הייסן זיי?

— בראשית איז איינס, שמות איז צוויי, ויקרא איז דריי, במדבר איז פיר, דברים איז פינעף!

— וואָס פארא חומש לערנסטו?

— ויקרא!

— וואָס טייטש ויקרא?

— און ער האָט גערופן!

— ווער האָט גערופן? דער טאַטע האָט גערופן די מאַמען?

— ניין, גאָט האָט גערופן צו משהן אויפן בארג סיני און אים געגעבן די תורה...

נאָך אָט דעם אריינפיר, איז דאָס אידישע קינד, שוין א פינף יאָריקער, אריבער צום מלמד פון חומש מיט רש"י. דאָ האָט ער שוין אָנגעהויבן פון בראשית; איינצלנע ווערטער־ווייז: בראשית — אין אָנהויב, ברא — ער האָט באשאפן, אלוהים — גאָט, את — און, השמים — דעם הימל, ואת — און, הארץ — די ערד... האָט דאָס איינגל דורכגעמאכט די וועלט־באשאפונג; די באשאפונג פונעם ערשטן מענטשן און ווי גאָט האָט אים פארטריבן פונעם גן־עדן; דעם מבול איבער דער פארדאָרבענער וועלט און נוחס קאסטן, וואָס האָט גערא־טעוועט די פאָרן אויף ווייטערדיקער פרוכפּערונג; די איבערקערעניש פון די פארדאָרבענע שטעט סדום און עמורה; די איינשווערונג פון אברהמען, די עקידה פון יצחקן און די אוועקנטורעס פון יעקבן מיט זיין ברודער עשו און זיין פעטער און שווער לבן פון ארם. דעם הונ־גער אין לאנד כנען און די אוועקנטורעס פון יעקבס קינדער ביז זיי זיינען געקומען קיין מצרים; ווי יעקב טרעפט זיך מיט יוספן, ווי ער שטארבט און געזעגנט זיך מיט די קינדער, ווי ער דערמאָנט זיין גע־ליבט ווייב רחל און כאראקטעריזירט יעדן איינעם פון זיי און בענטשט זיי...

שטאַלפּעריק איז דער וועג, פרעמד זיינען די ווערטער און מען דאַרף איינחזרן און געדענקען זייער טייטש, נאָר עס ליגט אין זיי עפּעס אַזוינס וואונדערלעכס און פאַרכאַפּנדיקס: דער אויפקום פון דער וועלט און פון די מענטשן, זייער געראַנגל פאַר פיזישער דער־האַלטונג און זייער גייסטיקע לייטערונג און דאָס קינד שטעלט זיך נישט אָפּ פאַר קיין שום שוועריקייט און גייט פאָרויס און פאָרויס, טריט ביי טריט מיט דער עפּאָפּייע פון דער אידישער באַפרייאונג פון קנעכטשאַפט, מיט דער אידישער דערהויבונג צו גאָט, מיט דעם שווערן מדבר־וועג און זיינע נסיונות און איז זיכער אַז ער וועט צו־זאַמען מיט די אידן קומען אינעם לאַנד כנען... אינעם חומש טרעפט ער אָן אויף מדברדיקע ערטער, וואו ער שלעפּט זיך אַ מידער, אַ פאַרמאַטערטער, אָבער אינמיטן גיט אַ גלאַנץ פאַר זיינע אויגן אַ פייערל און באַלעבט אים: אַ קנעכט וואָס וויל נישט פרייגיין, פירט מען אים צו צום „ביישטידל" (מסתמא איז עס אַזוינס וואָס האָט אַ שייכות מיט דער טיר) און מען בויערט אים דעם אויער און זאָל ער דינען דעם באַלעבאָס זיינעם ביז אייביק... אידן פאַרמסרן צו משהן די צוויי אידן אלדד און מדד, זיי נביאָעווען אינעם לאַ־גער... און ער ענטפערט זיי: וואָס אַרט עס אייך, זאָלן אַלע אידן זיין נביאים!... און די מעשה מיטן בלקן און מיט בלעמען און בלעמס פאַ־טעטישע ווערטער: אראנו ולא רחוק... איך זע אים — און נישט ווייט — ער זעט אידן ווי אַ גרויס פאָלק... און די מעשה מיט די מרגלים, וואָס ברענגען פון כנען צעטראָגן די גרויסע וויינטרויבן אויף אַ שטאַנג אין צווייען...

נאָר וואָס וויל פון אים האָבן די רש״י, מיט אירע געבראָכענע אותיות, וואָס שטעלט זיך אין וועג פון זיין פאַנטאַזיע? וואָס איז דאָס פאַר אַן אָפּקומעניש, וואָס מאַכט נערוועז אים און דעם רבין און ער וויל פון איר וואָס גיכער פּטור ווערן און בעט זיך אינדרויסן... דער־פאַר אָבער איז שוין באַלד פּסח און דער רבי לערנט מיט די אינגלעך שיר השירים, דאָס געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען, וואָס ס׳האָט גע־זונגען אַ מלך בן מלך און אַ חכם בן חכם, דאָס צענטע געזאַנג נאָך מזמור שיר ליום לשבת, וואָס אדם הראשון האָט געזונגען... נאָך דעם געזאַנג פון מרים הנביאה, פון משהס געזאַנג „האזינו" פאַר זיין טויט,

פון דבורה הנביאה א. א. וו. דאָס געזאַנג פון דער כנסת ישראל, וואָס זאָגט „שוואַרץ בין איך און שיין"... דערפאַר קומט זומער און דער רבי וועט לערנען מיט די אינגלעך יעדן שבת „פּרק", די קלוגע און פּראַקטישע רייד פון שמעיה און אבטליון, פון אַנטיגנוס איש סוכו, פון אלעזר בן ערוך... הוא היה אומר, ער פלעגט זאָגן...

און אָט נאָך אַ זמן און אינגלעך גייען שוין ווי אויף אַ פּאַטש־טאָוועס וועג איבערן לאַנד כנען דורך די מלחמות מיט די איין און דרייסיק מלכים, מיט די פלישתים און מיט די מואבים; זיי גייען האַנט אין האַנט מיט די שופטים און באַוואונדערן די העלדשקייטן פון דבורהן און ברקן, פון יעל, פון גדעונען און פון שמשונען, באַוואונדערן דודן און באַדויערן שאולן, וואָס איז געפאַלן אויף זיין שווערד ביי די בערג פון גלבוע. און אויב מען וועט זיי נישט אָפּנעמען פונעם חדר, ווייל זיי האָבן שוין געגנוג תורה, ווייל דער רבי האָט זיי שוין אויסגעלערנט מעביר זיין די סדרה און זאָגן די הפטורה, וועלן זיי נאָך לערנען וועגן שלמהן און די צעטיילונג פון דער אידישער מלוכה, און דער זעלבער רבי: באַסקל מלמד, הערשל יאָסים, מאיר לייב קורנאָסע, וועלוועלע טאָנע באָנע אָדער אברהם פריידעס, וועלן אים נאָך אַריינ־פירן אין דער גמרא מיט אַ יורידישן ענין וועגן צוויי מענטשן, ראובן מיט שמעונען, וואָס האָבן געפונען אַ בגד און ביידע טענהן זיי דאָס איינענע, ראובן זאָגט ער קער איננאַנצן צו אים און שמעון זאָגט ער קער איננאַנצן צו אים... וועט ער אַרויסווייזן פעאיקייטן און באַנע־מען דעם ענין, וועט ער נאָך גיין אַ פּאָר זמן צו אווריימל קיילעס, דער גראָסעלער עילוי, אָדער משה לייב שוחט, לערנען גמרא אין תוך אַריין...

נאָר אַריינגעכאַפּט האָט זיך קיין גראָסעלעס אַ נייער גייסט, דער גייסט פון „תנ"ך". ווער האָט גאָר ביז איצט געוואוסט דערפון! חסי־דים האַלטן דאָס נאָך איצט פאַר אַן אפּיקורסות: אָנשטאָט צו לערנען גמרא, ווי גאָט האָט געבאָטן און דערנאָך „יורה דעה" און „חושן משפּט", אויפן וועג צו „שחיטה און רבנות", האָט זיך פאַרגלוסט די נייע, די אויפגעקלערטע גאָר „תנ"ך"... און די אַלטע מלמדים דער־וועגן זיך טאָקע נישט דערויף. זיי גיבן נאָך אויף תהילים און משלי, אויף איוב אָפילו, נאָר נישט אויף ישעיה און ירמיה, אויף יחזקאל און

תרי עשר... און מען ברענגט דערצו אראפ קיין גראסעלעס נייע מלמ-דים. אוורעמל שווארצמאן — ער רופט זיך שוין מיט א פאמיליען־נאמען און נישט ווי די גראסעלער, מיט א צונאמען אדער אויפן נא־מען פון זייערע שוויגערס, צו וועלכע זיי זיינען אנגעקומען פאר איי־דעמס — לערנט שוין ישעיה און אזוי ווייטער און מיט דעם פירוש פונעם מלבי"ם, וואס דאס איז גאר א באזונדער מין לימוד: ער קלערט אויף די פארשידענע סינאנימען, מיט וועלכע די נביאים זיינען פול, די שאטירונגען זייערע און ביי וועלכע געלעגנהייטן זיי ווערן באנוצט. נישט נאר רייך איז די פאנטאזיע די נביאישע און מעכטיק שאלנדיק און שטראפנדיק און טרייסטנדיק זייער ווארט, נאר אויך רייך און בויגעוודיק איז די שפראך זייערע און טיף זייער בילדעריש ווארט. און נישט נאר תנ"ך לערנט אוורעמל שווארצמאן, נאר דירעקט העב־רעאיש, לויט אברהם מאפוס „אמון פדגוג" און דירעקט „דיקדוק" לויט לערנערס „מורה הלשון"... און נאך אוורעמל שווארצמאן, קומט שוין דער ליטוואק יאנקל בלאך, וואס פארקלינגט גאנץ גראסעלעס מיט א פאטעטישן נביאים־געזאנג, ווי ער אליין וואלט עפעס א נביא געווען און האלט א חדר פון „בני נביאים", וואס זאלן צעטראגן פון דארט די נביאישע רייד איבערן שטעטל און איבער דער גאנצער וועלט...

און נאך בלאכן קומט שוין פשוט א לערער, א העברעאישער לע-רער, און נישט גלאט העברעיש, ער איז פון די „בעלי המהלך החדש", וואס אייראפעאיזירן די העברעאישע שפראך, מאכן זי פאר אוים ביבל־שפראך, נאר פאר א „שפה חיה", א לעבעדיקע, הייסט עס, וואס מען זאל אין איר נישט נאר קענען שרייבן מליצהדיקע בריוו און מליצה־דיקע ארטיקלען אין „המליץ" און ניט נאר זאל מען קענען אין איר שרייבן רבנישע חיבורים און פירן „שאלות ותשובות" וועגן „איסור והיתר", נאר וועגן אלע וועלט־זאכן, זי מאכן פאר א וועלטלעכער שפראך... הייסן הייסט ער חיים פליגלמאן און איז א גאנצער מקורב מיט יוסף קלויזנער... ער לערנט שוין נישט קיין תנ"ך אפילו, נאר אידישע געשיכטע און העברעאיש און שרייבט אוים קינדער־ליטע־ראטור העברעאישע...

פאראלעל מיט לערנען תורה, האט גראסעלעס אויך געהאט אן

אינסטיטוציע פאַר לערנען אידישע קינדער וועלטלעך וויסן: שרייבן און רעכענען. פּאַראַלעל מיט די מלמדים האָבן געטון זייער דערצי־אונגס־אַרבעט אין גראָסעלעס די „שרייבער", וואָס האָבן געלערנט שרייבן אַ אידישן בריוו און אַ רוסישן אַדרעס. און געווען זיינען זייע־רע תלמידים מערסטנס די מיידלעך. אויך אין אָט דער אינסטיטוציע איז אַריין אַ נייער גייסט. ווער שרייבט שוין גאָר היינט אויף די לאַנ־גע ווייסע בויגנס פּאַפּיר מיט אַ „אונטערלאַג" און ווער ציקלט שוין גאָר אויס היינט דעם גרויסן דאַלעד אינעם „דען" מיט וועלכע די בריוו הייבן זיך אָן. ווער שרייבט שוין היינט בריוו לויט דעם אַלטן בריוונשטעלער „צו מיין האָכגעשעצטן אָנקעל און צו מיין האָכגעשעצ־טער טאַנטע, לעבט וואָהל!" און פאַרענדיקט מיט „האָכאַכטונגספאָלל" אָדער צום „ברוטיגאַם". דער ליטוועק משה דראַבקין, איז שוין לאַנג ניטאָ, אַוועק קיין אַמעריקע, און שייע משה, מאיר לייב קורנאָסעס איידעם, האָט שוין אויך אויפגעגעבן „שרייבעריי". אידיש שרייבן איז שוין היינט אַריין אינעם חדר. מען שרייבט שוין אויף „טעטראַדן", אויף פאַרטיקע געווירעטע העפטן און מען מאַכט גאַנצע „קאָמפּאָ־זיציעס", פריער אויף איין שורה, דערנאָך אויף מער און מער, אָדער מען שרייבט גאָר פון אַ העברעאישן בריוונשטעלער... און דעם אָרט פינעם „שרייבער" פאַרנעמט שוין היינט דער לערער, וואָס לערנט שוין „סקלאָניעניעס": „סטאָל, סטאָלאַ, סטאָלו"... אָנשטאָט די פריערדיקע לאַנגע חשבונות פון היבור, חיסור, כפל און חילוק מיט תשבורות און די „פּראָבעס", ניצן זיי שוין היינט „זאַדאַטשניקעס" און גאָר צו־לעצט, האָט שוין גראָסעלעס אַ „נאַטשאַלנע אוטשילישטשע", אַ רו־סישע עלעמענטאַלע שול, וואו אידישע קינדער לערנען רוסיש, אָנ־שטאָט דער פריערדיקער „צערקאָוונאָ־פּריכאָדסקאַיאַ", וואו אידישע קינדער זיינען נישט געגאַנגען...

:: :: ::

מיט דרייסיק יאָר שפּעטער, האָט גראָסעלעס שוין געהאַט אַ 7 יאָריקע שול אינגאַנצן אויף אידיש, נאָר דאָס איז שוין אַן עניין פון אַ גאָר נייער צייט און פון אַ גאָר ניי גראָסעלעס, וואָס האָט ערשט געהאַלטן אין ווערן... אפשר גאָר אַ אידיש פאַבריק־שטעטל.

דאָס גראָסעלעס, וואָס איך באַשרייב דאָ, איז שוין דעמאָלט געווען איינגאַנצן אָפּגעווישט. אָפּגעווישט, טיילווייז, צוליב די פּאָגראָמען, וואָס דאָס שטעטל האָט דורכגעמאַכט אין די יאָרן פון בירגערקריג אין אוקראַינע; אין גרעסטן טייל, אָבער, מחמת פּאַרענדיקט האָט גראָסעלעס די פונקציע, צוליב וועלכער דאָס האָט געלעבט, צוליב וועלכער דאָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן פון אַ קרעטשמע אויפן וועג צו אַ יאַריד, צו אַ פאַרבינדונגס־צענטער צווישן דער גרויסער שטאָט און דעם דאָרף. נאָך דער אַלטער איוב האָט פאַרשטאַנען, אַז שוין אינעם געבוירן ליגט דער צייכן פונעם טויט און ווען גראָסעלעס׳קען מען זאָגן, אַז דער זעלבער ברייטער שליאַך, וואָס האָט געפירט דורך דעם שטעטל די פרוכט פון דער פויערישער מי אין דער ניי־רוסישער געגנט צו דער גרויסער שטאָט און צו דער גרויסער וועלט, האָט אויך געפירט צו דער גרויסער שטאָט און צו דער גרויסער וועלט די גראָסעלער אידישע קינדער, די קרעמערישע און באַלמעלאָכישע זין און טעכטער.

די גראָסעלער יוגנט האָט מיט אירע אייגענע אויגן געזען און אויף איר אייגענעם לייב געפילט דעם גורל פון גראָסעלעס, דעם משפט וואָס די געשיכטע האָט אויף דעם שטעטל אַרויסגעטראָגן און אַנטלויפן פון דאָרט און אויסטון זיך דערפון, איז ביי איר געווען נישט נאָר אַ פשוטער יוגנטלעכער דראַנג, אַן אומרו און אַ נייגיר צו וואָס ווייטער, צו וואָס העכער און וואָס שענער, צו „ברייטערע האָריזאָנטן", נאָר אַן אמתע נויטווענדיקייט. שוין אין דער דערציאונג אירער, וואָס איך האָב פריער געשילדערט, זעט מען אָט דעם דראַנג און אָט די נויטווענדיקייט, וואָס האָבן אויסגעקעמפּט ביי דער קאָנסערוואַטאָרישער רוטין פון אירע איינגעזעסענע און ווי דער „וואָרים אין כריין" איינגעגעסענע תושבים, טראָט ביי טראָט, דאָס וועלטלעכע, ווי מען האָט דאָס דעמאָלט פאַרשטאַנען. אָבער, נאָך פאַר דער גרינדונג פונעם שטעטל, אָנהויב די פערציקער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, איז צווישן אידן געשאַפן געוואָרן אַ באַוועגונג, וואָס האָט דאָס שטעטל נעגירט און אַרויסגעשטעלט פאַר אידן דעם אידעאַל פון אַ ניי לעבן, אַ פּראָדוקטיוון, אַן אידעאַל, אַ ווייטזיכטיקן און אַ ווירקנדיקן. געוואָרן זיינען די ערשטע פרעדיקער פון דעם אידעאַל פון אַרבעט

— די משכּילים, די טרעגער פון דער אידישער אויפקלערונגס־באַוועגונג, מיט דעם קרעמעניצער משכיל יצחק בער לעווינזאָן אָן דער שפּיץ. געקעמפט האָט ער קעגן די איינגעגעסענע מיטלאַלטערלעכע באַגריפן ביי אידן, וואָס האָבן אין דער סאָציאַלער יעראַרכיע, געשטעלט אויפן סאַמע נידעריקסטן שטאַפּל די אַרבעט און אויפן סאַמע שפּיץ די בטלנות, סאַמע אונטן דעם באַלמעלאָכע און סאַמע אויבן דעם שענקער; זיין אויפקלערונגס־אַרבעט האָט ער געפירט מיט ראיות פונעם תלמוד, פון די גרויסע תנאים — פּאַסטוכער, שיסטער און שמידן.

נאָר געקעמפט האָט דער משכיל אינעם סאַמע בלי פון דעם מיטלאַלטער אין רוסלאַנד, ווען זיינע אַרגומענטן האָבן זיך אָנגעשטויסן אָן דער תקיפות פון די שענקער און פּראָצענטניקעס, די הערשער פון אידישן לעבן, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אין דער מיטלאַלטערלעכער אינסטיטוציע, וואָס רופט זיך שטעטל, און געשטיצט האָט ער זיין קאַמף אויף די אויפגעקלערטע צאַרן און זייערע אויפגעקלערטע גובערנאַטאָרן, וואָס האָבן קיין אַנדערע מיטלען נישט געהאַט ווי דורכצופירן זייערע מאָדערנע אידייען, ווי נאָר מיט צוואַנג... מיט צוואַנג אָפּשערן זיי די פּיאות, מיט צוואַנג אונטערהאַקן זיי די קאַפּאָטעס און אויסטאָן זיי די יאַרמעלקעס, מיט צוואַנג זיי נעמען אין מיליטער, אַרויסשיקנדיק כאַפּערס אין די אידישע שטעטלעך איבער די חדרים, קלויזן און ישיבות און מיט צוואַנג אויך זיי מאַכן פּאַר פּויערים...

ווירקזאַמער איז שוין געווען דער קאַמף קעגן דעם אידישן מיטלאַלטער, קעגן דעם שטעטלשן געוויזעכץ (אייגעשטאַנענקייט), און שטעטלשן יחוס, דער קאַמף פון די ערשטע שריפטשטעלער אין אידיש, מיט דעם זיידן מענדעלע אָן דער שפּיץ. זיי האָבן גענומען צו זייער דינסט די קונסט און די שפּראַך פון די אידישע מאַסן — פון די אָרימע, אונטערדריקטע און פאַרשעמטע. זיי האָבן געפירט דעם קאַמף קעגן דער פעסטונג פון דעם אידישן מיטלאַלטער, דאָס שטעטל, איינצייטיק מיט די רוסישע שריפטשטעלער, וועלכע האָבן געפירט זייער קאַמף קעגן דער פעסטונג פון דעם רוסישן מיטלאַלטער, די פּריצימשאַפט. זייער שטיצע איז שוין נישט געווען דער „אויפגעקלערטער אַבסאָלוטיזם", וואָס האָט פאַרענדיקט זיין מיסיע מיט דער אָפּשאַ-

פונג פון לייב־אייגנטום, נאָר דאָס פאָלק גופא, וואָס זיי האָבן געגער־מען אויפקלערן און אין זיין נאָמען געפאָדערט רעפאָרמען אין דער בילדונג, אין דער דערציאונג.

אינעם שטעטל הויבט אָן דעמאָלט אריינקומען די ערשטע אידי־שע צייטונג, דער „קול מבשר", און די ערשטע ביכער אין אידיש; זיי מאַכן חשובער ביי זיך דעם אידישן באַלמעלאָכע און וועקן רעספעקט צו אים צווישן דער „באַלעבאַטישער" יוגנט און עס נעמען זיך אויך באווייזן די ערשטע „פלעקן" אין דעם באַלעבאַטישן יחוס: באַלמעלאָ־כישע זין אין קרעמערישע משפחות. די אידעאַלן פון דער אידישער ליטעראַטור ווערן די אידעאַלן פון דער אידישער יוגנט. אין שטעטל קען די יוגנט אירע אידעאַלן נישט פאַרווירקלעכן און זי זוכט זיי אין דער גרויסער שטאָט, צו וועלכער זי גרייט זיך... און די עלטערן מוזן נאָכגעבן, טרעטן אָפּ איין פּאָזיציע נאָך דער צווייטער.

די נעגאַציע פונעם שטעטל, ליגט אין אַלע פאָרמען פון דער ציוניסטישער באַוועגונג; זי ליגט אין אירע ערשטע אויסדריקן: די „בילוי" און „חיבת ציון"; אין אירע סאָציאַליסטישע שאַטירונגען: די פועלי־ציון, ציוניסטן סאָציאַליסטן און צעירי ציון און דעם דער־צידירטסטן אויסדרוק באַקומט די דאָזיקע נעגאַציע אין דעם אָרגאַני־זירטן חלוציזם. די נעגאַציע פונעם שטעטל ליגט אינעם אידישן סאָ־ציאַליזם און איז אין דער אידישער ליטעראַטור איר רוקנביין, פון מענדעלע ביז בערגעלסאָן און אַלבערטאָן, פון פּרצן ביז בורשטיינען, כאָטשע איינער פון אירע טאַלאַנטפולסטע, אָדער דער טאַלאַנטפולס־טער פון אירע שרייבער האָט געזוכט זיין אידעאַל אין דער שטעטל־שער אידיליע און אין דער פאַרהערלעכונג פונעם שטעטלשן גביר. די נעגאַציע פונעם שטעטל און פון די שטעטלשע פרנסות אין דער גרע־סערער שטאָט, האָט זיך פאַרוואַנדלט סוף־כל־סוף אין דעם גרויסן אי־דישן וואַנדער־שטראָם, וואָס האָט באַשאַפן די גרויסע אידישע ישו־בים אין נאָרד־אַמעריקע, אין אַרגענטינע, אין פּאַלעסטינע און די נייע אידישע ישובים אין פראַנקרייך, בעלגיע און האָלאַנד.

אָט דעם קולטורגעזעלשאַפטלעכן פּראָצעס, וועלכן איך האָב דורכ־געמאַכט צוזאַמען מיט מיין משפחה, מיט מיינע מלמדים, און מיט מיינע חברים, וועל איך אָפּגעבן די ווייטערדיקע קאַפּיטאַלן.

# מיין משפחה

צו איינער פון די דאָרפישע משפחות, וואָס האָבן געהאַלטן אַ שענק אויפן שליאַך, אויף דעם אָרט, וואו איצט געפינט זיך דאָס שטעטל גראָסעלעס, צו דער משפחה פון האשה מרת טאָבע, איז אָנ־הויב די פופציקער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט אָנגעקומען פאַר אַן איידעם דער צוואַנציק יעריקער יונגערמאַן משה פיינבערג. געקומען איז ער פונעם שטעטל ליאַכאָווע, אָדער מאָסטאָוואיאַ, אויך אַזאַ מקום ווי גראָסעלעס אויף דעם סטעפּ פון ניי־רוסלאַנד, און אויך פון אַזאַ משפחה אַ דאָרפישע, וואָס האָט געהאַט עטלעכע זין און כדי אויסצומיידן דאָס מיליטער־דינסט, וואָס דעמאָלט האָט דאָס גע־דויערט גאַנצע פינף און צוואַנציק יאָר, האָבן זיי זיך צוגעשריבן — אַלס איינציקע זין — צו אַנדערע משפחות מיט אַנדערע פאַמיליען־נעמען: קורלאַנד, הייסערווערן א. א. און האָבן זיך צעשפּרייט איבער דער געגנט פאַר איידעמס, ווער קיין אָטשאַקאָוו צו אַ פישער־פאַמי־ליע און ווער אין אַן אַלטער אידישער קאָלאָניע צו אידישע ערד־אַרבעטער...

דער יונגערמאַן, וואָס האָט באַקומען דעם נאָמען משה טאָבעס, אויפן נאָמען פון זיין שוויגער, דער אשת חיל, האָט זיך נישט אוועק־געזעצט אויף קעסט, ווי דער מנהג איז געווען אין יענע צייטן — וואָ־רום קיין לערנער איז ער נישט געווען, ער איז געווען נישט מער ווי אַ חדר־אינגל, וואָס האָט געקענט חומש מיט רש"י און אַ פּרק משניות אָפּלערנען און האָט געהאַט אַ שיין קול צום דאַווענען פאַרן עמוד — און איז באַלד געוואָרן אַ זעלבסטשטענדיק באַלבעסל. אוועקגעשטעלט האָט ער זיך מיט אַ קלייטל אויפן שליאַך, אויפן וועג צו באָהוסלאַווקע

און איז געוואָרן דער קרעמער פון די באַהוסלאַווקער פויערים. ווען אין דעם דאָרף האָט זיך אַוועקגעשטעלט דער נאַוואָפּעטראָווסקער „וואָ־לאָסט" פון די אַרומיקע דערפער, די ערשטע יורידישע דיסטאַנץ פון די פויערים, האָבן זיי דעם קלוגן און גראַמאַטנע קרעמער זייערן, באַשטימט פאַר איינעם פון די געשוואָוירענע ריכטער.

ווען עס איז געקומען דער פּריקאַז פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן אויסצושליסן אידן פון די געשוואָוירענע, האָבן די פויערים אויסגע־פאָלגט דעם פּריקאַז, נאָר קיינער האָט זיי נישט געקענט פאַרבאָטן קומען צו זייער אידן מאָשקאָ נאָך אַן עצה און דער „סטאַרשינאַ" מיט דעם „סטאַראָסטאַ" און דער „שרייבער" פונעם וואָלאָסט זיינען שוין פאַרבליבן זיינע פריינט ביז צום סוף. אַזוי ווייט איז געגאַנגען די פריינטשאַפט, אַז ווען ביי דעם אַלטן פיינבערג איז אונטערגעוואַקסן אַן אייניקל, אַ געראָטענער, מיט אַ שיינער האַנטשריפט, האָבן זיי אים אויפגענומען פאַר אַ געהילף צום שרייבער, וואָס דאָס האָט זיי קיי־נער נישט געקענט פאַרבאָטן, און דער שפּעטערדיקער פאַרוואַלטער פון „אוקרזעם" און איבערפאַרטיילער פון דער ערד אינעם אַדעסער „אָקרוג", ווי מען האָט אָנגערופן אָט די סטעפּ־געגנט אונטער דער באָלשעוויסטישער מאַכט, יאַקאָוו סאַמוילאָוויטש פיינבערג, האָט אָנ־געהויבן זיין אַדמיניסטראַטיווע קאַריערע אין זיין זיידנס „וואָלאָסט".

ווייניקער אָנזען, זעט אויס, האָט משה טאָבעס געהאַט אין שיל, אין דער ערשטער און איינציקער דעמאָלט שיל פון יענעם מקום, וואו דעם אויבנאָן האָט געהאַט דער אידישער גוטבאַזיצער נאָטע קנעבעל־מאַן און ער האָט מקרב געווען די מאָלנער חסידים, יונגעלייט וואָס האָבן זיך גענומען ציען אַהין פון די קיעווער שטעטלעך. די באַלמע־לאָכישע שיל, וואָס האָט זיך אויפגעבויט דערנאָך, איז נישט געווען לויט זיין שטאַנד און אַזוי אַרום האָט זיך סוף די 70ער יאָרן אויס־געבויט די סאַדעגערער קלויז פון אידן, וואָס זיינען קיינמאָל צו זייער רבין נישט געפאָרן און זייער רבי אויך נישט צו זיי. אין דער שיל איז משה טאָבעס געוואָרן דער הויפּט־באַלעבאָס, איר „בעל מוסף" און „בעל קורא". אַזוי ביזן סוף פון זיינע יאָרן. געשטאָרבן איז ער אין גראָסעלעם, אין עלטער פון 70 יאָר, ווען איך, זיין צווייטער אייניקל, דער צווייטער זון פון זיין עלצטער טאָכטער און פון זיין עלצטן איי־

דעם דעם משכיל, האָט געהאַט געמאַכט אַ „פּלעק" אין זיין משפּחה און געוואָרן אַ באַלמעלאָכע און אַ סאָציאַליסט און בין אַוועק אין מיליטער־דינסט מיט רעוואָלוציאָנערע כוונות...

נאָר אויך ער האָט שוין געהאַט דורכגעמאַכט זיין גייסטיקע עוואָ־לוציע. אָנהויב די נײַנציקער יאָרן, ווען איבער אונדזער געגנט פון אידישע האָרעפּאַשניקעס איז אומגעפאָרן דוד פּיינבערג ווערבירן קאַנ־דידאַטן אויף קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע, האָט ער, אַ 55ער, צוזאַ־מען מיט זיינע צוויי זין, געהאַט פעסט באַשלאָסן זיך איינצושרייבן. דוד פּיינבערג האָט אָבער פאַרשריבן בלויז אַזעלכע קאַנדידאַטן, וואָס אויף זייער פּאַספּאָרט איז אָנגעגעבן געווען זייער קאָלאָניסטישער יחוס. ערשט זיין עלטערער זון האָט פאַרווירקלעכט זיין אידעאַל. בעת דעם אָנקומען פון דער באָלשעוויסטישער מאַכט אויף אוקראַינע, ווען דער גראָסעלער פּריץ, וואַסיל איוואַנאָוויטש, איז אַ צעשלאָגענער, מיט אַ פאַרבונדענער באַק, אויף אַ געדונגען פורל, אַנטלאָפן מיט דער ווייסער עמיגראַציע אויף מערב, האָט מיין פעטער שאָפּע (שמואל שבתאי) — אַלע זיינע יאָרן אַ שניט־קרעמער — פאַרכאַפּט אַ שטיק פּריצישע ערד און זי גענומען באַאַרבעטן מיט זיינעם אַ זון און אַן איידעם. אין די יאָרן פון ציוניסטישן אויפשוואונג, נאָכן ערשטן באַ־זעלער קאָנגרעס, האָט מיין זיידע משה פּיינבערג אינגאַנצן פאַרענדיקט זיינע חשבונות מיט דעם חסידיזם, וואָס האָט באַקעמפט דעם פאַלשן משיח, און זיין שטוב איז געוואָרן אַ „בית וועד" פאַר דער ציוניס־טישער טעטיקייט פון זיינע אייניקלעך און ער אַליין האָט שוין גע־לייענט דעם „יוד" און דעם „פריינט".

באַגלייט האָט אים און געהאָלפן פירן זיין פּרנסה און זיין טראַ־דיציאָנעל באַלעבאַטישן שטייגער פון אַ ברייטער שטעטלשער משפּחה, די באָבע מיינע, עטיע מלכה. זאָל איר נאָמען דאָ פאַרצייכנט ווערן צוזאַמען מיט זיינעם, דעם עכטן פאָרשטייער פון שטעטלשער אידיש־קייט.

:: :: ::

מיין זיידע פון טאַטנס צד, שמואל כ"ץ, פלעגט זיין נאָר אַ גאַסט אין גראָסעלעס. געוואוינט האָט ער ביז זיין 71־טן יאָר לעבן אין דור־

באָסאַר, וואו ער האָט געלערנט מיט חתן־בחורים, זיי געגרייט צום פאַרהערן פאַר די מחותנים. ווען זיין פרוי, מיין טאַטנס מוטער, די אשת חיל מרת חיה, וואָס האָט געהאַלטן אַ בשמים־קלייטל, איז גע־שטאָרבן, איז ער אַריבערגעפאָרן וואוינען ביי זיין יונגערן ברודער, דוב־בער אָדער בערל כ"ץ, רב אין בעסאַראַבישן שטעטל ראָמאַנענקע (ראָמאַנאָווקאַ). צו אונדז פלעגט ער קומען צוגאַסט אויף אַ יום־טוב, איבערהויפּט אויף שבועות. ער פלעגט אָבער זיין נישט נאָר אונדזער גאַסט, נאָר דער גאַסט פונעם גאַנצן שטעטל. אַ באַזונדער אויפגע־רוימטקייט און גייסטיקייט פלעגט מיט זיך אַריינברענגען זיין אָפּגע־היטע זויבערע פערזענלעכקייט, פון וועלכער עס האָט געווייעט מיט חכמה און תמימות אין דער זעלבער צייט.

מיין טאַטע פלעגט זעלטןריידן פון זיין יחוס, נאָר אַז דער זיידע פלעגט קומען, פלעגט ער אַמאָל אַ רעד טון: זיין זיידן ר' משה יוסף כ"ץ, האָט מען אַראָפּגעבראַכט פאַר אַ רב קיין בעסאַראַביע פון ווייס־רוסלאַנד, אַרום ליבאַוויטש, צוליב אַן ענין פון „התרת עגונה", וואָס ער האָט, אין זיינע „שאלות ותשובות" מיט בעסאַראַבער רבנים, גע־פּסקנט לטובת דער עגונה. ער האָט געהאַלטן פון דער שיטה, אַז די חומרה ברענגט צום מכשול... בעסאַראַבער אידן — פלעגט דער טאַ־טע זיך אַ וויצל טון — האָבן נישט ליב קיין רבנים מחמירים, זיי הערן זיי ווי דעם... רב, ווי מען הערט ביי אונדז דעם רב ר' יויזעפל קאַצנעלבויגן, דעם ווילדן מחמיר און פרא אדם, וואָס אַז ער גייט אין גאַס, מאַכט ער פאַר זיך מיטן שטעקן, ווי אַ בלינדער, מחמת ער האָט מורא ס'זאָל אים נישט אָנקומען קיין אשה אַנטקעגן... דער רב משה יוסף האָט פאַר זיין פּטירה איבערגעגעבן דאָס רבנות זיין עלטערן זון שמואל, נאָר ער האָט זיך פון איר אָפּגעזאָגט און איבערגעגעבן זי דעם אינגערן ברודער, וואָס האָט צו עפּעס אַנדערש נישט געטויגט, ווי מיין טאַטע האָט זיך געוויצלט...

---

געווען איז ר' משה יוסף כ"ץ פון די חסידי חב"ד און איז געוואָרן איינער פון די וואָס האָבן פאַרשפּרייט די ליטווישע חסידות אין אוק־ראַינע און בעסאַראַביע און ווען ר' שניאור זלמן האָט זיך באַזעצט

אויף עטלעכע יאָר אין מאָלעוו פּאָדאָלסק, אויף זיין איבערגעריסענער רייזע קיין ארץ ישראל, האָט ער געהאַט אין אָט דעם עלטערזיידן מיינעם אַ מקורב און אַן אָנשפּאַר. די ליטווישע חסידות האָט אין פּאָדאָליע און בעסאַראַביע נישט באַגעגנט קיין שום שטערונגען, ווי אין דער ליטע, מצד די פאַרביסענע מתנגדים, אָבער זי האָט זיך אויך נישט אָנגענומען ווי דאָרטן און אין קעגנזאַץ צו די אַנדערע שיטות (מתנגדים און משכילים פלעגן זאָגן „שטותים") פון אוקראַיִנישן חסידיזם, וואָס האָבן פאַרכאַפּט די מאַסן, איז די חסידות חב"ד דאָ פאַרבליבן אַן ענין פון יחידים. צווישן די יחידים איז אויך געווען מיין זיידע, זיין זון שמואל.

איך געדענק, ווי איך, שוין אַן אָנגעלייענטער אין מיין טאַטנס השכלה־ספרים און אַ היבשער אפּיקורס, פלעג שטיין בלייבן צוגעשמידט צום אָרט, ווען דער זיידע שמואל האָט געדאַוונט. ביי אַ פענצטער, מיטן טלית איבערגעוואָרפן איבערן קאָפּ, איז ער געשטאַנען אַ פאַרטיפטער אין זיין מאָדנעם סידור, דעם חב"דנעם, און געשוויגן ווען דער עולם ארום האָט געליאַרעמט און געריסן גאָט ביי די פּאָלעס אָדער אים צוגעטיילט לויב מיט שעפל און מיט לעפל. איז עס די „התדבקות", אָדער ווייל ער קען פשוט נישט נאָכהאַלטן דעם גאַלאָפּ פון דעם גראָסער דאַוונען? איך געדענק אויך ווי דער ליבאַוויטשער זיידעס מייַנער, וואָס האָט מסתמא גאַרנישט ליב געהאַט דעם דעסויער און זיינע תלמידים, האָט ארויסגענומען ביי מיין טאַטן פון דער שאַפע דעם „ספר המידות" פון דעם מענדעלסאָניאַנער ווייזל און גענומען מיט מיר לייענען דעם אריינפיר, וואָס הויבט זיך אָן מיט די ווערטער „יסוד התורה ושורש העבודה"... איך האָב געלייענט ווי אַ וואַסער, שנעל, און ער איז ממש אין כעס געוואָרן פאַרוואָס איך בין נישט מכוון די אותיות יוד היי וואָו היי, מיט וועלכע די ווערטער הייבן זיך אָן און בילדן דעם „שם הויה", וואָס איז כולל דעם נאָמען פון גאָט און זיין באַשאַף, דעם סכאָלאַסטישן פאַנטעאיזם, ווי איך וואָלט דאָס אָנגערופן, וואָס דאָס איז געווען די פילאָזאָפיע פון חב"ד.

:: :: ::

**דובאָסאַר, אַ קליינע שטאָט אויף דעם אוקראַיִנישן ברעג פונעם דניעסטער, וואו מיין טאַטע איז געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן**

איז גאר נישט מסוגל געווען פאר סכאלאסטישער שפעקולאציע. געשמט האט די שטאט מיט אירע אידישע גיבורים און פרייע גייסטער. אירע אידישע הארעפאשניקעס, טאבאק־פלאנצער און „פאפישניקעס" (די וואס טריקענען די טאבאק־בלעטער און גרייטן זיי צו אין פעקלעך צום בראקן), זיינען געקומען נישט פונעם בית מדרש; פרי פונעם חדר, האט מען זיי גענומען צו דער ארבעט אויפן פרייען פעלד און פונעם פרייען פעלד האט זיי ווידער נישט געצויגן דער בית מדרש, נאר דער שטראמיקער דניעסטער; אום זומער צום שווימען און אום ווינטער צו גליטשען זיך אויף אים און צום שלאגן זיך אין „מלחמות" מיט די מאלדאוואנער פון דעם בעסאראבער ברעג. מיין טאטע, דער זון פון א העברען מלמד מיט סמיכה אויף רבנות, איז קיין „פאפישניק" נישט געווארן, ער האט געלערנט, ווי עס פאסט פאר א זון פון א „תלמיד חכם" און חבדניק, מיט א נאמען נאך דעם רבין ר' שניאור זלמן, נאר די אטמאספער פון טאבאק־פעלד און דניעסטער האט זיך ארייג־געריסן אפילו אין בית מדרש און האט אים פון איין זייט געמאכט פאר א קרעפטיקן ברייט־פלייציקן בחור, א גלענצענדן שווימער און, פון דער צווייטער זייט, צונויפגעפירט מיט די פרייע גייסטער פון דער שטאט דובאסאר, מיט אירע משכילים און אפיקורסים.

ווען מיין טאטע איז אנגעקומען פאר אן איידעם קיין גראסעלעס צו מיין זיידן, דעם געשוואוירענעם „זאסיעדאטעל" און גבאי אין דער סאדעגערער קלויז, האט ער נישט נאר מיטגעבראכט מיט זיך דעם „תעודה בישראל" מיט דעם „נודע ביהודה", דעם „שירי תהילה" מיט דעם „מסלול" און גאנצע גענג „השחר", „המגיד" און „הלבנון", נאר אויך אונטערגעהאקטע פאות, א רעקל ביז די קניעס און הויזן איבער די שטיוולעטן אויף פאדטיאזשקעס... מיטגעבראכט האט ער מיט זיך אויך א ווידערווילן סיי צו די קעסט און סיי צו דער פערספעקטיוו פון קרעמעריי, וואס זיינען ביידע אזוי פארהאסט געווען ביי זיינע באליבטע לערער און אויפקלערער. און דא שטויסט ער זיך אן אויף א קאמף, אויף דעם „קאמף פון דער ליכטיקער אויפקלערונג מיט דער פינצטערניש", וועגן וועלכער ער האט ביז דעמאלט בלויז געלייענט אין דער השכלה־ליטעראטור.

ירוחים שאר און זיידל בארוכאוויטש, צוויי גרינדער פון דער

קלויז און פאַנאַטישע באַהושער אָדער ריזשינער חסידים, האָבן אויפ־געהויבן קעגן אים די דאַוונער און צום בזיון פון זיין שווער און פון דער גאַנצער משפחה, אויסגערופן אויף אים אַ חרם. דאָס האָט זיך אָפּגערופן אויפן געזונט פון זיין יונגן ווייבל, אָבער ער קען גאָרנישט העלפן, נישט נאָר איז ער אויף אייביק פאַרבונדן מיט זיין באַשער־טער, נאָר אויך אויף אייביק פאַרקנסט מיט דער השכלה בת השמים, וואָס ציט אים ווי אַ מאַגנעט און זיס איז דער קאַמף פאַר איר.

ער וויל אויך נישט ווערן קיין קרעמער אין גראָסעלעס און ער געפינט פאַר זיך אוים אַ פּאַסיקע באַשעפטיקונג, וואָס לייזט אים אוים טיילווייז פון דער לאַגע. ער ווערט אַ „קאָמיסיאָנער" אין אַדעס, קויפט איין סחורה פאַר די שטעטלשע קרעמער און פירט אוים שליחותן פון די תבואה־סוחרים. און ערשט דאָרט אין אַדעס, אין דער הויפּט־שטאָט פון דער השכלה, פון די אידישע בוכהאַנדלונגען, פילט ער זיך גוט; דאָרט שאַפט ער זיך איין חברים און האָט ער נאָר אַ פריי שטיקל צייט לייענט ער; ער גייט נישט אַרוים אין גאַס אָן אַ ביכל, אָן אַ צייטונג אין קעשענע און זעצט זיך נישט עסן, אָן אַ ספר. אַזוי פירט ער זיך אויך ווען ער קומט אַהיים, און אויך דעמאָלט ווען ער פאַרבלייבט אין שטעטל, ווען ער מאַכט שלום מיט זיין גורל און דינגט אָפּ ביים פריץ איינע פון די נייע קלייטן, וואָס דער פריץ האָט אויס־געבויט אין אַ ריי אין סאַמע מיטן מאַרק און ווערט דער קרעמער פון די אָרומיקע מאָלדאַוואַנישע פּויערים, אַלס דער איינציקער קרעמער אין גראָסעלעס, וואָס רעדט מאָלדאַוואַניש.

פאַר דער צייט וואָס ער האָט זיך באַשעפטיקט מיט דער קאָ־מיסיאָנעריי און געפאָרן הין און צוריק צווישן אַדעס און גראָסעלעס, געבוירט אים מיין מאַמע דריי קינדער. וואָס ער וויל מאַכן פון די קינדער, ווייסט ער נישט זיכער; פאַרשטייט זיך, אַז אויפן געדאַנק קומט צוערשט דער פּרעדיקט פון „עבודה"; אַרבעט איז אָרנטלעכ־קייט און אַרבעט איז דער גרונט פון דער „חברה האנושית", ד. ה. פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט... און באַלד דערויף קומט דער מאמר חז"ל: „לעולם יהא אדם מלמד את בנו מלאכה נקיה וקלה"... אַ מענטש זאָל לעולם לערנען זיין זון אַ ריינע און אַ לייכטע מלאכה... טאָמער, אָבער, ווייזן די קינדער אַרוים באַזונדערע פעיקייטן צום

לערנען?... אפשר טאַקע לאָזן שטודירן? און אפשר וועלן זיי גאָר ארויסווייזן פעיקייטן צו קונסט, צו מאָלעריי, צו סקולפּטור, עלעהיי לעוויטאַן, עלעהיי אַנטאָקאָלסקי?... אלא, דאָס וועט דאַרפן קאָסטן און דאָס גראָסעלער קרעמל קען דערויף נישט געבן... נאָר, וואָס איז דאָ צו קלערן? פאַר אַלעמען ,דאַרף מען לערנען די קינדער וואָס אַ איד און אַ מענטש דאַרף קענען...

און וואָס דאַרף דען אַ איד און אַ מענטש נישט קענען? אַ איד דאַרף קענען ווייניקסטנס דאָס אַלץ וואָס איז ביז איצט פאַראַן אין אידישן וויסן: „תורה שבכתב און תורה שבעל פה", די באַגרינדער פון אידישן „דת" און די „חכמת ישראל", היינט די „השכלה" און העברעיש און זשאַרגאָן... און אַ מענטש דאַרף קענען שרייבן זשאַר־גאָן, העברעיש און רוסיש, אַביסל דייטש שאַדט אויך נישט און חכמת החשבון. און ער האָט אונדז געשיקט אין די חדרים, וואו מיר זיינען דורכגעגאַנגען דעם גאַנצן קורס קענטעניש, וואָס גראָסעלער חדרים קענען געבן און דאָס איבעריקע האָט ער געלאָזט אויף אונדזער אייג־זען; לייענט, קינדער, וואָס נאָר אייער האַרץ גלוסט: שירים פון אליעזר הכהן צווייפל, נפתלי טור, ד"ר קאַמינקער, גאָטלאָבער, יהודה לייב נאָרדאַן, די לעבענזאָנס... לייענט מאַפו, סמאָלענסקין, מז"ח, בלעטערט די אַלטע יאָרן „השחר", „המליץ" און „הצפירה", לייענט דעם „כוורת" און קייעט ד"ר שלמה רובינס אָפּהאַנדלונגען וועגן שפּינאָזע, לייענט דעם „ספר הברית" און „ספר המועד", וועגן נאַטור־געשיכטע און וועלט־כראָניק, לייענט שולמאַנס „דברי ימי עולם" און „מוסדי ארץ", לייענט מענדעלסאָנס איבערזעצונג פון פּלאַטאָנס „פעדאָן" וועגן השארת הנפש און די אַלע חקירות וועגן בחירה חפשית... און עס שאַדט נישט אַ שטיקל „אבן עזרה", וואָס דאָס וועל איך אייך שוין אליין מסביר זיין...

פון דעם אַלעמען האָט זיך געפונען ביי אים אין דער שאַפע ספרים און צוגעקומען איז דערצו דעם זיידן שמואלס ירושה, וואָס ער האָט אים איבערגעלאָזט ביים לעבן איידער ער איז אריבערגעפאָרן וואוינען ביי זיין ברודער: דעם זיידנס חומשים מיט אַזאַ מאָדנע פּירוש, וואָס האָט זיך אפילו נישט געפונען צווישן די באַקאַנטע ל"ב פּירושים; „פּנים יפות" האָט ער זיך גערופן, און געדרוקט זיינען די חומשים

געווען נאָך אין יאָר תק"כ, אויב דער זכרון נאַרט מיך נישט, אויף אַ גרינגעם פּאַפּיר מיט וואַסער־ליניעס; דעם זיידנס „סידור" מיט דעם נוסח האר"י דעם רב'ס שולחן ערוך, דער „תניא" און חיבורים אַלערליי מיט אָפּגעריבענע און צעפּרעסענע טאָוולען פון גרוים עלטער, און באַמאָלן זיינען געווען זייערע ווייסע פּאַדער־בלעטער מיט אַלערליי פויגלען און בלומען, די אַרבעט פון מיין טאַטנס אַן עלטערן ברודער, ווען ער איז נאָך אַ אינגל געווען, מיט זיינע אויפשריפטן: „הספר הזה שייך, למי שייך?"... געשריבן און געמאָלן מיט אַ גענדזן־פעדער.

דאָס אַלץ איז אידיש וויסן און דאָס אַלץ האָט ער אונדז געגעבן מיט דער פולער האַנט. דאָס וועלטלעכע וויסן, האָט ער אונדז אַליין נישט געקענט געבן. ער אַליין האָט זיך אויסגעלערנט לייענען רוסיש פון די אויפשריפטן אויף די ספרים: „דאָזוואָליענאָ צענזוראָיו" און פון די שילדן אויף די קראָמען, און געוואָלט האָט ער מיר זאָלן קענען רוסיש מיט דער גראַמאַטיקע; ער האָט אונדז דעריבער געשיקט לערנען רוסיש ביים „וואָדאָפּראָוואָדטשיקס" זינדל, וואָס פלעגט אויפ־עסן זיין שכר־לימוד מיט די מיאַטנע לייקעכלעך ביים טאַטן אין קלייטל, פונקט ווי מיין רבי יעקב שמעון כהן, פלעגט אויסרויכערן דעם שכר לי־מוד מיט דעם טאַטנס טאַבאַק. געהאַט האָט דער טאַטע געלערנט דאָפּל־טע בוכהאַלטעריע דורך קאָרעספּאָנדענץ אין העברעיש, ביי יעקב מאַרק, פון ריגע, און אויך דאָס איז געווען פון דעם וועלטלעכן וויסן, וואָס ער האָט אונדז געקענט געבן... דאָס איבעריקע האָבן מיר שוין אַליין גענומען וואו נאָר עס האָט זיך געמאַכט.

ער אַליין איז פול געווען מיט דעם אַלעמען און איז געווען אַ לעבעדיקע ענציקלאָפּעדיע פון „חכמת ישראל" און „השכלה" און דאָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויף זיין סטיל אין העברעיש, ווי אין אידיש. ער איז געווען פאַרליבט אין סאָקאָלאָווס וועכנטלעכן פעליעטאָן אין „הצפירה": „משבת לשבת", וואָס ער פלעגט אונטערשרייבן „אורח לשבת". דאָס איז געווען אַ געמיש פון צונעפּראָווועטע ביבלישע פסוקים און צוגעווירצט מיט מאמרי חז"ל, ציטאַטן פון לאַטיין און פון אַלע „שבע חכמות", פול מיט אָנצוהערענישן און „חדודים". זיינע אַ קאָרעספּאָנדענץ אין „הצפירה" פלעגט דער טאַטע אונטערשרייבן:

ז״ך, די ראשי־תיבות פון זלמן כ״ץ און זיינע בריוו פלעגט ער אונ־טערשרייבן: „מוקירו ומכבדו בלב ז״ך״...

איז מיין טאטע טאקע געווען אן אפיקורס? געווען איז עס שטארק איבערטריבן. זיין אפיקורסות איז באשטאנען דערין, וואס ער האט זיך דערלויבט טרינקען טיי אין א היטל, גיין אום שבת מער ווי א „תחום שבת״ און אויפהויבן אמאל א שטרויעלע אין וועג און דאס ברעכן אין די הענט... ער איז געווען קעגן כפרות שלאגן ערב יום כיפור... נאר ער האט נישט פארפעלט לייגן תפילין און פלעגט פראווען דעם סדר, כאטש אן א קיטל, נאר מיט אזא פייערלעכקייט, וואס איך האב דאס ביי מיין זיידן נישט געזען, כאטש ער האט געפראוועט דעם סדר אין א קיטל. אמת איז, אינדערוואכן, פלעגט ער אויף שנעל אפ־דאווענען און אום שבת אין שיל פלעגט ער זיך אריינטון אין א שטיקל אבן עזרא און האט זיך געכאפט ווען מען האט שוין געהאלטן ביי „עלינו״. קיין פורץ גדר איז ער נישט געווען און האט געהאלטן פון דעם ווארט: „אל תפרוש מין הציבור״. קיין צו־להכעיס אקעגן גאט און לייט האט ער נישט געפירט, ער האט דיסקוטירט, ארגומענטירט מיט טעמפעראמענט, מיט כעס אפט, אבער באלד פלעגט ער זיך בא־הערשן, ווי דער געבאט פונעם שכל באפעלט.

ריידנדיק וועגן מיין טאטנס טעמפעראמענט, מוז איך אקעגן אים אוועקשטעלן מיין פעטער שלמה, דעם זיידן משהס יונגערן איידעם. מיין טאטע מיט א טונקל־רויטן קאפ און עטוואס העלערער בארד, דאס פנים און די הענט אין זומער־שפרענקלעך און מיין פעטער, פארקערט, א שווארץ־בערדלדיקער מיט א מילך־ווייסן פנים; דער טאטע — אן ענטוזיאסט מיט אן עטוואס אנגעצונדן פנים און דער פעטער מיט א געמיטלעך דין שמייכעלע אויף די ליפן. דער טאטע האט ליב געהאט געזאלצנס, הערינג און דער פעטער שלמה — זיס, א נאשער איז ער געווען, פלעגט אויפנאשן א האלבן סלאי איינגעמאכטס, ווען די מומע האט נישט געזען. דער טאטע פלעגט ווערן אין כעס אבער קיינמאל נישט ברוגז; דער פעטער פארקערט; איך האב אים קיינמאל נישט געזען אין כעס, נאר ברוגז האט ער געקענט ווערן, אויף אייביק, דאכט זיך.

אט דער פעטער שלמה, וואס איז געווען א זון פון א באלטער

שוחט און געהאַט סמיכה אויף שחיטה, פלעגט זיך פונדעסטוועגן פאַר־
כלינגען מיט מיין טאַטנס השכלה־ספרים און איבערהויפּט מיט די
„זשאַרגאָנישע": מיט מענדעלעס „קליאַטשע" און מיט זיין „יודל"
און געלייענט שלום עליכמס „יאָסעלע סאָלאָוויי" און „סטעמפּעניו"
און אַפילו שמ"רס און עוזר בלאָשטיינס ראָמאַנען. ער פלעגט אויך
ליב האָבן לייענען אין די אַלטע יאָרגענג „המליץ", וואָס דער טאַטע
האָט זיי געהאַלטן איינגעבונדן. איינמאָל איז ער ברוגז געוואָרן אויף
מיין טאַטן פאַר זיין „הצפירה" מיט זיין סאָקאָלאָוון, וואָס האַלט זיך
פאַר דעם גרעסטן „בעל שכל" אין דער וועלט... און ער האָט גענומען
און אויסגעשריבן דעם „המליץ" פון פּייטערבאָרג. פון דעמאָלט אָן
האָט מען אין גראָסעלעס גערופן מיין טאַטן „זלמן הצפירה" און מיין
פעטער — „שלמה המליץ". מעגלעך, אַז די צונעמען קומען פון דעם
פעליעטאָן וואָס האָט זיך געדרוקט אין „הצפירה" אונטער דעם נאָמען
„זלמן הצפירה ושלמה המליץ" און האָט זיך געדרייט אַרום דער פראַ־
גע אַרגענטינע אָדער פּאַלעסטינע, באַראָן הירש קאָלאָניזאַציע אָדער
„חיבת ציון" און די נעמען האָבן זיך צופעליק צוזאַמענגעטראָפן און
עס קען אויך זיין, אַז מיין טאַטע האָט עפּעס געשריבן אין „הצפירה"
וועגן די ענינים, ווי זיי שפּיגלען זיך אָפּ אין גראָסעלעס, און סאָקאָ־
לאָוו האָט דאָס גענומען אַלס טעמע פאַר זיין פעליעטאָן. ווי דאָס איז
געווען, נאָר צוגעפּאַסט איז דאָס געווען וואָס בעסער דאַרף מען נישט.
דער טאַטע פלעגט לאַכן ווי מען שרייבט העברעיש אין „המליץ".
נישט נאָר גאַנצע פּסוקים בראָקט מען דאָרטן, נאָר גאַנצע קאַפּיטלען
פון תהילים און ישעיה און גערופן האָט ער אים נישט אַנדערש ווי
„האַמעלעץ". זאַמד־צוקער, וואָס אין פּוילן רופט מען עס „מאָנטשקע",
רופט מען אין אונדזערע מקומות מעלעץ. דאָס הייסט, ער איז הוילע
זיסע מליצה, אָן אַ בראָקן שכל.

:: :: ::

מיין מאַמע, שרה גיטל, די עלצטע טאָכטער פונעם הויז פייג־
בערג, ווי די גאַנצע משפּחה אירע, ווי איר טאַטע־מאַמע, ווי איר
יונגערע שוועסטער, ריווע, און ווי אירע יונגערע צוויי ברידער —

שאַפּע און ישראל — איז געווען אַ מיטלוואָוקסיקע און אַ ברונעטע. זי איז גאָר פרי נאָך דער חתונה קראַנק געוואָרן און האָט קראַנקער־הייט געבוירן מיין טאַטן זעקס קינדער — פינף אינגלעך, פון וועלכע צוויי זיינען יונגערהייט אַוועק פון דער וועלט, ווייל מען האָט אויף זיי נישט אויפגעפּאַסט, און איין מיידל. די מאַמע פלעגט אָפּט פאָרן קיין אָדעס זיך קורירן ביי גרויסע דאָקטוירים און זיך באָדן אין לימאַן, אינעם כאַדזשיבייער לימאַן, וואָס דאָס וואַסער זיינס, ווי מען זאָגט, אָדער זיין בלאָטע אויפן דעק, האָט היילנדיקע אייגנשאַפטן. ביז מיין צוועלף־יעריקן עלטער, ווען זי איז געשטאָרבן, געדענק איך זי קומען פון אָדעס און אָפּפאָרן; קומען צו דער פרייד פאַר אונדז קינדער און אָפּפאָרן אונטערן טרויער און זאָרג פון דער גאַנצער פאַמיליע.

מיין עלטערן ברודער האָט מען, באַלד נאָך זיין געבוירן, צוגע־נומען צום זיידן אין שטוב און ער איז געוואָרן דעם זיידנס אינגל, אַזוי ביז ער האָט פאַרענדיקט די גראָסעלער חדרים, לויטן טאַטנס אויסוואַל, און איז געוואָרן דעם טאַטנס געהילף אין קלייטל און נאָך דער מאַמעס טויט, אַ משרת אין אַ שניט־קראָם. מיך, דעם צווייטן, האָט געהאָדעוועט לייב שוסטערס טאָכטער סאָסל. צוערשט מיט אַ „סאָסקע" און דערנאָך מיט לעמעשקע, אַזאַ מאכל פון הרעטשענעם מעל, וואָס האָט אויסגעזען ווי דער פּאַפּ, מיט וועלכן דער אַלטער לייב שוסטער און זיין זון נאָסקע, האָבן געקלעפּט די אָפּצאָסן. דעם אַלטן לייב האָב איך גערופן טאַטע. מיין יונגערער ברודער, יאָסל, האָט שוין געהאָט די האָדעוואַניע פון דער שניידערישער טאָכטער הינדע, די טאָכטער פון דעם שניידער משה לץ, ביי וועלכן מיר האָבן גע־וואוינט אין שכנות און דערנאָך אין אַ דערבייאיקער שטוב. געהאָ־דעוועט און געשיקט אין חדר אַריין האָבן אונדז דערנאָך די שיקסעס אַלינאַ און אָרפינאַ. ביידע האָבן זיי גערעדט אידיש און געזונגען די זעלבע לידלעך ווי דעם שניידערס טעכטער: „אוי ווי ליובע, אוי, ווי דושע"... „מאיר דער בלינדער האָט געהאַט פיר קינדער, איינס אין וויגל, איינס אין קיגל, איינס אין טאָפּ, איינס אין קאָפּ"... נאָר „מודה אני" איז ביי זיי אַרויסגעקומען מאָדנע: „מוידיע אַניע, שוואַרצע ליבאַניע, שיך און זאָקן, בוניע שמוניע..." איך פלעג לאַכן: מען זאָגט נישט אַזוי!... און אָרפינאַ פלעגט זיך שפּאָרן מיט מיר: דו, פינקאַ,

ווייסט נישט, דו זאָג: „מוידיע אַניע״... דערפאַר האָבן זיי געקענט גיין באָרוויס בעסער ווי דעם שניידערס טעכטער. באַלד נאָך פּורים, ווי נאָר עס האָט געגומען נאָכלאָזן דער פראָסט, פלעגן זיי אויסטרעטן סטעזשקעס אין שטעטל מיט זייערע באָרוויסע פיס... מיין שוועסטער, די בת־יחידה, וואָס די מאַמע האָט שטאַרק ליב געהאַט, האָט זיך אויס־געהאָדעוועט ביי איר יונגערער שוועסטער.

מיין מאַמעס ערשטע לאַסקע געדענק איך ווען איך בין אַלט געווען אַ יאָר פינף. זי איז פאַרבליבן לענגער אין גראָסעלעס און מיר האָבן צוליב איר געוואוינט אין אַ שטוב מיט היל־צערנע געפאַרב־טע פאָלן. דער טאַטע פלעגט נאָך דעמאָלט אַלץ פאָרן אויף אַ לענ־גערער צייט קיין אַדעס, אַזוי ווי עס פלעגט זיך שרייבן אינעם „שורה־גריסל״, וואָס מיין חומש־מלמד, אברהם פריידעס, פלעגט מיר אויפ־שרייבן אויף דער אויסגעווירעטער „טעקע״ צום נאָכשרייבן: איך בין געפאָרן קיין אַדעס קויפן סחורה... איך האָב דעמאָלט געהאַלטן דעם קאָפּ ביי דער מאַמען אויפן שויס און זי האָט געזונגען מיט אַזאַ האַר־ציקן פאַרבענקטן קול: „ווי אַן אָדלער פון זיין נע־ע־סט, איז ער ווייט פאַרפלויגן״... אַן אַנדערשמאָל פלעגט זי מיך פאַרשפּילן מיט דעם לידל: „וואו איז דער טאַטע? — נישטאָ הי! — וואו איז ער גע־פאָרן? — קיין קרוטי! — וואָס וועט ער ברענגען? — אַ פעסעלע ביר! — וואו וועט ער עס שמעלן? — הינטער דער טיר! — ווער וועט עס טרינקען? — איך מיט דיר!... און איך פלעג איר פאַריכטן: נישט קיין קרוטי איז דער טאַטע געפאָרן, ער איז געפאָרן קיין אַדעס קויפן סחורה...

געהאַט האָט מיין מאַמע אַ שיין קול, אַ קלינגענדיקס, ווי איר מאַטע און ווי איר ברודער שאָפּע, אַ קול, וואָס איז איבערגעגאַנגען בירושה צו איר איינציקער טאָכטער, מיין שוועסטער טייבל. נאָר אַזוי זעלטן האָט זי געזונגען, אַזוי זעלטן ווי זי האָט מיך געצערטלט. גע־קושט האָט זי מיך, דאַכט זיך, קיינמאָל נישט. ביי אונדז האָט זיך איבערהויפּט נישט געפירט צו קושן קינדער. קושן איז בכלל אַ פריי־צישע מדה אָדער אַ ציגיינערישע... גויים קושן זיך ווען זיי זיינען שיכור... און דערפאַר טאַקע האָט זיך אויף מיין גאַנצן לעבן איינגע־

קריצט מיין טאַטנס אַ קוש, וועגן וועלכן איך מוז דאָ דערציילן, כאָטש איך האַלט דאָ אין ריידן וועגן מיין מאַמען.

געוועזן איז עס אויף מיין נײַנטן לעבנס־יאָר. איך בין דעמאָלט געווען דעם טאַטנס געהילף אינעם קלייטל. אין אַ מוראַדיק פראָסטיקער ווינטערדיקער נאַכט האָט מיין טאַטע מיך איבערגעלאָזט אין קלייטל צוגרייטן די זאַכן צום פאַרשליסן — מען האָט באַדאַרפט אַוועקשטעלן אַלע קעסטלעך מיט עסן־זאַכן, מיט רייז און צוקער, ראָזשינקעס און פלוימען געטרוקנטע, אַן ערך פופצן קעסטלעך איינע אויף די אַנדערע, הויך אויף דעם פאַרקויף־טיש, אַ באַוואָרעניש קעגן די מייז — און אַליין איז ער צוגעגאַנגען ערגיץ כאַפּן אַ גמילת חסד, כדי צו דעקן אַ חוב. זעט אויס, אַז אַריינגעקומען איז ער אין אַ וואַרימער שטוב און האָט זיך פאַרשמועסט אָדער ס׳איז אים שווער געווען באַלד צוטרעטן צום ענין און ס׳איז אַוועק אַ שעה נאָך אַ שעה און איך וואַרט אַלץ אויף אים. דער מוראַדיקער פראָסט האָט בכלל פּרי אַהיימגעיאָגט די קרעמער פון זייערע קלייטלעך, דער מאַרק איז פּוסט און פינצטער און איך קלאַפּ אַ פוס אין אַ פוס און פריר. נישט אַזוי די מורא און די קעלט, ווי דער פאַרדרוס קלעמט מיך און וואַקסט אין מיר, און נישט אַזוי דער פראָסט, ווי דער פאַרדרוס, פאַרגייט מיר אין דער נאָז און שפּאַרט מיר פון די אויגן מיט טרערן... נאָר וואָס וועל איך וויינען? איך בין דאָך שוין אַ גרויסער, איך טראַכט דאָך שוין לאַנג פון אָנזאַמלען פּיטאַקלעך־ווייז, אָראָפּגעגנבעטע פונעם פּדיון, אויף הוצאות קיין אַדעס און אַוועק מען זאָל אַפילו נישט וויסן וואו מיין געביין איז אַהינגעקומען, כדי אויף אַזאַ אופן צו רעאַליזירן איינמאָל פאַר אַלעמאָל מיין טאַטנס חלום מיך צו מאַכן פאַר אַן אַרבעטער, וואָס ער קען זיך דערויף נישט באַשליסן... איך האָב מיך אַריינגעלאָזט אין מיינע מחשבות און דמיונות, אַז איך האָב שוין גאָר די קעלט נישט געפילט.. נאָר ווען דער טאַטע איז סוף כל סוף אַריינגעקומען אין קלייטל, האָט דער פאַרדרוס גובר געווען מיינע קלערונגען און איך האָב מיך צעוויינט... דעמאָלט איז עס געווען ווען מיין טאַטע האָט מיר אַ קוש געטון אין שטערן, אַ שטאַרקן קוש... געווען איז עס דער קוש פון זיין חרטה, פון זיין שולד קעגן מיר. און איך האָב יאָרנלאַנג, אַ סך אַ סך יאָרן, מיר נישט געקענט מוחל זיין פאַרוואָס

איך האָב געבראַכט מיין טאַטן, דעם נישט קושנדיקן, צו אָט דעם קוש...

נישט מיין טאַטע און נישט מיין מאַמע זיינען געווען ראָמאַנ־טיש. די שטעטלשע אידישע טעכטער, זיינען נאָך אפשר געווען ראָ־מאַנטיש פאַר דער חתונה, ווען זיי האָבן געטראַכט וועגן דעם וועד ווייס וואָס פאַר אַ חתן מען וועט זיי אויסשדכנען און דערנאָך, שוין כלות, ווען זיי פלעגן אויסנייען די טלית־זעקלעך פאַר זייערע צו־קונפטיקע מענער. נאָך דער חתונה, איז מען זיך מאַן און ווייב און אין שטעטל לאַכט מען דערפון: פעפערזוכט... די ביכלעך האָבן עס אויסגעטראַכט... און ס'איז טאַקע נישט קיין אידישע מידה.. דאָך איז מיין מאַמע געווען אייפערזיכטיק; זי האָט געאייפערט די ציימונגען און די ספרים, וואָס דער טאַטע האָט געלייענט. אַ גאַנצן טאָג איז ער פאַרנומען, אָדער אין קלייטל אָדער ער זוכט אַ גמילת חסד, נאָר האָט ער אַ פרייע מינוט, ביים אָנבייסן אָדער ביי דער וועטשערע, איז באַלד דאָס ספר און דער בלאַט... ער טראָגט דעם לעפל צום מויל, און קוקט אין בלאַט... די מאַמע זאָגט גאָרנישט, זי שווייגט, נאָר איר שווייגן איז אַזאַ ווי זי וואָלט אים פאָרגעוואָרפן: פאַר ווען האָסטו חתונה געהאַט, פאַר מיר צי פאַר דעם ביכל?... דער טאַטע דערפילט דאָס מין שווייגן און נעמט טענהן:

— אדרבה, זעץ זיך צו צום טיש, וועל איך דיר איבערגעבן אויף זשאַרגאָן... דאָ דערציילט זיך טאַקע פון אַ יונג ווייבל, וואָס האָט ליב געהאַט דעם מאַן, נאָר די ביכלעך זיינע האָט זי פיינט געהאַט...

צי מיין מאַמע האָט פיינט געהאַט לייענען, קען איך נישט זאָגן, וואָרום איר יונגערע שוועסטער פלעגט לייענען שמר'ס און עוזר בלאָ־שטיינס ראָמאַנען, וואָס דער פעטער שלמה האָט געלייענט, נאָר צו אונדז אין שטוב פלעגן די ראָמאַנען נישט אַריינקומען.. דער טאַטע לייענט דאָך נאָר לשון קודש... אין אידיש האָט ער געלייענט „די קליאַטשע", „אידל", וואָס זיינען אויך נישט פאַר ווייבער. שפּעטער איז צוגעקומען שלום עליכמס „פאָלקס ביבליאָטעק", וואו עס האָבן זיך געדרוקט „יאָסעלע סאָלאָוויי" און „סטעמפּעניו". אָבער, ביי אַזעל־כע מאָדנע אומשטענדן איז די פאָלקס־ביבליאָטעק געקומען צום טאַטן. ער האָט זי גענומען צום לייענען ביי פרומע יאָקלם — אַ שטעטלשע

שיינהייט, וואָס האָט באַקומען אַן איינגעבונדענעם יאָרגאַנג צוגעשיקט א מתנה פון איר חתן, א מאָדערנער יונגערמאַן פון א צווייט שטעטל, פון באַראַנאָווס — און דאָס, קענטיק, איז געווען גענוג, זי זאָל דאָס בוך אפילו אין די הענט נישט נעמען.. זי וועט שוין גיכער לייענען דעם „צאינה וראינה", דעם טייטש־חומש פון דער שכנה אונדזערער, דער פירזאָגערן...

מיין טאַטע איז אויך נישט ראָמאַנטיש, נאָר דערציילט האָט ער, אַז ווען ער איז געקומען אָנקוקן די כלה, מיין מאַמען, הייסט עס, האָט אים דער מחותן געשטעלט אויף א פּרוואו: — אַז דו וועסט אוועקוואַרפן דאָס רויכערן, וועל איך דיר געבן מיין טאָכטער... און ער, א דובאָסאַרער בחור, אויסגעוואַקסן צווישן טאַבאַק־פּלאַנצער און האָט געראויכערט פון קינדווייז, האָט מסכים געווען: — אַז יעקב אבינו האָט געקענט דינען פאַר רחלען גאַנצע פערצן יאָר — האָט ער גע־ענטפערט דעם מחותן — וועל איך פאַר אייער טאָכטער נישט קענען מקריב זיין אַזאַ קלייניקייט?... און ער האָט געהאַלטן וואָרט. מיין טאַטע איז נישט ראָמאַנטיש, נאָר פאַר זיין שרה גיטלען, איז אים קיין זאַך נישט שווער, טראָגט ער אויף זיינע פּלייצעס שווערע זעק מעל און צוקער, מאַכט זיך קיין מלבוש נישט און שיקט זי קיין אדעס צום לימאַן און אום סאַמע ווינטער ברענגט ער פאַר איר שאַבער און קרימער וויינטרויבן.

מיין טאַטע איז נישט ראָמאַנטיש, די גאַנצע ראָמאַנטיק, דאַכט זיך, האָט ער אוועקגעגעבן דער „השכלה בת השמים", אָט דער הימל־שער טאָכטער, מיט וועלכער ער האָט זיך פאַרקנסט אין זיינע יונגע יאָרן הינטער דער שירמע פון די גרויסע גמרא־בלעטער; זיין גאַנצע ראָמאַנטיק, דאַכט זיך, האָט ער אוועקגעגעבן דער העברעישער שפּראַך, צו וועלכע ער איז ממש אויסגעגאַנגען אין ליבשאַפט, זיין ליבלינגס דיכטער מיכה הכהן לעבענזאָן און די נביאים, וואָס זייערע ווערטער, ווי די ברענענדיקע קויל, מיט וועלכער גאָט האָט זייערע ליפּן באַרירט, בריען דורות און וועלטן... נאָר ווען מיין מאַמע איז געשטאָרבן, איז ער געלאָפן איבער גאַסן און געשריגן אַ גרויס און ביטער געשריי, ווי דער יאוש אליין וואָלט זיך איבער די גאַסן געטראָגן...

איך האָב אַמאָל, אין די לעצטע וואָכן פאַר מיין מאַמעס טויט,

איך געבראַכט אַ גרויסן עפּל, אַ שמעקנדיקן, ווי אַ קינדיש קעפּל די גרויס, אַ צייטיק־ווייסן מיט אַ רויט בעקל, — וואָס איצט בין איך מיך מודה, אַז איך האָב אים אַרויסגעגנבעט פון דעם פּרוכט־שפּייכלער, וואָס איז געווען אינעם הויף, וואו מיר האָבן דעמאָלט געוואוינט. זי האָט ביי מיר גענומען דעם עפּל און לאַנג געקוקט אויף מיר, אויף איר זלמנס זון... און איצט, יעדן מאָל, ווען איך שרייב אונטער מיינעם אַן אַרטיקל מיט איר נאָמען: ש. פיינבערג, טראָג איך איר אונטער אין געדאַנק אַ גרויסן שמעקנדיקן עפּל, אַ צייטיק־ווייסן מיט אַ רויטן בעקל...

אין אַ ווינטערדיקן שנייאיקן פרימאָרגן, אינעם צוועלפטן יאָר פון מיין לעבן, איז מיין יונגע מאַמע געשטאָרבן אויף דעם בעט, וואו איך האָב זי אין די לעצטע וואָכן פון איר געמאַטערט לעבן באַדינט מיט אומענדלעכער ליבשאַפט און מיט דער צערפולער שעמעוודיקייט פון אַ אינגל, וואָס האָט דערביי געמוזט צוזען דער מוטערס לייב. איך האָב נישט געוויינט און מיר איז אויך פרעמד געווען דאָס געוויין פון די מענטשן אין שטוב, ווי דאָס געוויין און קלאָגעריי פון די שטוביקע און אַרומיקע ווייבער: „קראו למקוננות" איז מיר געקומען אויפן געדאַנק. איך בין אַרויסגעגאַנגען פון דער שטוב, וואו מיין מאַמע איז שוין געלעגן אויף דער ערד מיט שוואַרצן איבערגעדעקט. געזען האָב איך מיין טאַטן אַנלויפן פון דער קלייט, מיט אַזאַ צער אויף זיין פּנים, וואָס שטייט מיר ביז היינט פאַר די אויגן ווי דער סימוואָל פון צער, און איך האָב גענומען גיין אַרום די פענצטער, דורך וועלכע איך האָב געזען מיין מאַמעס לײדיק בעט און די אָנגעצונדענע צוויי ליכט אויף דער ערד צוקאָפּנס דעם צוגעדעקטן מת. מען האָט געבראַכט די „טהרה"־ברעטער און אָנגעשפּאַרט ביי דער וואַנט און איך האָב אויף אַלץ געקוקט און האָב אַלץ געזען. איך האָב געקוקט צום גרויען הימל און האָב די אויגן איינגעשטאָכן אין דער גרויער שנייאיקער לופט. אַזוי בין איך נאָך דער „מטה" נאָכגעגאַנגען צוזאַמען מיט מיינע ברידערלעך און אויפן בית־עולם, וואָס איך האָב צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן באַטראַכט און געזען זיינע נידעריקע מצבות, טייל נישט מער ווי אַ קרומער שטיין אין דער ערד איינגעשטעקט און אין שניי פאַרזונקענע, האָב איך צוזאַמען מיט מיינע ברידערלעך קדיש

גענזאָגט, נאָכזאָגנדיק מיין זיידן, דער מאַמעס פאָטער... און אַזוי אויך בין איך אַהיימגעקומען אין דער שטוב מיט דעם פאַרהאָנגענעם אַלטן שפּיגל אונדזערן און מיט דער גלאָז וואַסער אויפן פענצטער, געגעסן אַן איי מיט אַש באַשאָטן און דער טאַטע האָט זיך אָװעקגעזעצט אויף דער ערד מיט דעם ספר איוב אין די הענט און זיין צער איז געוואָרן דער צער פון לאַנגע דורות צוריק ביז איובן און דעריבער אויך אַלץ לויטערער און לויטערער, ביז טרייסט און באַרעכטיקונג... און איך בין ווידער אַרויס אין דרויסן און געקוקט ווי די שניי־כמאַרעס ציען איבערן הימל, איבערן אייביקן הימל, וואוהין עס ציט זיך אַלץ דאָס לעבעדיקע און לאָזט נאָך זיך איבער אַ געדעכעניש בלויז אין די פאַר־בליבענע דורות...

# מײַנע חדרים, מײַנע מלמדים און מײַנע חברים

איך קען זאָגן, אַז מײַן ערשטן פּאַרדרוס איבער דער סאָציאַלער דיפֿערענציאַציע, האָב איך געהאַט אין חדר, אינעם ערשטן חדר, וואו מײַן טאַטע האָט מיך געשיקט לערנען, בײַ שמואל מלמד, אַ לאַנגער ייִד מיט אַ שוואַרצער באָרד. געווען איז עס אין אַ ווינטער־פֿרימאָרגן. איך מיט מײַן עלטערן ברודערל, זײַנען מיר געקומען אין חדר אָנגעפֿרוירענע, ווײַל געהאַט האָבן מיר צו גיין ביזן חדר אַ ווײַטן וועג פֿון עטלעכע קוואַרטאַלן, געוואוינט האָבן מיר דעמאָלט לעבן דער נײַער קלויז און דאָס חדר איז געווען אין דער גאַס פֿון דער אַלטער שיל, בײַם אַראָפּגאַנג צום טײַך. געקומען זײַנען מיר, ווי אָרימע קינדער קומען, אָנעם בעלפֿער, און באַלד זיך אַוועקגעזעצט בײַ דער וואַנט אויף דער ערד, שפּילן מיט באָקסער־קערלעך „אום צי גראָד" אָדער קנײַטשן פֿערדלעך פֿון פּאַפּיר, ביז דער רבי וועט אונדז רופֿן צום טײַטל און צום סידור, צו דעם געזאַנג פֿון דער תּורה: — וואָס איז ד אָ ס, אינגעלע?... זאָג אַלף!... און ד אָ ס וואָס איז, אינגעלע?... זאָג בית!.. זאָג־זשע!... רעד זשע!... זאָגט אַ אינגעלע ווײַטער!... און דאָ ברענגט אַרײַן דער בעלפֿער אויף די אַקסלען בײַ זיך אַ אינגעלע מיט אַ באַשליקל אַרום די אויערלעך און שטיוועלעך מיט כאָלעווקעס, אין קאַלאָשלעך... אַ רײַך קינד... ער זעצט אים אַוועק אויף דער קאַנאַפּע וואָס בײַ דער וואַרימער הרובע, ציט אים אַראָפּ די שטיוועלעך און מיט די פֿיסלעך אין די זאָקן, דרייט ער אים אויס צו דער הרובע זיך וואַרימען...

ווי קליין איך בין געווען, אַזוי האָט מיך גענומען קלעמען דער פּאַרדרוס און פֿאַרגיין אין דער נאָז אַרײַן: ווײַל זײַן טאַטע איז אַ

רייכער, ווייל ער האָט גאַנצע שטיוועלעך מיט קאַלאָשן און ווייל ער טראָגט אַ באַשליקל מיט אַ באַראַשקן קוטשמעלע, זעצט מען אים ביי דער הרובע און ווייל ביי אונדז זיינען די שטיוועלעך צעריסן, און ווייל אונדזער טאַטע איז נישטאָ הי, לאָזט מען אונדז זיצן אויף דער ערד... און יענעם פרימאָרגן האָט דעם רבינס גזאַנג: „וואָס איז ד אָ ס אינגעלע?” מיר געקלונגען אין די אויערן אזוי פאַלש, ווי ס'וואָלט זיך אָנגעשלאָגן אָן אַ ליידיקן בלעך און איך האָב גאָרנישט געהערט וואָס ער פרעגט מיך; מיין מוח איז געווען פאַרנומען מיט דער עולה וואָס ווערט באַגאַנגען אַקעגן די אָרימע קינדער, וואָס מען לאָזט זיי זיצן אויף דער קאַלטער ערד, בעת מען פיעשטשעט די רייכע און מען וואַרימט זיי...

וואָס ווייטער, האָט זיך אין מיר אָט דער סאָציאַלער פאַרדרוס אַלץ מער און מער אַנטוויקלט: אַ רייך קינד האָט דער רבי קיינמאָל נישט אריבערגעלייגט שמייסן מיט זיין קאַנטשיק, וואָס איז שטענדיק געליגן לעבן אים אויפן טיש און געדראָעט מיט זיינע אַכט רימענד־לעך... אַ רייך קינד האָט ער שוין אודאי קיינמאָל נישט געשטעלט אין „קונע”. איך מיין אַז אַ סך פון מיינע לייענער ווייסן שוין גאָרנישט וואָס דאָס איז פאַר אַ מין שטראָף און איך מוז זיי דאָס דערקלערן: דאָס פאַרזינדיקטע אינגל טוט מען אויס ביזן העמד, די מייטקעס לאָזט מען אים אַראָפּפאַלן ביז דער ערד און דאָס העמד פאַרציט מען אים איבערן קאָפּ. דערנאָך רופט דער רבי אַלע אינגלעך זיי זאָלן אים באַשפּייען און באַקלעפּן מיט פאַפּירלעך, איינגענעצטע אין שפּייעכץ... איך מוז אויך אָפּשיקן מיינע לייענער צו דינעזאָנס „יאָסעלע”, כדי זיי זאָלן באַנעמען דעם גאַנצן פּיין פון דעם אָרימען קינד אין חדר.

געווען איז ביי מיר אויך שאַרף דער געפיל פון צער בעלי חיים. קינדער פלעגן זאָגן: אַ „טשערבעלע כאַי!”. און דאָך איז ביי די קינ־דער איינע פון די געווינלעכסטע פאַרנעמעכצן אין חדר געווען כאַפּן אַ פליג און איר אָנשטעכן אַ נאָדל אָדער אַ שטרויעלע אין הינטן, זי זאָל זי שלעפּן... איך האָב שוין דעמאָלט געהאט געהערט דאָס רוסישע וואָרט: „ניע מוטש מוכי, אי יעי באָלנאָ” (פּייניק נישט די פליג, אויך איר טוט וויי) און האָב דאָס שטאַרק „גענומען צו קענטעניש”, ווי מען זאָגט היינט, איך האָב דאָס אָנגענומען פאַר אַ געבאָט, פאַר

דעם געבאָט פון מיין הארצן, איידער נאָך איך האָב געוואוסט וועגן די געבאָטן פון דער אידישער תורה. אזוי פלעגט מיר אויך שטארק שאַקירן ווען גרויסע פלעגן הנאה האָבן ווי קינדער רייסן ביי עמיצן די האָר פונעם קאָפּ אָדער שלאָגן אים מיט די הענטלעך. זיי האלטן דאָס קינד אויף די הענט און רייצן עס: רייס, רייס... שלאָג, שלאָג!... אַליין א קינד, האָב איך אמאָל געטאַדלט מיינעם א פעטער, דער מאַמעס ברודער ישראל, פאר אָט דעם מאָדנעם פארגעניגן זיינעם צו לערנען א קינד רייסן יענעם די האָר און שלאָגן יענעם אין פנים... דער פעטער האָט דערויף בלויז מאָדנע א קוק געטון אויף מיר און האָט אויף מיר א געשריי געטון: משוגענער! זלמן דער רויטער האָט זיך צערעדט!...

אין חדר איז נישט אַלץ געווען פיין. דאָרט וואו קינדער קומען זיך צונויף און שפּילן זיך אומגעשטערט און פריי, אָן קיינעמס אריינמישונג — און אזוי האָבן זיך געשפּילט קינדער אין חדר — איז אויך פריי זייער פאַנטאַזיע און פרוכטבאר. ציט א דרייעק מיט שוועלבעלעך איבערן הימל, הערן מיר זיי שרייען: פריי! פריי! און טרייבט דער פאַסטוך די טשערעדע פון דער פּאַשע און קנאַלט מיט דער בייטש איבער דער שטויביקער גאַס אינעם זומערדיקן פארנאַכט, ווייסן מיר, אז אזוי וועט משיח פירן די אידן צוריק פון גלות און אונדז קינדער וועט ער טראָגן אין דער פּאָלע, ווי עס טראָגט א פאַסטוך דאָס ערשט געבוירענע ציגעלע אהיים... א באַקסער־קערל איז פאר אונדז געגנוג געווען אַוועקצופירן אונדז צו ארץ ישראל און צו אירע וועלדער מיט באַקסערן און טייטלען און אַלערליי אַנדערע ארץ ישראל פּירות... א משה רבינו פערדל, ווי מיר האָבן גערופן די זשוקלעך מיט די רויטע געפינטלטע פליגל, ווי צוויי טירלעך ביי אַן ארון קודש, האָט אונדז געפירט צו אַלץ וואָס מיר האָבן געוואוסט וועגן משה רבינו נאָך פאר דעם ווי מיר האָבן געלערנט וועגן אים אינעם חומש... און וועגן וואָס האָבן דען אינגלעך נישט גערעדט צווישן זיך אין חדר און באזונדערס „אין דרויסן", אין דער פאַרוואַקסענער חורבה, לעבן דעם רבס שטוב, וואָס האָט אונדז געדינט פאר אַן אַפּטריט!...

מיינע בעסטע חברים אין דעם חדר זיינען געווען צוויי דאָרפישע אינגלעך, וואָס דער טאַטע זייערער, לוי אַסטראָווסקער, האָט זיי גע־

בראַכט אין חדר אַריין און זיי איבערגעלאָזט ביים רבין ער זאָל זיי געבן עסן און אויסלערנען עברי... געזונגטע לאָפּאַקעס זיינען זיי געווען צווישן אונדז, דריי און פיר־יעריקע אינגלעך, מיט שטיוול, וואָס זיי פלעגן זיי שטענדיק ציען ביי די אויערן און הייבן דעם פוס... אַזוי פּראָסט ווי זיי זיינען געווען, אַזוי האַרציק און אָרנטלעך זיינען זיי אויך געווען. גערעדט האָבן זיי מיט אַ שווערן צעצויגענעם אידיש, ווי די גויים ריידן כאַכליש. שוין צווישן די קליינע אינגעלעך זיינען געווען שווינדלער ביים שפּילן, דריי־קעפּלעך... חיים אָדער שמואל האָט בלויז באַדאַרפט אַ זאָג טון צו אַזאַ אינגל: „וועסט מיך האָבן צו געדענקען", אַז אַזאַ אינגל זאָל אויפהערן דרייען און נעמען שפּילן אָרנטלעך...

איך האָב מיר געהאַט פאַר זיך אַ באַזונדער שפּיל, וואָס די אַנדערע אינגלעך האָבן נישט פאַרשטאַנען און געזאָגט, אַז איך נאַר זיי אָפּ אָדער, אַז איך בין אַ משוגענער. איך האָב די שפּיל אויסגע־פונען ווען דער רבי האָט מיט מיר אָנגעהויבן לערנען קמץ־אלף. — קמץ אלף או — האָט דער רבי מיר געטייטלט און איך האָב נאָכגע־זאָגט און האָב דערזען פאַר מיר אַ בלויע פאַרב, בלוי ווי דער הימל אין אַן אויסגעשטערנטער נאַכט; פּאַסעך אלף אַ — און מיר איז געוואָרן רויט פאַר די אויגן, רויט ווי קומאַש; ציירע אלף — איי און דערזען האָב איך די קרעמעווע שפּיצן אויף מיין מאַמעס ווייסע קאַפּטעס און סעגל אלף — ע, ווייסן צוויט אויף די אַקאַציע־ביימער שבועות־צייט ביי מיין זיידן אין פאַליסאַדניק; כירעק — העל גרין, ווי דאָס וואַסער ביי אונדז אין טייך, ווען עס שפּיגלט זיך דערין דער גרינער טשערעט; כוילעם — ווי מאַטע סאַזשע און אַ — נאָך שוואַר־צער, שטאָק פינצטער, ווי די פינצטערניש וואָס גאָט האָט אָנגעשיקט אויף פּרעהן אין מצרים... און איך פלעג שוין אויך קאָמבינירן די פאַרבן... איך פלעג צוגיין צו אַ אינגל און אים זאָגן: זאָג „יאַ", וואָס זעסטו? — גאָרנישט — זאָגט ער. — און איך זע אַ מאַראַנץ!... דו זאָג מיר אַזאַ טראָף, מיט אַ פּאַסעך אָדער מיט אַ קאָמעץ, וועל איך דיר באַלד זאָגן וואָס איך זע... נאָר די אינגלעך פלעגן נישט פאַר־שטיין: — גיי, דו טראַכסט אויס!... ביזן היינטיקן טאָג טרעף איך

אַן אויף מענטשן וואָס פאַרשטייען נישט ווי קען מען דאָס זען פאַרבן אין קלאַנגען...

:: :: ::

געגאַנגען בין איך אַ זמן אָדער צוויי צו אַ צווייטן מלמד, צו שמעונען, אַ געלער אָפּגעבליאַקעוועטער איד; איך געדענק אַן אָנגע־שטאָפּטן חדר ביי ירוחים שאַר אין דער דירה, אַן אָנגעשטאָפּטן חדר ביי הינדע־רייזען אין דער דירה, נאָר פון די צוויי זמנים געדענק איך נישט איך זאָל עפּעס האָבן געלערנט און איך געדענק אויך נישט איך זאָל עפּעס האָבן געזען אַזעלכעס וואָס איך פלעג זען ווען איך האָב געלערנט ביי שמואל מלמד. איך געדענק אויך נישט קיין חברים פון דאָרט. פון שמעון מלמד געדענק איך נאָר זיין ווייב מיט דעם נאָוטע־נעם נעזל; אַ נאָז וואָס איז ביים שפּיץ איינגעשניטן ווי אַ נאָוט. אַ נודנעבץ פלעגט מיך באַפאַלן ווען איך פלעג קוקן אויף דער נאָז. איך געדענק אויך זיין זון חיים, דעם בעלפער, וואָס פלעגט שטיין פון דער אַנדערער זייט הרובע, אינעם אַלקער און זיך וואַרימען די הענט און אַז דער רבי אויף דער זייט הרובע האָט עפּעס געפרעגט, האָט ער נישט געענטפערט: יאָ אָדער ניין, נאָר געשאָקלט מיטן קאָפּ. איך געדענק אויך, אַז ביי ירוחימען אין דער דירה איז געווען קויטיק און פינצטער און פון הינדע רייזעס דירה געדענק איך דעם באַרלעך־קוואַס וואָס זי פלעגט פאַרקויפן; איך געדענק אירע הויכע זין, די ריזן, וואָס האָבן געהאַנדלט מיט פערד און איר טאָכטער מיט דעם געקרויזטן קאָפּ גאָלדענע האָר און מיט אַ שוואַרצער סטענגע פעסט אַרומגענומען דעם האַלדז, וואָס ס'האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז דער קאָפּ איז ביי איר אַן אַרויפגעזעצטער, ווי ביי אַ ליאַלקע...

הינדע־רייזע איז געווען אַ גוט־בעטערן ביי די פּריצים, איבער־הויפּט ביי פּעטראַ, דעם סאַוויצקער פּריץ, וואָס האָט געהאַט אַ דעה אין די „פּריסוטסטוועס" און אַז מען האָט געדאַרפט עפּעס פועלן ביי וואַסיל איוואַנאָוויטשן, פלעגט זי שיקן די טאָכטער. פון שמעון מלמדס חדר געדענק איך אויך די „קריאת־שמע־לייענענס", אויף וועלכע דער בעלפער, זיין זון חיים, פלעגט אונדז פירן, ווען עס איז געווען אַ גע־ווינערן אין שטעטל. דער בעלפער פלעגט פירזאָגן אל מלך... און איננ־לעך פלעגן נאָכשרייען און שטיפן: אל מלך, קאַטשקע דריילעך... שטי־

בער פון אַט די קריאת-שמע-לייענענס מיט די שיר המעלותן אָנגע־
טשעפּעט אויף די ווייסע ליילעכער, מיט וועלכע עס איז פאַרהאָנגען
געווען דאָס בעט פון דער קינפּעטאָרן, שטייען מיר פאַר די אויגן,
כאָטש איך בין אין זיי בלויז איינמאָל געווען, בעת פונעם חדר, אין
וועלכן איך האָב געלערנט אַ גאַנצן זמן אָדער צוויי, געדענק איך בלויז
אַ מטושטשן פלעק מיט קינדער אָנגעזעצט אויפן פּאָל, פון וועלכע
איך געדענק נישט דעם פּנים פון איינעם אפילו, קיין איין גרין סטרעמפּל
אונטער דער נאָז, פאַרווישט מיטן אַרבל אויף דער באַק אַרויף...

:: :: ::

מעגלעך, דאָס איז טאַקע געווען דערפאַר וואָס אַט דאָס חדר
איז געווען ענג און פינצטער און שמואל מלמדס חדר, פאַרקערט, איז
געשטאַנען אָפן מיט דער טיר און מיט די פענצטער צו דער גאַס
און די גאַס פאַרן חדר איז געווען נישט פאַרבויט און עס האָט זיך
געצויגן פאַר איר דער באַרג אַראָפּ צום טייך, אַ גרינער, ביז דעם
אָפּשניט פון אַ הויף אויף דער טייך גאַס, און געזען האָט מען פון
דאַנען די רייַ הייזער פונעם דאָרף, וואָס אויף יענער זייט טייך און
דעם באַרג וואָס האָט אונטערגעשפּאַרט דעם הימל און זיך געצויגן
איבער דעם דאָרף, אין גרינע און שוואַרצע פּאַסן אָסיען צייט, אין
ווייסן אום ווינטער, אין גרינעם אום פרילינג און אין ווייצן־גאָלד אום
זומער. מעגליך, זאָג איך, וואָרום פון יענעם פינצטערן און קויטיקן
חדר בין איך אַריבער אין אַ חדר ביים סאַמע טייך, וואָס האָט הינטן
געהאַט אַן אָפּגעגראָבענעם הויף און איבערן הויף־אָפּשניט דאָס גרינס
פון מיין ערשטן חדר, און ווידער איז דאָס יאָר פון אַט דעם חדר, וואו
איך האָב געלערנט חומש מיט רש"י, פול מיט איינדרוקן און חברים.

דאָ האָב איך אָנגעהויבן שרייבן: צוערשט אויף קריץ, דאָס הייסט
איבערגיין מיט טינט דעם רבינס אותיות, וואָס ער האָט אויפגעשריבן
מיט בליישטיפט; דערנאָך נאָכגעשריבן דעם רבינס שורה־גריסל און
צום סוף אַן אייגענע קאָמפּאָזיציע: ווי אַזוי ביי מיין זיידן האָט די
קו געהאַט אַ קעלבל, ווי אַזוי דאָס קעלבל האָט געבריקעוועט און ווי
אַזוי איך בין אַרויס מיט אַ טאַנץ אַקעגן דעם קעלבל און דאָס האָט
מיר גענומען לעקן די הענט. דאָ האָב איך געלערנט „שיר השירים",
**דאָס געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען, און „רות", די זאַנגען־קלייבערן**

הינטער די שניטער, וואָס איך פלעג זיי זען ווי די סילועטן גיין און זינגען מיט די קאָסעס אויף די אַקסלען אין די רויטע פאַרנאַכטן אויף יענער זייט טייך, אַזוי ווי עס זאָגט זיך אינעם בענטשן: עס גייט מיט געוויין דער וואָס טראָגט דעם זאַט צום פאַרזייען און עס קומט מיט געזאַנג דער וואָס טראָגט די גאַרבן... דאָ האָב איך געלערנט „פּרק" אין די זומערדיקע שבתים און דאָ אויך האָב איך געהאַט אַ חבר בערקע פון ווסיאָלע קוט, פונעם וואָקזאַל, צען ווערסט הינטער דעם שטעטל, וואָס פלעגט אין די זומער־פאַרנאַכטן, נאָכן חדר, דערציילן מעשיות, וואָס האָבן זיך קיינמאָל נישט געענדיקט: פונעם שניידערל מיט די צוועלף גזלנים, פון דעם אָרימען אינגל מיט דער בת־מלכה, וואָס איז קראַנק געוואָרן און איר פאָטער האָט אויסגערופן איבערן לאַנד, אַז ער וועט חתונה מאַכן זיין טאָכטער פאַר דעם וואָס וועט זי געזונט מאַכן און דער אָרימער אינגל האָט זי געזונט געמאַכט און נאָך אַזעלכע, וואָס ער פלעגט זיי פאַרענדיקן מיט דעם שטענדיקן פזמון: און זיי איז גוט און אונדז א־ז נאָך בעסער און זיי עסן און גיב אונדז אויפן שפּיץ מעסער...

ער האָט אונדז געלערנט שפּילן אַלערליי, ווי קאַצאַפּעס שטייערן זיך ביי די גאָרטלען און ווער ס'איז פלינקער, דער וואַרפט אַריבער דעם אַנדערן איבערן קאָפּ און ווי סאָלדאַטן שפּרינגען איבערן „באַ־ריער"; זיי גיבן אַ דריק־צו דעם לינקן שפּיץ פוס צו דער ערד און דעם רעכטן צוזאַמען מיט די הענט, ווי די פליגל, וואַרפן זיי אַרויס אויף פאָרויס... פון אָט די פּרוואוון איז מיר געקומען אַ מאָדנער חלום, וואָס פלעגט זיך מיר אָפּט איבערחזרן: איך פלי; איך גיב אַ דריק־צו דעם לינקען פוס צו דער ערד און וואַרף אַרויס דעם רעכטן פוס צו־זאַמען מיט די הענט און איך פלי... פון אָנהויב פלעג איך פליען נאָר אַראָפּ, פונעם גרינעם משופּע, וואו איך האָב ליב געהאַט צו ליגן אויפן גראָז, אַראָפּ אינעם אָפּגעגראָבענעם הויף, און דערנאָך שוין אויך אַרויף, איבער די גאַסן, איבער די הייזער, ס'איז מיר שוין אַמאָל שווער געווען אַראָפּצולאָזן זיך אויף דער ערד...

אויף יענעם משופּע פלעג איך ליגן נאָזנדיק, מיטן פּנים אַרויף צו דער זון און צומאַכן די אויגן מיט די פינגער און זען „אוזאָרן", וואָס בייטן די פאָרמען און די קאָלירן; אוזאָרן, ווי אויף די סיטעצן

פון די ווייבערישע קליידלעך און אזוי ווי אויף די שפּאַלירן, נאָר אָן אַ שיר איידעלער און די קאָלירן אָן אַ שיר שענערע, אזוי ווי דער תכלת און ארגמן פונעם כהן גדולס קליידער און די ווי טייערע שטיינער וואָס דער איפוד איז מיט זיי באַזעצט געווען: אודם פּטדא וברקת, לשם, שבו ואחלמה... און טייכן פייער צעגאָסענע, אין וועלכע עס בייטן זיך די פייערן פון צונטער־רויט ביז סאַפיר־בלוי און קרישטאָלן ווייס... דעם „לבנת הספיר" און דעם „אבן שיש טהור", אויף וועלכן עס שטייט גאָטס שטול...

אין יענעם חדר האָב איך אָנגעהויבן „גיין ביינאַכט". ווינטער, ווען דער טאָג איז קורץ, בלייבט מען לערנען אין חדר ביז שפּעט אין דער נאַכט. איינגלעך ברענגען מיט זיך קעראָסין פאַרן רבינס לאָמפּ. דער רעזערוואואַר, אַ גלעזערנער, האָט זיינע קאַרבן, און אַז דער קעראָסין ברענט אויס ביז אַ געוויסן קאַרב, גייט מען אַהיים... טאַטעס דערציילן, ווי אַזוי אַמאָל, ווען מען האָט געלערנט ביי חלבנע ליכט, פלעגן חברה שאַלטיקעס אָפּשנויצן די ליכט, כדי זיי זאָלן גיכער אויס־ברענען און מען זאָל גיכער אַהיימגיין און ווי אזוי דער רבי פלעגט אַנטשלאָפן ווערן מיט דער באָרד אָנגעשפּאַרט אויפן טיש און שאַל־טיקעס האָבן אים די באָרד צוגעשמאָלצן מיט דעם חלב צום טיש... נאָר דאָס איז אַלץ געווען אַמאָל, היינט לערנט מען ביי קעראָסינאָווע לאָמפּן און היינט זיינען נישטאָ אַזעלכע שאַלטיקעס אין די חדרים... אויך צו אונדזער רבין האָבן מיר גאָרנישט. ער איז אַ שטילער מענטש, אַביסל אַ סוטולעוואַטער, — אברהם דער סוטולעוואַטער רופט מען אים אָדער אברהם פריידעס, אויפן נאָמען פון זיין שוויגער, וואָס האַלט אַ קלייטל סאַמע ביי דער בריק און האָט פאַר קונים די פּויערים פון דאָרף וואָס אויף יענער זייט בריק און די אידישע זעמליאַנקעס וואָס אויפן באַרג אַראָפּ צו דער באָד. געדיכטע שוואַרצע ברעמען האָט ער און אַ געדיכטע שוואַרצע באָרד, אַ ווייב וואָס שטייט מיט צעלניק אין מאַרק און אַ טאָכטער וואָס איז פאַרנומען מיט דער ציג. גייט דער רבי אַמאָל אַוועק אינמיטן לערנען אָדער דאַווענען מנחה־מעריב אין שיל, קערן מיר איבער דעם הויף, לויפן צום טייך זיך באָדן, נאָר זיי אַרט עס נישט... איז וואָס האָבן מיר צו אים, אַז מיר זאָלן אים צוקלעפּן די באָרד צום טיש, ווען ער כאַפּט אַמאָל אַ דרעמל

נאָך א גאַנצן טאָג „האַקן האַלץ", ווי ער רופט אָן דאָס לערנען מיט אונדז, איבערהויפּט די רש"י...

מיר גייען אַהיים אַרויף אַ באַרג איבערן שניי מיט פּאַפּירענע לאַמטערנס, וואָס מיר מאַכן זיך אַליין, און אַז מיר גייען פאַרביי די אַלטע שיל, וואָס שטייט מיט אירע פינצטערע פענצטער, זינגען מיר „אַל תירא עבדי יעקב", האָב נישט מורא יעקב מיין קנעכט, זאָגט גאָט... מיר מאַכן זיך קוראַזש, כלומרשט האָבן מיר נישט מורא פאַר די מתים, וואָס האַלטן זיך אויף ביינאַכט אין די שילן. טרעפט, מיר גייען דורך און די פענצטער זיינען שטאַרק באַלויכטן, איז אַ סימן, אַז אַ מגיד זאָגט, אַ בעל דרשן, און מיר כאַפּן זיך אַריין אין שיל... אַ אינגל טרעפט אַמאָל זיין טאַטן דאָרט און מען גייט שוין אַהיים צוזאַמען. טאַטע און זון גייען אַהיים פון אַ הייליקער, גייסטיקער עבודה...

:: :: ::

זיבן יאָר האָט מיר שוין געדאַרפט ווערן, ווען איך האָב פאַרענדיקט יענעם חדר ביים טייך מיט דעם ערשטן בלאַט גמרא: „שניים אוחזין בטלית" און לויט דער אַלטער טראַדיציע, האָב איך שוין באַדאַרפט אָנהויבן גיין צו אַ גמרא-מלמד. נאָך דאָ איז געשען דער איבערברוך אין דער גראַסעלער דערציאונג און אָנשטאָט גמרא, האָב איך גענומען לערנען די נביאים מיט דעם פירוש פון מלבים ביי אַ נייעם מלמד, וואָס דער טאַטע האָט אים אַראָפּגעבראַכט פון דער אָדעסער מלמדים-בירזשע. אַ פּאָדאָליער יונגערמאַן מיט אַ שוואַרץ בערדל אויף אַ מילך-ווייסן פּנים, וואָס האָט גערעדט מיט ליאַמעדן. געלערנט האָב איך ביי אים העברעיש, און דאָ האָב איך גענומען אַרויסווייזן באַזונדערע פעיקייטן. איך האָב תופס געווען דעם מעכאַניזם פון דער דאָזיקער שריפט-שפּראַך אויף חידושים. און ס'איז גאָר קיין חידוש נישט געווען. איך האָב שוין דעמאָלט געהאַט געלייענט „אהבת ציון" און „אשמת שומרון", „התועה" און „קבורת חמור" און געבלעטערט די איינגעבונדענע „המגיד" און „הלבנון", געזונגען „אל חנן מי ענן", „שיר ציון" פון מרדכי הלוי, „יונה הומיה",

„החבצלת״. מיר זיינען געווען גאָר פּיצעלעך, ווען די משרתים פון דער גרויסער הורטאָוונער קלייט לעבן אונדזערער פּלעגן אונדז אַוועקזעצן אויף דער „פּירבאַנק״ מיר זאָלן זינגען „יונה הומיה״ און אָנשיטן אונדז דערפאַר מאָנפּאַסיע אין די קעשענעס... געלערנט האָב איך ספּעציעל דעם מעכאַניזם פון דער שפּראַך, לויט דעם „מורה הלשון״ פון חיים צבי לערנער, דעם געלונגענסטן לערבוך פון דעם לימוד, ווי מיר דאַכט זיך.

געהייסן האָט דער מלמד אברהם שוואַרצמאַן און גערופן האָט מען אים אַוורעמל מיאַסקיווקער, וואָרום געווען זיינען מענטשן אין גראָסלעס, וואָס האָבן געקענט זיין משפּחה אין דעם פּאָדאָליער שטעטל. אַן אָפּגעצערטער יונגערמאַן מיט אַ קליין שוואַרץ בערדל, אַ שיטערס. איבערגעלאָזט האָט ער ביי זיך אין שטעטל ווייב און קינדער, קליינע חדר־אינגלעך און האָט זיך אַרויסגעלאָזט „איבער דער וועלט״ זוכן אַ קנעלונג, ווייל צו עפּעס אַנדערש, צו מסחר, האָט ער נישט געטויגט, ווי מען פלעגט ביי אונדז זאָגן אויף אַ מלמד. נאָר קיין בטלן איז אַוורעמל מיאַסקיווקער נישט געווען. ער האָט צו ערנסט גענומען זיין פאַך, לערנען מיט אידישע קינדער תנ״ך און דקדוק און אָנשרייבן אַ העברעיש בריוול: „אבי יקירי״ און שוין נישט ווי מען פלעגט שרייבן פאַר אים: „לאבי היקר מוהרור... נ״י״ אָדער „לאמי היקרה מרת... שתחיו״... און אויך האָט ער צופיל ליב געהאַט זיינע תלמידים, אַלעמען זיי גוט געקענט און מיט יעטן פון זיי געווען פשוט חבר, אַז מען זאָל אים געווען קענען רופן בטלן. איך האָב צו אַוורעמל שוואַרצמאַן געפילט אַ צוגעבונדנקייט ווי צו אַן עלטערן חבר.

אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר 27, פלעגט ער זיך אַמאָל פאַרגעסן אויף זיין ראָל פון אַ לערער, ריכטיקער געזאָגט, אויף זיין יעראַרכיע און גענומען דערציילן האַלב אפּיקורסישע מעשיות און זינגען פריוואָלע פאַראַפראַזירונגען פון די תפילות. ספּעציעל געדענקט זיך מיר ווי ער האָט פאַראַפראַזירט כל נדרי אידיש־כאַכליש, אַזוי אַז דאָס וואָרט „דאַינדרנאָ״ איז אויסגעקומען „דאָ דאַרקו״, אַ יונגערמאַן, האָט עס געהייסן, איז געגאַנגען צו אַ גויע מיטן נאָמען דאַרקאַ... ס׳איז ישיבה־בחורישע אפּיקורסות, וואָס איז שטאַרק פאַרשפּרייט אויך צווישן די קריסטליכע סעמינאַריסטן, נאָר ביי אונדז זיינען קיין ישיבה־בחורים

נישט געווען, איז דער מין פּראָפּאַנאַציע פון די תפילות און פון גע־וויסע פּסוקים אין חומש געווען דער אויסשליסלעכער געביט פון די יונגע סוחרים און קרעמער און עס האָט מיך דעריבער אַ ביסל שאָ־קירט. אַזעלכעס וואָלט געפּאַסט פאַר משה איציק קלמנס, וואָס פלעגט נאָכמאַכן ווי אַ ישיבה־בחור קראַצט זיך, שלעפּט אַרויס עפּעס פונעם בוזים און זאָגט „וכי ימצא הגנב במחתרת אין לו דמים". און גיט דערביי אַ לעק אָפּ דעם נאָגל...

געווען אָבער איז דערין אין דער זעלבער צייט אַן אויסדרוק פון חברישקייט. שפּעטער, ווען איך בין געווען אַ לערנאינגל אין אַן איינבינדעריי אין טיראַספּאָל און האָב מיך דערוואוסט, אַז אַוורעמל איז אַ מלמד ביי אַ דאָרטיקער פאַמיליע, פלעג איך אַריינקומען צו אים שוין אינגאַנצן מיט פּרעטענזיעס אויף חברישקייט, כדי אויס־צורײדן זיך פאַר אים דאָס האַרץ...

האָב איך געהאַט חברים צווישן די אינגלעך אין דעם חדר? איך שטעל דעם פראַגע־צייכן, מחמת איך געדענק נישט קיין איינעם פון די אינגלעך, וואָס האָבן מיט מיר געלערנט, איך זאָל זיי האָבן אמת ליב געהאַט. האָב איך געקענט ליב האָבן איציק מאָטל דעם פעלהענד־לערס, מיט וועלכן איך פלעג אַמערסטן פאַרברענגען, וועלכער פלעגט מיך שטענדיק רופן צו זיי אין שטוב, אַז אין כאַראַקטער האָט ער געהאַט אין זיך אַזעלכעס וואָס האָט מיך אָפּגעשטויסן: עפּעס קעצי־שעס און פוקסיש? אָדער דעם קרומען אידל מנשהס, וואָס האָט שטענדיק דערציילט אַזעלכע מיאוסע מעשיות וועגן די שיקסעס ביי זיי אין שטוב? אָדער דוד משה מענדלס, וואָס האָט שוין דעמאָלט געזוכט אַרויסצוהייבן זיך פון זיין קצבישן יחוס און געטראָגן אויף זיך די פּאָזע פון אַ באַלעבאַטיש אינגל? ס'האָט אים דעמאָלט נאָך געפעלט עטלעכע יאָר אויף צו ווערן אַן אַגענט פון שטעמפּלען און ניקלנע הענטל־פענען מיט איניציאַלן פאַר טריוואַקסענע זיגלען און צו פאַרנעמען זיך מיט פאַרקויפן נאַציאָנאַל־פאָנד מאַרקעס... ער האָט אפילו מורא געהאַט צו וואָרפן זיך מיט אונדז אין „סניעזשקעס" (שניי־קוילן) נאָכן אַרויסגיין פונעם חדר ביינאַכט, אָדער מאַכן „אַ מענטש" אינעם שניי... טאָמער וועט עס מינערן זיין קאַריערע פון אַ באַלעבאַ־טיש אינגל, און שוין אודאי זיך נישט שטייערן און זומער לויפן צום

טייך זיך באָדן גלייך פונעם חדר. נאָר אז מען האָט אים שוין באַוואויגן גיין זיך באָדן, האָט מען אים דאָרט ערשט אָפּגעטון א שפּיצל, מען האָט געמאַכט א קנופּ מיט אַן ארבל פון זיין העמד און איינגעטונקען אין וואַסער... גיי קניפּ אים אויף אָדער גיי אהיים אָן א העמד!...

קיין געוואַלטיקער חבר איז אויך נישט געווען משה קלמן־לייזערס א זון פון א גבירישן משכיל. זיין טאַטע האָט אים געגרייט אין גימנאַזיע ביים לערער בייקעלים, וואָס פלעגט אַריינקומען צו זיי אין שטוב לערנען מיט אים, מיט זיין יונגערן ברודער מאָטיע און מיט זיין שוועסטערל ראָזע. ער האָט שוין דעמאָלט געהאַט גבירישעס אין זיך און שוין דעמאָלט האָט ער זיך געזען אלס דאָקטער זאָלאָטאַראָוו. און קיין חבר איז ער נישט געוואָרן אויך נאָכדעם, ווען איך פלעג אַרייַנגיין יעדן טאָג צו זיי אין דער גבירישער שטוב לערנען ביים רבין יעקב שמעון כהן, דעם ליטוואַק, וואָס דער טאַטע האָט געבראַכט פון אַדעס פאַר א מלמד צו אים און זיין ברודער און איך צו זיי א דריטער...

פון יענער שטוב איז מיר, אגב, פאַרבליבן איינגעקריצט אין זכרון איינער פון די מאָמענטן, וואָס האָבן געהאָלפן אויסגראָבן אין מיין באַוואוסטזיין דעם תהום צווישן אָרים און רייך. געווען איז עס ווינטער פון דעם יאָר 1893, וואָס האָט אַרייַנגעוואָרפן אונדזער שטעטל אין גרויס אָרימקייט; א יאָר פון נישט געראָטעניש, וואָס שטעלט אָפּ דעם מסחר מיט תבואה און הויבט די פּרייזן אויף מעל; אין אזא יאָר פּוסטעווען די קראָמען, די חובות ווערן נישט איינגעמאָנט, די שוסטער און שניידער זיצן אָן אַרבעט און מען לעבט נישט, נאָר מען זיפּעט. דער טאַטע האָט זיך קיין מלבוש נישט געמאַכט און די קינדער אויך נישט, לאַטעט מען די אַלטע מלבושים און מען לעבט אויף טיי מיט הערינג און אויף צו בייטן — א געזאַלצן פישל... די מאַמע איז קראַנק, די פיס שווילן איר, און דער טאַטע דאַרף זי שיקן קיין אַדעס, האָט ער געליען א גמילת חסד ביי זיין גבירישן גוטן ברודער דעם משכיל קלמן־לייזער, פּופּצן רובל, און די מאַמע אַוועקגעשיקט...

אין א נאָכמיטיק בין איך געקומען צום לערנען, צום רבין יעקב שמעון און צו מיינע חברים פון דער „כתה", און נאָך איידער איך האָב באַ־

וויזן אַריבערצוטרעטן די שוועל, איז מיר אָקעגנגעקומען דעם גבירס ווייב: „זאָג דיין טאַטן ער זאָל אָפּברענגען די פּופּצן קערבלעך!...״ איך בין שטיין געבליבן אויף דער שוועל אַ שטומער, אַ געפּלעפּטער. מעכאַניש בין איך אַריינגעגאַנגען אין לערן־צימער צו מיין קלוגן רבין, וואָס האָט גראָד צוגעזען די סצענע. ווי אַזוי איך האָב דעם טאָג גע־לערנט, געדענק איך נישט, נאָר ביינאַכט, ווען איך בין אַהיימגעקומען און האָב געטראָפן דעם טאַטן זיצן אין זיין געלאַטעטן בגד און עסן די וועטשערע, אַ שטיקל געזאַלצן פיש מיט טיי, האָב איך מיך נישט געקענט איינהאַלטן און האָב מיך צעוויינט. דער טאַטע האָט פון מיר נישט געקענט אַרויסקריגן וואָס אַזוינס מיר איז געשען; דערציילט האָב איך אים ערשט מיט אַ טאָג שפּעטער, נאָר ער האָט שוין געוואוסט דערפון; דער קלוגער רבי מיינער איז געקומען „נעמען טאַבאַק״ און טרייסטן דעם טאַטן, אַז וואָס מער עושר, מער סאַבאַקע...

איך פלעג שטענדיק באַוואונדערן דעם גבירס שיינע שאַפע ספרים מיט די געגילדעטע רוקנס, אַלץ פונדאַמענטאַלע ווערק: „עקידה״ פון יוסף אלבו (אלפסי), דער „כוזרי״, צונץ און גייגער, דער גאַנצער תנ״ך מיט דעם „ביאור״, נאָר פון דעמאָלט אָן, ווען איך פלעג נאָר אַ קוק טון אויף דער שאַפע, פלעגט מיר קומען אויפן געדאַנק דאָס וואָרט אין „משלי״: נזם זהב באף חזיר...

ס׳איז געווען פיינלעך צוצוזען ווי משה זאָלאָטאַראָוו האָרעוועט ביים לערנען. און געלערנט האָט מיט אונדז דער ליטוואַק יעקב שמעון אַזעלכע לימודים, וואָס קיין האָרעוואַניע איז דערביי נישט שייך. גע־לערנט האָט ער מיט אונדז „עין יעקב״, דעם „אגדה״־טייל פון תלמוד, וואָס אָן און פאַר זיך איז עס מער שפּיל ווי לימוד, קלוגע ווערטער, אַנעקדאָטן, פאַנטאַזיעס און משלים. נאָר דער ליטוואַק האָט נאָך מער געטון. ער האָט די אַלע קלוגע ווערטער, אַנעקדאָטן, פאַנטאַזיעס און אַזוי ווייטער אַראָפּגעבראַכט פון די בבלישע און ארץ ישראלדיקע ישיבות, פון פומבדיתא און יבנה, און זיי פאַרוואַנדלט אין וועלט־לעכער חכמה, צוגעפּאַסט צום אידישן לעבנס שטייגער אין די שטעט און שטעטלעך פון תחום. דאָס וואָס די „פּוסקים״ האָבן געטון מיט דער „הלכה״, האָט ער געטון מיט דער „אגדה״. אַ צווייטער לימוד איז געווען תנ״ך מיט דעם „ביאור״ פון משה מענדעלסאָן. שוין דער

טומל, וואָס אין גראָסעלעס האָט זיך אויפגעהויבן אַרום דעם געשעע־ניש: אַ קליינוקייט, די צוויי משכילים פון שטעטל, זלמן כ״ץ און קלמן־לייזער זאָלאָטאַראָוו, איינער אַ קבצן, דער אַנדערער אַ גביר, האָבן אַראָפּגעבראַכט אַ ליטוואַק אין שטעטל און ער פירט אַראָפּ זייע־רע אינגלעך פון גלייכן וועג... ער לערנט זיי תנ״ך מיט דעם ביאור...

— דער טומל אַליין האָט באַדאַרפט מאַכן דעם לימוד אינטערעסאַנט. איך האָב געלערנט און געשטוינט: וואו האָבן זיי דאָ געפונען אַפּי־קורסות?! ער איז דאָך אין דער אמתן פרומער פון אַ סך אַנדערע מפרשים... מער נישט, ער גיט צו פאַרשטיין דעם תוך פון דער אידי־שער אמונה. ס'איז אַן אמונה פון לעבן און נישט פון טויט, ער שטעלט זיך אָפּ אויפן „וחי בהם״, „ובחרת בחיים״. לעבן, זאָגט ער, איז דער פּרינציפּ פון אונדזער וועלט, פון דעם באַשאַף, און מיט זיינע געבאָטן און מצוות האָט גאָט געלערנט ווי צו לעבן אויף דער וועלט... אָט דער געדאַנק ציט זיך איבערן גאַנצן פּירוש. און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער פירט אַ ויכוח מיט די „אומות העולם״ אָדער מיט זייערע גלחים, וואָס האָבן געמאַכט אַ גלויבן פון אַ טויטן גאָט...

איך ווייס נישט צי משה קלמן לייזערס האָט עפּעס אויסגעחזרט פון דעם ליטוואַקס „עין יעקב״ און פון זיין „ביאור״; אונדזערע וועגן האָבן זיך צעשיידט, ער איז אַוועקגעפאָרן קיין אַנאַניעוו אין דער גימנאַזיע חזרן לאַטיין און אַנאַטאָמיע אויף צו ווערן אַ דאָקטער, און איך בין געבליבן אין שטעטל, ביי מיין טאַטן אין קלייטל וואַרטן ביז ער וועט מיך קענען אָפּלאָזן קיין אָדעס לערנען יענע מלאכה נקיה וקלה פון וועלכער ער האָט גערעדט... נאָר מיר איז פון יענע לימודים זייער אַ סך פאַרבליבן: פון יעקב שמעונס „עין יעקב״ — קוואַלן פון אידי־שער לעבנס־חכמה און פונעם „ביאור״ — אַ נויגונג צו זוכן דעם „סוד הבריאה״, וואָס האָט מיך היפּשע עטלעכע יאָר דערנאָך שטאַרק באַשעפטיקט.

איך געדענק ווי איך האָב איינמאָל אַרויסגעזאָגט פאַרן טאַטן מיין שטוינען איבער דער פאַרביטערטער קעגנערשאַפט פון די חסידים און אַפילו פון די מתנגדים צום „ביאור״, וואָס קלערט אויף דעם תוך פון דער אידישער אמונה, און ער האָט מיר געענטפערט: — וואָס פאַר־שטייסטו דאָ נישט? זיי זיינען קעגן דעם אויפקלערן... אויפגעקלערטער

גלויבן, איז שוין נישט קיין גלויבן.. דערפאַר טאַקע האָבן כמעט אַלע אידישע פילאָזאָפן, אָנהויבנדיק פון שלמה המלך ביז משה מענדעל־סאָן, צום סוף פון אַלע זייערע קלערענישן, געהייסן זיין גוט און פרום... צי מען פאָלגט זיי איז שוין אַ פראַגע. מען דאַרף שוין דערצו האָבן אַ גרויסן ווילן און נישט אַלע מענטשן האָבן דאָס און דערפאַר האָט מען מורא...

געווען איז דער ליטוואַק יעקב שמעון כהן — אויב באַכמות, וואָס ליגט צווישן ניעמאַן און דאָן, קען הייסן ליטע — אַ נישט הוי־כער קיילעכיקער פאַרשוין און דאָס פנים אויך אַזוי קיילכיק; קיילכיקע בעקלעך וואָס קומען אַרויס פון אַ געדיכטער, טונקעלער, קיילכיק פאַרשווירענער באָרד, מיט אַ פּאָר קלוגע אויגן, כאָטש נישט קיין דעמאָנסטראַטיוו קלוגע. מיט זיין גאַנצער באַנעמונג, האָט ער גע־מאַכט דעם איינדרוק פון אַן עפּיקורעער, פון אַ לעבנסלוסטיקן מענטשן מיט דערפאַרונג, אויב נישט מיט אַ דאָזע ציניזם און ביטול. דאָך האָט זיין גאַנצער לעבנסלוסט זיך אויסגעדריקט אין רויכערן איין ציגאַרעט נאָכן צווייטן און זיי אויך אָנצינדן איינעם ביים צווייטן. שכר לימוד פאַר מיר האָט אים דער טאַטע געצאָלט מיט דעם טאַבאַק וואָס ער האָט אויסגערויכערט. איבערלאָזן פונעם ציגאַרעט פלעגט ער קוים אַזאַ „ביטשקע“ אויף צו קענען אָנצינדן מיט איר דעם נייעם ציגאַרעט. געהאַט האָט ער דעריבער געלע שפּיצן פינגער און אַז מען פלעגט אויף אים זאָגן „געבראַטענער ליטוואַק“, האָב איך מיר צו־ערשט פאַרגעשטעלט זיינע פאַרברוינטע פינגער. איך פלעג מיך פרעגן וואָס טוט ער אום שבת מיט זיין ליידנשאַפט צו די ציגאַרעטן און צי רויכערט ער נישט באַהאַלטענערהייט... נאָר, שפּעטער, ווען איך האָב גענומען רויכערן, האָב איך אים אויפגעהערט חושד צו זיין אין דער עבירה. רויכערן, האָב איך מיך איבערצייגט, איז מער באַשעפ־טיקונג ווי וויציע, מער געמיט־זאַך ווי פיזישע באַדערפעניש, אום שבת וואַרפט אַ איד אוועק דעם ציגאַרעט צוזאַמען מיט אַלע וואָכע־דיקע באַשעפטיקונגען און דער שבתדיקער געמיט מאַכט אומנויטיק אַלע קינסטלעכע מיטלען צו שאַפן געמיט. איין חשד נאָר איז מיר פאַרבליבן אויף אים, אַז שבת שרייבט ער ביי זיך אין דעם צימער, וואָס קלמן־לייזער האָט אים אָפּגעגעבן און וואו אינדערוואָכן לערנען

מיר. געאַרבעט האָט ער דעמאָלט איבער אַ העברעישן לערבוך אין רוסיש, אויף דער באַזע פון מאַפּוס „אמן פּדגוג" און פּלעגט באַקומען פון דוכנאָס דרוקעריי אין אַדעס בויגנס צום קאָרעקטירן. געבראַכט האָט ער מיט זיך אויך אַן איבערזעצונג פון לעסינגס „די יודען" אויף העברעיש, געדרוקט אין וואַרשע און אין אַ באַזונדער קעסטל האָט ער געהאַלטן זיינע כתבים...

:: :: ::

קעגנאיבער דער ריי קלייטן אין מאַרק, שטייט אַ לאַנגע שטוב מיט אַ סך הויכע פענצטער, „פּאַדוואַינע" (דאָפּלטע), וואָס ווינ־טער ווערן זיי אינצווישן אויסגעבעט מיט וואַטע און באַשפּרענקלט מיט רויטע און גרינע געוועגטענע פאַרפל. פאַר דעם הויז, ציט זיך אַ לאַנגער פּאַליסאַדניק מיט שטאַכעטן, וואָס געווען זיינען זיי אַמאָל געפאַרבט גרין, און פאַר דעם פּאַליסאַדניק ליגט אַ לאַנגער קלאָץ, וואו פּויערים זעצן זיך אויס אין די מאַרק־טעג אויסטרינקען און צובייסן. דעם קלאָץ האָט מען ספּעציעל אַוועקגעלייגט, כדי די פּויערים זאָלן זיך נישט אָנשפּאַרן אויף די שטאַכעטן און זיי איינברעכן. אַ פּאָר פון זיי זיינען טאַקע איינגעבראָכן. קומט פרילינג צעבליט זיך דער „סירען" אינעם פּאַליסאַדניק, די אַקאַציעס ווערן באַהאָנגען מיט ווייסע ענגלען צוויט, די רויזן ווערן צייטיק צום פּרעגלען פון זיי איינגע־מאַכטס, די אַגרעסן ווערן געל־צייטיק צווישן די שטעכיקע קוסטעס און אַפילו איילבירט־ביימלעך זיינען דאָרט פאַראַן, כאָטש קיין פּרוכט גיבן זיי נישט. ס'איז דאָס איינציקע הויז אין דער גאַס, אין דער מאַרק־גאַס, צווישן די שענקען, וואָס האָט אַ פּאַליסאַדניק און בליעכץ.

ס'איז דאָס ירושה־הויז פון דעם אידישן גוט־באַזיצער נטע קנע־בעלמאַן. היינט וואוינט אין דעם הויז, זיין יורש, דער עלצטער זון, בעני. געוואוינט האָט אויך אין דעם ירושה־הויף, ווען איך בין נאָך געווען אַ פּיצל, אַ געמיינזאַמע מומע פון די משפּחות קנעבעלמאַן און פיינבערג, די מומע מאַכליע, וואָס איר מאַן, דער פעטער גרשון, איז געווען מיין באָבעס אַ ברודער. און פון דעמאָלט געדענק איך נאָך די קאַרעטע מיט די שוואַרצע פערד, וואָס זיינען געשטאַנען אין ברייטן שטאַל און דעם אַלטן קוטשער מיכאַילאָ, וואָס בעני האָט אים גע־

ירשנט פון זיין פאָטער דעם גוט־באַזיצער. בעני האָט די קאַרעטע מיט די פערד שוין לאַנג פאַרקויפט, דער קוטשער מיכאַילאָ איז שוין לאַנג געשטאָרבן און בעני אַליין איז איצט נישט מער ווי אַ „מענטש" ביים פּריץ וואַסיל איוואַנאָוויטש.

בעני נטעס, זאָגט מען, איז געכאַפּט אויף סאָציאַליזם. דער אמת איז, אַז ער איז פאַרקאָכט אין טעכנישע פּראָבלעמען. דער קאָפּ איז אים פאַרנומען מיט דער „פּערפּעטוּאָ מאָבילע", ווי ביי זיין שוואָגער דעם למדן, איצל גראַנאָווסקי, וועלכער איז דערצו נאָך פאַר־נומען מיט פּראָבלעמען פון וועלט־פּאָליטיק. בעני נטעס מייסטערווערק פון הילצערנע רעדעלעך אַ מיניאַטור פון אַ מאַשין, וואָס זאָל זיך באַוועגן מיט דעם כוח פון דער גלייכגעוויכט מיט אַן ערשטן שטויס, אָן אַ מאָטאָר. בעני נטעס שרייבט אויך אַ ראָמאַן. ס'איז אַ ראָמאַן נישט פון אַ גוטבאַזיצערישער אידישער משפחה און איר ירידה אונ־טער די „צייטווייליקע געזעצן" פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן, נאָר פון שטעטלשע אינטריגעס, חוזק איבער די חסידים און גוטע אידן, אַלץ אינעם טאָן פון די השכלה־ראָמאַנען. ער האָט ליב צו דערציילן ווי אַזוי ער האָט אַמאָל געראַטעוועט רב דודל טאַלנערס פּדיונות פון דעם פּריסטאַוו קאָנפיסקאַציע.

דער רבי רב דודל איז אַמאָל געקומען קיין גראָסעלעם און איז איינגעשטאַנען ביי זיי. און טאַקע דאָ, אין דעם גרויסן זאַל מיט די הויכע שפּיגלען און די באַגילדעטע ראַמען, מיט דעם גרויסן קאַמין און געבעטע פּאָטעלן איבערגעצויגענע מיט ווייסע טשעכאָלן, האָט דער רבי געפּראַוועט, אויפגענומען קוויטלעך און פּדיונות... מיטאַמאָל, דער פּריסטאַוו איז דאָ. אַפּעס אַ מסירהלע... פאַר אַלעמען, דערציילט בעני, האָט ער אַראָפּגעכאַפּט די פּדיונות פונעם טיש, אַוועקגעזעצט זיך אויף אַ געבעטער סאָפע, אויפגעריסן דעם לעדער און אַרונטערגערוקט דאָס געלט... אויפגעהויבן האָט ער זיך פון דער סאָפע ערשט ווען דער פּריס־טאַוו איז אַוועקגעגאַנגען... חסידים האָבן דערנאָך געהאַט צו דערציילן אַ נייעם מופת פון זייער רבי...

בענים ווייב, ביילצע, דערציילט אויך אַנעקדאָטן. זי דערציילט וועסט־אידישע אַנעקדאָטן וועגן אָסט־אידן, וואָס קומען קיין דייטש־לאַנד; מערסטנס, אָבער, איז זי פאַרנומען מיט איר „מיגרען". איר

קאָפּ־ווייטיק איז איר זיכער געקומען פון איר קריטישן עלטער, אָבער מער, דאַכט זיך, פון טראַכטן אין איר יחוס: די קאַמענעצער שפּיל־בערגס און דער בערלינער רב עזריאל הילדעסהיימער, וועלכע זיינען סוף כל סוף אוועק אַהין, וואוהין עס איז אוועק דער גראָסער אידישער גוטבאַזיצער מיט וועלכן זיי האָבן זיך מתחתן געווען און זי האָט זיך גע־מוזט טרייסטן מיט דעם חלק ירושה, וואָס מען האָט איר צוגעשיקט...

בעני און ביילצע האָבן אַ פולע שטוב מיט קינדער, פינף מייד־לעך, איינע קלענער פון דער אַנדערער און איינע חנעוודיקער און פאַר־שידן פון דער אַנדערער אין כאַראַקטער: די בלאָנדע און צאַרטע כיי־קע, די שאַטענע און ברענענדיקע מלכה, די קלוגע גיטל, וואָס איז אַ קאָפּיע פון איר מאַמען, די שיינע ליענקע און די שטיפערישע קליינע סוזי. איין זון האָבן זיי, דעם עלצטן, וואָס איז אַ קאָפּיע פון זיין טאַטן און טראָגט דעם נאָמען פון זיין זיידן, דעם גוטבאַזיצער, נטע. און נטע זעגט מיט די קליינע זעגעלעך וואָס מען נוצט אויף אַזשור־אַרבעט די רעדעלעך צו דער מיניאַטור־מאַשין, וואָס זיין פאָטער בעני מייסטרעוועט, און נטע מייסטרעוועט אַליין אַלערליי רעמלעך און קעס־טעלעך מיט אָט די זעגעלעך לויט די ביילאַגעס צום רוסישן זשורנאַל „וואָקרוג סוועטאַ”. נטע צייכנט מיט אַ צירקל אַלערליי ראָזעטקעס און וויניעטקעס; און דער זשורנאַל ברענגט וועכנטלעך לידער און דערציילונגען און אַ ראָמאַן ציט זיך דאָרט אַן אינטערעסאַנטער, זשול ווערנס אָדער מאַין רידס צי אַן אַנדערנס פון דעם מין, און אויך „ניוואַ” שרייבט ער אויס, מיט אַ יערלעכער ביילאַגע פון צוועלף בענדלעך שריפטן פון אַ קלאַסיקער, אָנגעהויבן פון טאָלסטאָיען, טור־געניעוון און דאָסטאָיעווסקין, ליעסקאָוו און שעלער מיכאַילאָוו, גאָנ־טשאַראָוון, גריבאָיעדאָוו און פאָן וויזין... און פאַראַן איז אין שטוב פושקין און לערמאָנטאָוו און דער זשורנאַל „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ” און „וואָסכאָד” קומט אַריין אין שטוב מיט די לידער פון פרוגן און מיט די דערציילונגען פון בן־עמי... און מען זינגט פושקינס עלעגיע: „בראָזשו לי יאַ וודאָל אוליץ שומנעך” און לערמאָנטאָווס „וויכאָזשו אָדין יאַ נאַ דאָראָגו” און זיין „תפילה” און פרוגס „אוניעסי מאָיו דושו וו'טו סיניווי דאַל” און מען לייענט היינע איבערגעזעצט פון פּיאָטר וויינבערג און געטע איבערגעזעצט פון זשוקאָווסקי. און פאַראַן

איז אין שטוב הערצענס שריפטן און דאָס אַלץ לייענט מען דאָרט..
און איך בין נטעס אַ חבר. ניין, מער ווי דאָס, איך בין דאָרט אַן אייגענער; האָב איך נאָר אַ פרייע מינוט בין איך דאָרט אין שטוב. און איך שניץ און איך מאָל און איך זינג און איך לייען און אַפילו זייפן־בלאָזן לאָזן מיר צוזאַמען באַגלייך מיט נטען און אַז נטע לערנט ביי יעקב שמעון כהנס זון מאַטעמאַטיק, לערן איך אויך און אַז ער דאַרף לייזן אַ שווערע מאַטעמאַטישע פּראָבלעם, לייזן מיר זי צו־זאַמען און צוזאַמען שפּאַצירן מיר און צוזאַמען האָבן מיר פּאַר חברים אַלע נטעס פון דער משפּחה: נטע כאַימסקיס, דעם קאָרטן־שפּילער און שאַלטיק, וואָס טשעפּעט זיך צו דער דינסט ביי זיי אין שטוב, נאָמקע משה חיימס, דעם יונגערן זון פונעם גוטבאַזיצער, אַ קליינער באַרי־מער און גענאַרניק און זיין יונגערן ברודער נאַשקע, דעם קלוגן יונ־גאַטש און שטיפער און צוזאַמען מאַכן מיר אָווענטורעס און מיר גייען אַריבער די בערג און רויכען ציגאַרן אום שבת... אין מיינע קינדער־יאָרן פאַרנעמט די דאָזיקע שטוב אַזאַ אָרט ווי מיין טאַטנס און ווי מיינע בעסטע חדרים...
שפּילנדיק זיך, האָב איך אין אַ זייטיק צימער פון דעם הויז אָנגעטראָפן אויף דער בוכהאַלטעריע פון דער אַלטער „גוראַלניע", פון דעם בראָנפן־זאַוואָד, וואָס דער גוטבאַזיצער האָט געהאַט. אַ בוכהאַל־טעריע אין סוחרישן אידיש, דאָס הייסט, מיט אַ גרויסער צאָל העב־רעישע טערמינען און מיט אַ דינעם כתבל, וואָס איז אַפּנים געווען אַ ספּעציפישער בוכהאַלטערישער כתב. דאָרט האָב איך אויך געפונען דעם גראָסעלער „פּנקס", וואו עס איז פאַרצייכנט געווען דאָס יאָר ווען דער גראָסעלער בית עולם איז געשטעלט געוואָרן און די תקנות פון דער „חברה נושאי המיטה". אויך איז דאָרט פאַרצייכנט געווען לזכרון וועגן הבתולה פלונית בתו של פלוני, וואָס איז אַ „מוכת עץ" און עס האָבן זיך דערויף אונטערגעשריבן עדות, וואָס האָבן געזען ווי אַזוי די בתולה האָט זיך געשפּילט אויף דעם האַלץ... דער פּאָדער־בלאַט, ווי די אינעווייניקסטע בלעטער, זיינען באַמאָלן געווען מיט ווייסע אַראַבעסקן אויף שוואַרצן הינטערגרונט, געצייכנט פון אַ געניטער און פעסטער האַנט. נאָר גאָר ווייניק בלעטער זיינען געווען פאַרשריבן און די פאַרשריבענע האָבן געטראָגן אויף זיך גאַנץ אַלטע דאַטומס, לויט

מיינע דאַמאָלסטיקע באַגריפן, כאָטש קיין איינע נישט פון פאַר די יאָרן תר״ו. נאָר דאָס איז אפשר אַ ענין וואָס קער זיך נישט אָן צו דעם קאַפּיטל.

דאָס קאַפּיטל וויל איך פאַרענדיקן מיט דעם לעצטן מלמד, וואָס איך האָב געהאַט, מיט ברוך יאַרמאָלינסקי, אַ איד פון שדה לבן, ווי מען האָט גערופן אין העברעיש די שטאָט ביעלאָצערקאָוו, אָדער שוואַר־צע טומאה, ווי מען האָט זי גערופן אין אידיש. געווען איז ער דער מחבר פון אַ רוסיש-העברעישן ווערטער־בוך, און ווי דאָס ווערטער־בוך אויך אַזוי ערנסט. אַ שוואַרצער איז ער געווען און אַ הויכער און אַן איינדרוק האָט ער געמאַכט ווי פון אַ אידן וואָס איז ערשט אַרויס פון מקוה. געלערנט האָט ער אין גראָסעלעס מיט אַ קליינער צאָל אינג־לעך העברעיש, נאָר זיין שם איז פאַר אים געגאַנגען ווי וועגן אַ גרויסן בקי אין תלמוד און געוואוינט האָט ער ביים שוחט משה לייב ליפשיץ, זיינער אַ קרוב, וועלכער האָט געהאַט אַ שם אַלס דער גרעסטער גמרא־קענער אין גראָסעלעס און האָט געגרייט דעם שוחטס יונגערן זון בענקע אין ישיבה.

מיין טאַטע האָט זיך אַרומגעזען, אַז כאָטש זיין אידעאַל איז מיך צו מאַכן פאַר אַ בעל מלאכה — נישט פאַר אַ שניידער אָדער שוס־טער, פאַרשטייט זיך, נאָר פאַר אַ גראַווירער, למשל, ווי אים איז לעצטנס איינגעפאַלן — לאָזט ער מיך דאָך אַרויס ווי אַ נישט פאַר־טיקע כלי, אויב איך וועל נישט האָבן געלערנט ווי עס באַדאַרף צו זיין גמרא. די מסכתאָס „בבא מציעה״ און „בבא קמא״, וואָס איך בין דורכגעגאַנגען און דער „עין יעקב״, זיינען ווייניק. וועגן אידן וואָס קענען ווייניק גמרא, פלעגט מען ביי אונדז זאָגן: „נדרים״ לערנט ער, „שבת״ חזרט ער און „מכות״ קען ער... און מיין טאַטע האָט דע־ריבער אָפּגעמאַכט מיט ברוך יאַרמאָלינסקי איך זאָל צו אים קומען אין די ביינאַכטן, פון אַכט ביז ניין, לערנען. אויסגעפאַלן איז דער גורל אויף דער מסכתא „יבמות״ און איך האָב גענומען לערנען וועגן די פערצן פאַלן פון „יבום״, אין וועלכע די תנאים האָבן צעצווייגט דעם, דאַכט זיך, גאַנץ פשוטן געזעץ אין דער תורה, אַז ווען אַ מאַן שטאַרבט אָן קינדער, דאַרף דער ברודער חתונה האָבן פאַר דעם גע-שטאָרבענעמס פרוי...

איך מוז זיך מודה זיין, אז מיר איז גאָרנישט איינגעפאַלן צו פרעגן וועגן דעם פופצנטן פאַל: טאָמער איז דער ברודער אַ קאַליקע און אַ פאַרזעעניש אָדער פאַרקערט, „די אשה איז אַ מרשעת, וואָס האָט איר מאַן פאַרקירצט די יאָרן... איך בין זיכער, אַז ווען איך לערן די מסכתא ביים ליטוואַק יעקב שמעון, וואָלט איך וועגן דעם פאַל יאָ געפרעגט. ווארום ביי יעקב שמעון איז דער לימוד געווען לעבנס־חכמה און ביי יאַרמאָלינסקין האָט מיך אינטערעסירט איין זאַך נאָר: סוגיה, דער סיסטעם, דער אופן ווי די גמרא ווערט געלערנט און ווי אַזוי אין איר ווערן אוסגעוויקלט און אויפגעקלערט די באַהאַנדלטע ענינים. אויב דאָס איז אויך אויסן געווען מיין לערער, איז זיין אויסוואַל געווען אַ געלונגענער. נאָך אָט דער מסכתא, האָב איך שוין אַליין געקענט אויפ־פלאָנטערן וועלכן עס איז „שיעור".

איך האָב טאַקע ביי יאַרמאָלינסקין מער ווי די מסכתא נישט געלערנט. שפּעטער, ווען איך בין געווען אַ לערן־אינגל אין טיראַס־פּאָל און נאָך שפּעטער, ווען איך האָב געאַרבעט שוין אַלס אַרבעטער אין אָדעס, האָב איך געהאַט חברים, מיט וועלכע איך פלעג מיך אַריינ־כאַפּן אין אַ שיל און אויף טשיקאַוועס אָפּלערנען אַ שיעור. באַזונדערס פלעג איך דאָס פּראַקטיצירן אין דער אָדעסער „יבנה"־שיל, ווען זי איז געווען אויף דעם ראָג פון די גאַסן מיעשטשאַנסקע און סטאַראָ־רעזניטשנע, ראָג אַקעגן ראָג מיט דער מאַראַזלי־ביבליאָטעק, וואו איך פלעג מיך אויך אַריינכאַפּן אין אַ פרייער צייט לייענען גאָרקי און אַנדרייעוו.

מיט דעם ביינאַכטיקן גמרא־לערנען ביי ברוך יאַרמאָלינסקי פאַר־ענדיקט זיך מיין שטעטלשע דערציאונג און עס הויבט זיך אָן אַ צווייטע, וואָס אין שטעטל רופט מען זי „די פרעמד" און פאַר מיר איז זי אַזוי לאַנג געווען די געגאַרטע „וועלט".

# מיין ערשטער אַרויספאָר

דעם ערשטן פּרוּאוו מיך צו באַזאָרגן מיט אַ „מלאכה נקיה וקלה" האָט מיין טאַטע געמאַכט אינעם יאָר 1894, אינעם זומער פון מיין צוועלפטן יאָר לעבן. געווען איז דאָס יאָר ווען אין גראָסעלעם האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה אַז דער „אדון הגדול", אַלעקסאַנדער דער דריטער, האָט „געמתט" און מען האָט געפייערט די קרוינונג פון ניקאָלאַי דעם צווייטן — די באַרימטע קרוינונג, ווען אין דער מאָסק-ווער פאָרשטאָט כאָדינקאַ האָט זיך די ערד איינגעוואַלגערט אונטער אַ מאַסע פון אַ סך טויזנטער פויערים, וואָס זיינען געקומען צו דער פייערונג און האָט זיי באַגראָבן אונטער זיך. געווען איז עס אויך דאָס יאָר פון דער רוסיש־פראַנצויזישער אַליאַנץ, ווען צוזאַמען מיט די צו-נויפגעפּאָרטע צוויי פענער, האָט מען אין פּאַריז און פּעטערסבורג צונויפגעפּאָרט אויך דעם „באָזשע צאַריאַ כראַני" מיט דער מאַרסע-ליעזע און געוואָלט האָט מען דערין זען אַן אָנהויב פון אַ נייער צייט אין רוסלאַנד, פּונקט ווי מען האָט אין דעם פאַל כאָדינקאַ געזען אַן אָנהויב פון ברויז צווישן דער רוסישער אַרבעטערשאַפט און רוסישן ליבעראַליזם קעגן דער זעלבסטהערשאַפט.

צו יענער קרוינונג, האָב איך אויסגעשניטן אין ווייסן קאַרטאָן אַ „ווענדזעל", אונטערגעקלעפּט מיט גרין און רויט פּאַפּיר, וואָס מען האָט אויפגעהאָנגען אַן אילומינירטן ביי דער קלויז און גראָסעלעם האָט באַ-וואונדערט מיין אַרבעט. די גראָסעלער געבילדעטע דאַמע, חיה רחל קנעבעלמאַן, די פרוי פון דעם אידישן גוטבאַזיצערס יונגערן זון, האָט אומגעפירט די גראָסעלער נאַטשאַלסטוואָ, דעם פּריסטאַוו, באַווייזן ווי אידן פייערן די „קאָראָנאַציע" און זיי זיינען אויך גאָר אַנטציקט געווען

פון דעם װענדזעל. איך האָב שוין דעמאָלט אויך געהאַט אויסגעמאָלן פאַר דעם „עמוד" אין קלויז אַ „שויתי" מיט דעם מאמר פון „פּרק": „הוי קל כנשר רץ כצבי וגיבור כארי לעשות רצון אביך שבשמים" און אים באַפּוצט מיט אָדלערס, מיט הירשן און מיט לייבן. און דעמאָלט איז מיין טאַטן איינגעפאַלן מיך פירן צו זיינעם אַ גוטן ברודער אַ גראַװירער אין אָדעס, װאָס האָט געהאַלטן אַ ליטאָגראַפיע — אַן איי־דעם פון דעם גראָסעלער בעל אכסניה, דעם ליטװאַק פינעלע גראַדיצ־קי — און אין איין װעג אים װייזן מיינע שירים, װאָס איך האָב געשריבן אינעם פּאַטעטיש פּלאַמיקן סטיל פון ד"ר קאַמינקער.

דער דאָזיקער ערשטער פּרואװ איז פאַר מיר געװען אַן אַנטויש־שונג און אַ דורכפאַל. דער גראַװירער און משכיל, װאָס זיין פאַמי־ליען־נאָמען איז געװער גראַװער און גערופן האָט ער זיך אפרתי (עפ־ראָסי), האָט ערשטנס געפונען חסרונות אין מיינע שירים: דער גרעס־טער חסרון איז געװען װאָס צופיל שורות אין זיי הויבן זיך אָן מיט װאָװן, מיט ואו החיבורים. איך האָב אים געפּרואװט זאָגן, אַז דאָס זיינען נישט קיין ואו החיבורים, נאָר װאָװן פון „מעוף הרוח" — דאָס אידישע װאָרט „שװאונג" איז מיר נאָך דעמאָלט נישט באַקאַנט געװען, — נאָר ער האָט זיך געהאַלטן ביי דאָס זייניקע, אַז דאָס איז קעגן די כללים פון שיר. איך האָב נישט נאָכגעגעבן, נאָר געמוזט האָב איך נאָכגעבן װען ער האָט געזאָגט װעגן מיינע צייכענונגען, אַז אמת, איך װייז אַרוים פעיקייטן, איבערהויפּט אין סטיליזירן אותיות, װאָס איז זייער װיכטיק אין זיין פאַך, נאָר װאָס דען, צייכענען דאַרף מען לערנען אין אַ קונסט־שול און אויב דער טאַטע װיל, װעט ער פרעגן זיין װייב סאָסל, צי װיל זי מיך נעמען אויף קעסט, װעל איך קענען גיין צוזאַמען מיט זיין מענדלען, אין „כודאָזשעסטװענע אוטשילישטשע". דער טאַטע האָט אים דערויף גאָרנישט געענטפערט און איך האָב דעם טאַטן אויך גאָרנישט געפרעגט. שװייגנדיק זיינען מיר צוריקגעגאַנגען אויף דער אכסניה, אין שטוב פון דעם מעקלער זלמן אַרמער, אויך אַ גראָסעלער איידעם, װאָס ביי אים שטייען איין אונדזערע שטעטלשע װאָס קומען קיין אָדעס.

אַלץ אין אָט דער אָדעסער שטוב, אויף דער מאַלאַ־אַרנאַאוטסקע, ביים אַלטן מאַרק, איז פאַרטון און פאַרהאַװעט. דער פאַטער לױפט

אַרום אויפֿן גרעצק צווישן די גרויסע גריכישע קראָמען מיט קאָלאָ־ניאַל־סחורה און אויפֿן אַלטן מאַרק צווישן די אידישע הורטאָוונע קראָמען אָדער אויפֿן געזאַלצענעם מאַרק. ער טרינקט קאַווע ביי פּאַנ־קאָנין און טרינקט טיי אין דער דוואָריאַנסקע פֿון „צאַרסקע סעלאָ" און דאָס היטל איז אים שטענדיק פֿאַרדרייט. אַז ער רעדט, פּאָנפּעט ער, כאַפּט אויף שנעל און פֿאַרשטייט נישט וואָס מען רעדט צו אים אויסער מסחר. דאָס ווייב זיינס, די גרינע אידענע, איז פֿאַרנומען מיט דער אכסניה, אַזוי פֿאַרנומען, אַז אין שטוב איז שטענדיק אַ מיסט. די קינדער זייערע זיינען אַלע פֿאַרדינער: דער עלצטער, משהלע, איז אַן „אָטפּראַוויטעל", ער לויפֿט אום אויף דער „טאָוואַרנע" מיט „אָרדערס", מיט „נאַקלאַדנעס", מיט „נאַלאָזשנע פּלאַטיעזשן", ער איז הוילע טאַראַראַם. דער צווייטער, וועלוול, שטייט אויפֿן טאָלטשאָק מיט פֿינף־קאָפּיקענע זאַכן און שרייט אַ גאַנצן טאָג: „פּאָ פּיאַט, זאַ פּיאַט, טשטאָ אוגאָדנאָ פּיאַט קאָפּיעיעק!"... און דער דריטער, בעמע, — באַרימט זיך די מוטער — גייט אים טויזנט מאָל איבער...

ווען מיין טאַטע האָט מיך פֿאַרביינגעפֿירט דעם טאָלטשאָק באַ־וויזן אָדעסער מערקווירדיקייטן, האָב איך פֿאַרשטאַנען מיט וואָס בעמע גייט איבער וועלוולען: ער האַנדלט גרויס, ער קויפֿט און פֿאַר־קויפֿט לייזיקע העמדער און הויזנס און אַ שפּראַך רעדט ער אויך אַזאַ לייזיקע. ער רעדט צו קאַצאַפּעס האַלב רוסיש און האַלב אידיש: סקאָל־קאָ דאַיאָש, פּגרן זאַלסטו... און די אייגעלעך לויפֿן ביי אים אום קלוג־ממזריש. און עס גייט אַוועק אַ דינגעניש מיט אַזעלכע מינים טער־מינען „זשידיוגאַ טי פּאַרכאַטאַיאַ" און ער אים צוריק: „קאַצאַפּניאַ טי פּאַרשיוואַיאַ, באָסאָווניאַ קאַראַנטינאַיאַ"... און דאָס אַלץ אין גוטן מוט. ס'איז אָדעס! יעדער איינער איז דאָ אויף זיין מיסט גרויס..

ביינאַכט האָט מיך דער טאַטע געפֿירט ווייזן אָדעסער צענטער־גאַס. די קאָנדיטערסקעס, באַלויכטענע מיט אַזאַ מילך־גרינער שיין, האָבן געמאַכט אַן איינדרוק פֿון אומגעהויערער ציכטיקייט... נאָר דאָס איז דאָך בלויז פֿאַר פּריצים, פֿאַר רייכע שאַלטיקעס... וועל איך בלייבן אַן אָדעסער, איז מיר דאָך באַשערט וואוינען אויף דער קויטיקער מאַלאַ־אַרנאַוטסקע אָדער גאָר ערגיץ אויף דער מאָלדאַוואַנקע, מיט זייערע מעקלער און טאָלטשאָטשניקעס... נאָר נישט ביי מיר און נישט

ביי מיין טאַטן איז געפאַלן דער מוט. דער טאַטע האָט אין אַדעס אַ גוטן ברודער אַ „זשיוואָפּיסעץ״ (אַ שילדן-מאָלער), אויך אַ משכיל, וועפּריק הייסט ער, די שענסטע אַדעסער שילדן זיינען זיין אַרבעט. ער מאַכט נישט קיין פּשוטע „וויוועסקעס״, נאָר מיט גאָלד הינטער גלאָז... וועט ער מיך צו אים פירן...

געטראָפן האָבן מיר וועפּריקן מאָלן אויף אַ שוואַרצן בלעך אַ בלויען טערק מיט אַ לאַנגן לילקע ציבעק, אַ נאַרגילע, און אַ פּאָר לערן-אינגלעך האָבן געטון שוואַרצע מלאכה: איינער האָט געריבן בלויע פאַרב מיט אַ שטיין אויף אַ מאַרמאָרנעם טאָוול און דער צווייטער האָט געזעגט לייסטן פאַר אַ ראַם צו אַ שילד... אָבער, פּונקט ווי וועפּ־ריק האָט זיך דערפרייט מיט זיין גוטן ברודער, אַזוי האָט ער אַראָפּ־געלאָזט די נאָז, ווען ער האָט דערהערט, אַז מיין טאַטע וויל מיך מאַכן פאַר אַ שילדן־מאָלער.

— זעסט, — זאָגט ער צום טאַטן און ווייזט אים אָן אויף אַ שילד פון אַ בעקעריי, — איך מאָל קוילעטשן און האָב דערפון קוים אויף ברויט... נעמסט אַ אינגל מיט אַ טאַלאַנט און ווילסט אים אומ־גליקלעך מאַכן... איך בין אַליין געווען אַזאַ אינגל, נאָר אָנשטאָט לער־נען זיך און עפּעס ווערן, בין איך איצט דער „גרויסער וועפּריק״, דער גרויסער קוילעטשן־מאָלער און דער גרויסער קבצן, איך מאָל מיט גאָלד און האָב נישט אויף דירה־געלט... גיב אים בעסער אוועק לער־נען... גיי צו זשוויפן, ער איז איצט דער משגיח אין דער „דיעשאָווע קוכניע״ ביי דער ישיבה... זשוויף וועט דיך רעקאָמענדירן וואו מען דאַרף...

דער טאַטע איז מיט מיר געגאַנגען צו זשוויפן, אַ זשוואַווע אידל מיט אַ קוים גרוי געוואָרן שפּיץ בערדל. אויך זשוויף איז דעם טאַטנס אַ גוטער ברודער, פון די אַדעסער משכילים. דער טאַטע שטעלט זיך פאָר, לויבט מיך אויס און ווייזט אים וואָס איך שרייב... זשוויף גע־פינט גראָד נישט קיין חסרון אין מיינע וואָוון, נאָר אין גאָר עפּעס אַנדערש: איך בין צו יונג פאַר דער ישיבה און זי וועט מיר סיי ווי גאָרנישט געבן, איך דאַרף זי נישט האָבן... אין „טרוד״, זעסטו, איז עפּעס אַנדערש... נאָר וואָס דען? האָסט נישט וואו אים איבערצולאָזן און ווי זאָגט דער זיידע מענדעלע: אַז מען האָט נישט קיין פינגער,

קען מען קיין פייג נישט שטעלן... איז לכן עצתי, זאָלסט אים נאָך האַלטן ביי זיך אַביסל און ער וועט שוין אַליין געפינען זיין וועג... איך בין דיר בטוח...

ווידער האָבן מיר צווישן אונדז גאָרנישט גערעדט, איך מיט מיין טאַטן, ווען מיר זיינען אַרויסגעגאַנגען פון דעם זשוואַון זשוויף, נאָר איך האָב שוין געוואוסט וואָס מיין וועג איז: אָפּצולאָזן זיך פון מיין טאַטנס זאָרג און זיך פאַרלאָזן אויף מיינע אייגענע כוחות... וואָרום אַט דאָס און נישט עפּעס אַנדערש האָט מיין טאַטנס אַלטער גוטער ברודער געמיינט, ווען ער האָט גערעדט צו אים און געקוקט צו מיר... פון דאָרט זיינען מיר מער נישט געגאַנגען זוכן קיין תכליתים פאַר מיר. ער האָט מיך אַריינגעפירט צום פעטער לייב, מיין זיידנס א ברודער, וואָס רופט זיך נישט פיינבערג, נאָר קורלאַנד, און צו זיין טאָכטער מינדל, וואָס איר שטוב, איז די שטוב פון אונדזער פאַמי־ליע, ווען עמיצער פון אונדז קומט קיין אָדעס.

מינדלס מאַן הייסט בערלאַגע, אַ אָטשאַקאָווער, און זיין באַ־שעפטיקונג איז פיש: ער פאַרקויפט פרישע ים־פיש אויפן אָדעסער פיש-מאַרק, וואָס געפינט זיך אויף דער באַזאַרנע. דאָס איז אויך דעם פעטער לייבס באַשעפטיקונג, נאָר ביים פעטער לייב אין שטוב דער־קענט מען דאָס נישט. דעם פעטער לייבס זין, די קורלאַנדס, האָבן טאַבאַק־געשעפטן און זיין יונגערער איידעם, מאָטל אַרלינסקי, אַר־בעט ביי וואַכאָווסקין אין דער טאַבאַק־פאַבריק. דער פעטער לייב דאַוונט אויך אין דער טאַבאַטשנע שיל און נישט ביי די העקער, וואו עס דאַוונען די פישער. די זין זיינע, יאָסל און בערל, זיינען חתן־בחורים, געפּוצטע, מיט קליינע שוואַרצע וואָנצעלעך, און טאַבאַק-גע־שעפט איז אַפילו אין אָדעס, קענטיק, מער יחוס ווי שטיין מיט פיש אויפן מאַרק... דאָס אַלץ מאַכט דעם פעטער לייבס שטוב, אינעם זעלבן הויף, אויף דער מאַלאַ־אַרנאַוטסקע, וואו עס וואוינט זיין טאָכטער מינדל, פאַר מער געשלאָסן, נישט געקוקט אויף זיין ברייטער גאַסט־פריינטלעכקייט...

מינדלס שטוב, פאַרקערט, איז אָפן, אַ שום רעזערוון, ווי אָפן און אַ שום רעזערוון זי און איר מאַן און אירע קינדער זיינען אין כאַראַקטער, ווי אָפן עס איז אָדעס בכלל, די אָפענע שטאָט מיט די

אָפענע גאַסן, אָפּן פון דריי זייטן אירע צום ים און פון איין זייט צום סטעפּ, אַזוי אָפן ווי עס קלינגט דער „גוטמאָרגן" אין די אַדעסער גאַסן, ווען צוויי באַקאַנטע באַגעגענען זיך... אין אָט דער אָפענער שטוב, איז שטענדיק גרייט דער טיש. ווען איר קומט אַריין טרעפט איר דאָ געקאָכטע און געפּראַזשעטע סודאַקעס און קאַרפּן, העכטן און קאָמבעלעס (אַזעלכע פלאַכע פיש מיט איין אויג און מיט ביינדלעך ווי צוועקעס מיט שפּיציקע קעפּלעך), סקאָמבריעס און ביטשקעס... און געסט טרעפט מען דאָ שטענדיק, גראָסעלער און אָטשאַקאָווער און אַדעסער גופא.

אין די נעכט מאַכט מען דאָ אַ „טויזנט" און אַ „501" און דער עלטערער זון מינדלס, מאיר, זינגט און מאַכט נאָך דעם חזן פון דער שאַלאַשנער שיל, ראַזומנען, ווי ער זאָגט דעם „יחדשהו" ביי ראש חודש בענטשן און צעברעכט אַלע ווייבער די הערצער; ער דעקלאַמירט גאַנצע טיראַדעס פון גריבאָיעדאָווס „גאָריע איז אומאַ" און גרייט זיך שפּילן אין אָט דער באַרימטער רוסישער דראַמע, פאַמוסאָוון אָדער שאַצקין... ער פאַרפאַסט אַליין לידלעך „נאַ זלאָבו דניאַ", וועגן אַדעסער טאָג־געשעענישן, הייסט עס, און מאַכט וויצן וועגן די אַדעסער גריכישע גבירים מאַראַזלי, פּאַפּאַדאַקי און ראַלי... בוזי, דער איינגערער, איז שוין אַ פאַרדינער, אויך ביי די פיש; ער האָט שון אַ „שיינע" און ברענט אַ וועלט אויפן טראָטואַר פאַר מענדעליעוויטשעס „פּאַכאַזש"; ער גייט מיט מיידלעך עסן „פּיראָזשענעס" און „מאָראָזשענע" ביי לייקעבן אין בופעט; ער רעדט שוין אַפילו מיט אַ באַריטאָן און פאַני, וואָס קוקט אַביסעלע קאָסאָקע, איז אַ שיינהייט און עס פּאַסט איר און יונגעלייט גייען איר נאָך, ווען זי גייט שפּאַצירן און זי דרייט זיך אויס און זאָגט יענעם גלייך אין פּנים אַריין „נאַכאַל"!

:: :, ::

פון אָט דער אַדעסער שטוב איז נישט ווייט צו מאַיבאַכס הויף, וואו עס שטעלן זיך די פורן פון די דייטשע קאָלאָניעס, וואָס אַרום אַדעס. אין דער קאָלאָניע גרויס־ליבענטאַל, וואָס אויפן וועג פון אַדעס צו ווידאָפּאָליע און צו אַקערמאַן, וואוינט דעם טאַטנס אַ שוועסטער, די מומע ציפּע, מיט איר מאַן, דעם פעטער אידל און זייער גרויסע

משפחה, זין און טעכטער און זיינער א צווייטער שוועסטערס א טאָכ־טער, די שיינע רבקה דער מומע טאָבעס. איז, אַז איך בין שוין אין אַדעס, וויל ער איך זאָל זיי קענען און אפשר האָט ער געמיינט פאַר־קערט: זיי זאָלן מיך קענען... ס'איז דעם ערשטן מאָל וואָס איך וועל זען א דייטשע קאָלאָניע, וואָס איך האָב מיך אַזוי פיל אָנגעהערט וועגן זייער רייכקייט. אריינגעקומען זיינען מיר אין א גאַס וואָס איז אַזוי פאַרשידן געווען פון די אוקראַינישע דערפער מיט זייערע שטרוי־גע־דעקטע אָדער טשערעטענע דעכער; אַלע דעכער זיינען דאָ שינדלענע אָדער מיט בלעך גדעקט, מיט טרעפּ אַרויפצוגיין, ווייל די גאַס ציט זיך אַרויף אויף א משופּע, און האָבן גרויסע פענצטער. ווען נישט די ציכטיקייט זייערע און די רויקייט וואָס הערשט און ווען נישט דער ים מיט גרינס, מיט סעדער, וואָס ציט זיך אין דער נידער פון ביידע זייטן גאַס, וואָלט אך געזאָגט ס'איז א שטעטל.

דער פעטער אידל מיט זיין פאַמיליע, דאָס הייסט מיט זיינע עלטערע זין, משה, מאַטיע און שייע, פירן פלייש פאַר די דאַטשניקעס פון קליין־ליבענטאַל, וואָס שטייט ביים אַנדרייעוועער לימאַן און פון ליוסטדאָרף, וואָס שטייט ביים ים. די משפּחה האָט זיך געפרייט מיט די געסט, איך האָב מיך באַקאַנט מיט מיינע געשוועסטערקינדער, מיט די עלטערע, וואָס פירן דאָס געשעפט, מיט די יונגערע, לייבל און אשר, וואָס לערנען ביי א אידישן לערער וואָס מען האַלט צו זיי, און מיט די טעכטער: מאַניע, קאַטיע און אָליעטשקאַ... די אינגלעך האָבן מיך געפירט ווייזן די קאָלאָניע, דערנאָך זיינען מיר געפאָרן קיין ליוסט־דאָרף זיך באָדן אין ים. דער טאַטע האָט געוויזן וואָס דאָס הייסט שווימען איבער די הויכע כוואַליעס, בערג גאַנצע, וואָס צעקלאַפּן זיך אויף דעם שוואַרצן גרייפלדיקן זאַמד. איך האָב מיך נישט דערוועגט דערצו און האָב מיך בלויז געלאָזט פאַרפלייצן פון די בערג מיט וואַ־סער און מיר זיינען צוריקגעפאָרן, איך מיטן טאַטן, קיין אַדעס, אויס־געבאָדענע אין ים און איך באַזונדער, א באַרייכערטער מיט איינדרוקן, דער עיקר פון דער גוטסקייט, ליבשאַפט און האַרציקייט, וואָס האָט געהערשט אין דער גרויס־ליבנטאַלער מומעס שטוב. און באַלד פון אַדעס — צוריק קיין גראָסעלעס, צו מיין טאַטנס פוסטן קלייטל, צו

מיין קראנקער, כמעט פאראליזירטער מאמען און צו מיין חברס שטוב, צו דער איינציקער שטוב, וואו מיין אינגליש לעבן האט פריי געפלאסן.

:: :: ::

צוויי יאר זיינען דורכגעגאנגען פון אט דעם נישט געלונגענעם ערשטן ארויספאר מיינעם, ביז א צווייטן. אין משך פון די צוויי יאר, איז מיין מאמע געשטארבן און איך האב נאך איר א יאר צייט קדיש געזאגט אין דער גראסעלער קלויז און דער טאטע האט אונדז א נייע מאמע געבראכט מיט צוויי קינדער אירע, א שטיף-ברודערל און א שטיף-שוועסטערל און מיר האבן די נייע מאמע אנגענומען ווי אן אייגענע און אויך דאס ברודערל מיט דעם שוועסטערל ווי אייגענע און האבן זיי ליב געהאט און זיי אונדז אויך אזוי. און כאטש וויי־בער האבן נישט געקענט פארשטיין און האבן נישט פארליטן און נישט געקענט דערלאזן, אז יתומים זאלן ליב האבן זייער שטיף-מאמע און אירע קינדער, ווארום דאס איז קעגן דעם שטייגער פון דער וועלט און קעגן דער טראדיציע פון שנאה צווישן זיי, וואס איז אפשר אזוי אלט ווי די טראדיציאנעלע שנאה צווישן דעם מענטשן און דער שלאנג, האט אפילו די משפחה פון מיין יונג פארשטארבענער מאמע שלום געמאכט מיט דעם פאקט און זי אריינגענומען צו זיך פאר אן אייגענער. געווען איז זי א געבוירענע אין א דייטשער קאלאניע, אין שטראס־בורג אויפן קוטשורגאן, וואס איר ערשטער מאן, א קאלאניסטישער זון פון אן אלטער אידישער קאלאניע, איז יונג געשטארבן און צונויפ־געפירט זי מיט מיין טאטן האט אירער א שוואגער א משכיל, דעם טאטנס א גוטער ברודער אין יענער קאלאניע. איך געדענק ווי דער טאטע האט צו אונדז גערעדט אין א פארנאכט, ווען ער איז פרי אהיים־געקומען פון דער קלייט און איז געווען אן אויפגערוימטער: — קינ־דער, איך גיי אייך ברענגען א מאמע, איר זאלט זי ליב האבן, וועט זי אייך אויך ליב האבן!...

און אזוי איז עס אויך געווען.

נאך געקומען איז דער נאך־פסח פון מיין פערצנטן לעבנס-יאר און איך האב מער נישט געקענט פארבלייבן ביים טאטן אין קלייטל

אומקומען פון „שעמום", פון דער פוסטקייט וואָס האָט זיך באַזעצט אין איר, און דערמאָנט האָב איך מיך די ווערטער פון יענעם משגיח איבער דער אָדעסער „דיעשאָווע קוכניע", אַז איך דאַרף מיין וועג אַליין געפינען און האָב אין איינעם אַ טאָג אויפגעזוכט אויפן דעק פון דעם קאַסטן, וואו עס איז געלעגן אונדזער ווייס וועש, מיין מעטריקע, האָב גענומען אַ פּאָרל וועש און זיי איינגעוויקלט צוזאַמען מיט מיינע תפילין, האָב איבערגעציילט די צוויי צענדליק זילבערנע „גריוועניקעס", (צענער קאָפּיקעס), וואָס איך האָב אָנגעזאַמלט, און בין אוועק צופוס איבער די בערג צום וואָקזאַל, קיין וועסיאָלע קוט...

אָנגעקומען בין איך אום האַלבער נאַכט און האָב מיך אוועקגעזעצט וואַרטן אין אַ ווינקעלע אויפן פּאַרטאָגיקן צוג, וואָס קומט אָן קיין אָדעס פיר אַזייגער פּאַרטאָג. אַ מאָדנע פרייד האָב איך אין זיך געפילט, די פרייד פון אַ אינגל, וואָס האָט אָפּגעטון אַ געלונגען שטיקל אַרבעט. אַזוי פאַרטון בין איך געווען מיט מיין פרייד, אַז איך האָב גאָרנישט באַמערקט, ווי פּונקט אין קעגנאיבערדיקן ווינקל פונעם שוואַך־באַלויכטענעם וואַרט־זאַל זיצט אַ אינגל, אין מיין עלטער, אויך מיט אַ קלומעקל, און וואַרט. איך וואָלט געזאָגט ס'איז עפּעס אַ בייזער שפּיל פון עפּעס אַ לץ, וואָס וויל מיר ווייזן וואָס פאַר אַ פּנים עס האָט אַ דרייצן־יעריק אינגל, וואָס גנבעט זיך אַרויס פון דער היים, אַז קיינער זאָל נישט וויסן, און לאָזט זיך אוועק איינער אַליין אין דער וועלט אַריין, אַליין נישט וויסנדיק וואוהין... נאָר דאָס אינגל וואָס זיצט קעגנאיבער, איז גאָרנישט ענלעך צו מיר דעם בלאָנדן אינגל מיט די גרויסע קייַלכיקע אויפגעריסענע אויגן. ער האָט אַ זויערע מינע אויפן פּנים, איז פאַרחושכט און פאַרדאגהט: „אַ קליין אידעלע", דער־מאָן איך מיך מענדעלעס אַן אויסדרוק וועגן אידישע קינדער, וואָס וויסן נישט פון קיין קינדהייט, וואָס ווערן געבוירן מיט דער זאָרג פון די גרויסע. אָט דאָס פּעטראָווראָוועקער אָדער בערעזאָוועקער אינגל, וואָס זיצט אַקעגן מיר — טראַכט איך — האָט מסתמא אויך נישט געקענט פאַרבלייבן זיצן אינעם שטעטל און קוואַשען, אַזוי ווי איך אין גראָסעלעס, ביי זיין טאַטן אין קלייטל אָדער ביי אַ טאַטן אַ שוס־טער, וואָס האָט נישט אויף מאַמעליגע פאַר זיין גרויסן הויזגעזינט... אָבער, ס'אַ פּנים ביי אים! ער איז ערנסט, ער פילט די אחריות

וואס ער נעמט אויף זיך, נישט אזוי ווי איך, וואס איך זיץ און פריי מיך... וואס איז אזוי די פרייד אויף מיר?... און באלד טאקע נעם איך און מאך מיך ערנסט, צי צוגויף די ברעמען און שטעל אן א פנים... לאנג, אבער, האב איך די ערנסטע מינע מיינע נישט אנגעהאלטן, ווי עפעס וואלט מיך געשטויסן פון אינעווייניק, האב איך אויסגעשאסן מיט א געלעכטער, וואס האט אויפגעוועקט דאס פארדאגהעטע אינגל און ער האט גענומען קוקן אויף מיר ווי אויף א ווילדן משוגענעם... אויף דעם געלעכטער איז אויך ארויסגעקומען פון א זייטיקן צימער מיט א לאמטערן אין דער האנט, א פארשלאפענער, דער „וועסאוושטשיק”, דער באאמטער וואס וועגט דעם באגאזש, און זיך צעזידלט: א טשטאב וואס כאליערא זאבראלא!... ערשט אינדרויסן, אין דער פינצטערער נאכט מיט די וואקזאל־לאמטערנדלעך און באלויכטענע „סעמאפארן” האב איך באהערשט מיין געלעכטער... איך האב דעם גאנצן וועג קיין אדעס אויסגעמיטן צו באגעגענען זיך מיט דעם ערנסטן אינגל אין צוג. איך וואלט זיך זיכער נאכאמאל צעלאכט...

פונעם אדעסער וואקזאל, איבער קוליקאווע פאליע, בין איך ארויס אויף דער קויטיקער און רווישיקער מאלא־ארנאוטסקע און האב גענומען קוקן אויף די שילדן, וואס זיינען אונטערגעשריבן פון די מייסטערס. אויף איינער איז אפילו דער אדרעס געווען אנגעגעבן: סטאראפארטא־פראנקאווסקאיא נומער 1. ס'איז גארנישט ווייט, ביים סאמע „טאלטשאק”, לעבן דער „אבזשארקע”, דאס הייסט, וואג דאס לייזיקע טאלטשאק־געזינדל עסט הייסע פירעזשקעס פון לעבער און „ביטשקעס” (קליינע פישלעך מיט גראבע קעפלעך) געפרעגלטע אין ביליקן בוימל. דער נומער 1 פון דער גאס — א געבראכענע און א געדרייטע, וואס איז אמאל געווען די גרעניץ פון דעם פרייען האפן — איז אן איינפאר־הויף מיט א גרויסן פלומפ אינמיטן, ס'איז דער ווידאפאליער איינפאר־הויף. ווידאפאליע שטייט אויפן וועג צווישן אדעס און אסערמאן און פארן אהין קען מען נאר מיט דער פור. אין הויף, אויף טרעפ ארויפצוגיין וואוינט ער, דער קינסטלער פון די בלויע טערקן, עלעגאנטע הערן אין צילינדערס מיט זשאקעטן און געפרעסטע פאסנדיקע הויזנס און צוגעברוינטע קוילעטשן און פראנדזאליעס מיט ראגאלים, וואס בעטן זיך עסן...

מיר איז גאָרנישט שווער אָנגעקומען צו פאַרבלייבן דאָרט פאַר א לערן־אינגל. איך האָב געהאט אַלע גוטיקע קאָנדיציעס דערצו: איך בין א יתום, אָן א מאַמען; איך בין נישט קיין אדעסער און האָב נישט קיינעם ווער עס זאָל זיך פאַר מיר אָנעמען און איך אַליין פאָדער נישט גאָרנישט... מען זאָל מיר נאָר געבן א ווינקעלע צום שלאָפן און עסן... און איך ווייז טאַקע באַלד, אַז איך בין א גאַנצער „כודאָזשניק": מיט א קריידל, גיב איך א שטעל אַוועק, אויף א בלעך, וואָס איז דאָרט געשטאַנען, א העך אין א שטרויענעם הוט, איך צייכן אויף א פּאָר אותיות מיט פאַרדרייטע „וואָנצעלעך" — און דער קאָנטראַקט צווישן מיר מיט דעם קינסטלער איז געשלאָסן און עדות זיינען דער־ביי: דאָס ווייבל זיינס, וואָס קוקט אַרויס פון דער קיך און א קינד פון א יאָר, א קויטיקס מיט א פאַרנעצט העמדל, וואָס קריכט אויף דער ערד... איך וויל אים ווייזן, אַז איך בין חלילה נישט קיין „בראָ־דיאַגע", אַז איך האָב א מעטריקע און מען קען מיך איינשרייבן אין הויף... נאָר ער גיט א מאַך מיט דער האַנט: דאָ דאַרף מען אָט די שמירגעליצעס נישט האָבן, באַהאַלט עס דיר און ווייז נאָר קיינעם נישט...

איך בין איבערגליקלעך. אין אַכט טעג אַרום, האָב איך שוין גע־מאַכט ראַמען פאַר די שילדן, געריבן פאַרב אויפן שטיין, ביעלילע און סאַזשע, אָכרע, מומיע און הומברע, מאַרין־בלוי און קופּער־גרין, פראַנ־צויזיש גרין און סוריק, ווערמיליאָן און קינווער, א חוץ אַלערליי פאַרבן וואָס טראָגן מאָדנע פראַנצויזישע נעמען... איך קען שוין אויך טראָגן א לייטער אויף די אַקסלען; דעם העכסטן און שווערסטן טאָפּל־לייטער טראָג איך אויף מיינע דרייצן־יעריקע אַקסלען אַזוי גרינג ווי א פעדער; מען דאַרף אים נאָר נעמען אויף דער סאַמע מיט, געפינען די גלייכ־געוויכט... איך טראָג שוין אויך א בלויע בלוזע, אַן איינגעשמירטע אין די אַלע אויסגערעכנטע און נישט אויסגערעכנטע פאַרבן און זייער־רע קאָמבינאַציעס און איבערהויפּט מיט דער געל־ווייסער פאַרב, וואָס פאַרבייט דאָס גאָלד אויף די שילדן, און איך ווייס שוין אפילו ווי אַזוי מען קלאַפּט אויף א שילד איבער א טיר, אָנגעבויגן ווי א שפּיגל און ווי מען קלאַפּט אויף א זייטן־שילד. איך קען שוין אויך „גרונ־טעווען" א שילד, דאָס הייסט אָפּשמירן מיט דער גרונט־פאַרב, מערס־

טנס מאט־שווארץ און איך ווייס, אז דער פענזל מיט וועלכן מען שרייבט די אותיות רופט זיך „שלעפער" און דער מיט וועלכן מען פילט זיי אויס, רופט זיך „דעקער"; דער ערשטער — מיט א שפיץ און מען טונקט אים אין שיטערלעכער פארב און מען קען מיט אים שרייבן ווי מיט א פען און דער צווייטער — א ברייטער, אן אפגע־האקטער, וואס מען טונקט אים אין געדיכטערע פארב...

דאס אלצדינג ווייס איך, איך מוז דאך די פענזלען היטן, זיי האלטן אין וואסער... נאר עס גייט אוועק א וואך, נאך א וואך און מער ווי דאס טו איך נישט. איך בעט זיך ממש ביי מיין באלעבאס:

— לאזט מיך איין אות נאר דעקן, איין ליניע ציען מיט דעם „שלעפער"...

נאר דאס קען מען ביי אים נישט פועלן. ער ווערטלט זיך:

— וועסט אלצדינג וויסן, וועסטו גיך אלט ווערן... האצעלער כודאזשניק!...

איך קען נישט ליידן ווי מען פארבייט גראסעלעס אויף האצע־לעס און פאריכט אים: גראסעלעס, נישט האצעלעס...

— זאל זיין גראצעלעס, נאר איידער איך גיב א פענדזל אין דער האנט אריין, דארף ביי מיר א אינגל רייבן א גאנץ יאר דר... אויפן שטיין...

דאס רופט ער אזוי אן די געלע פארב מיט וועלכער ער שרייבט די „גאלדענע" אותיות אויף די שילדן.

דאס ווייבל פונעם טאלטשאטשנע קינסטלער האט אפנים דער־שמעקט מלחמה און איז ארויסגעקומען אויף דער טיר פון דער „אטע־ליע", מיט איר קינד אויף די הענט, וואס אז ער קריכט אויף דער ערד, לאזט ער מיט אן אמתן איבער סימנים, וואס מען קען זיי פאר־בייטן מיט אט דער פארב. זי איז ארויסגעקומען, קענטיק, מיט א פארטיקן באשלוס און איז ארויס מיט א לשון, וואס לאזט זיך נישט פארבייטן, וואס טראגט אויף זיך דעם פולן שטעמפל פון דער אדעסער נעגנט, וואו איר מאנס „אטעליע" געפינט זיך:

— פאשלי יעוואָ ק' כ....!

איך האב פון דער „דאמאטשקא" פאר די עטלעכע וואכן, שוין געהערט אלערליי אויסדריקן, וואס האבן זיך אנגעקלעפט צו איר אין

אַט דעם מקום פון שמאַטעס און מענטשלעכן אָפּפאַל, נאָר אויף אַזוינס האָב איך מיך נישט געריכט... איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך טאָר קיין איין מינוט מער נישט פאַרבלייבן אין אַט דער אַטמאָספער... איך האָב גענומען מיין קלומעקל, וואָס איז געלעגן אין אַ ווינקל און פלעגט מיר דינען אונטערצולייגן צוקאָפּנס אויף דעם פאָל, וואו איך בין געשלאָפן, און בין אַראָפּ פון די טרעפּ...

:: :: ::

וואוהין גיין? קיין איין אדעסער שטוב פון די שווין דערמאָנטע, האָט מיך נישט געצויגן צו זיך... לופט, דאַרף איך!... און מיר איז איינגעפאַלן צופאָרן קיין גרוס-ליבענטאַל. אַזוי ווי איך געפין מיך אינעם ווידאָפּאָליער איינפאָר-הויף און גרוס-ליבענטאַל איז אויפן וועג צו ווידאָפּאָליע, קען איך דאָך דאָ טאַקע און שוין אָנפרעגן ביי די פורלעך וואָס שטייען דאָ. אַזוי האָב איך געטון און פרעג ביי אַ פויער צי ער וויל מיך מיטנעמען קיין אַקערזשע. אַזוי רופט זיך אין רוסיש די דייטשע קאָלאָניע. דער פויער איז מסכים און ער בעט ביי מיר דערפאַר נישט מער ווי 25 קאָפּיקעס. מיר זיינען טאַקע באַלד אַרויסגעפאָרן און איך בין שוין מיטן געדאַנק ביי מיין מומע ציפּע און פעטער אידל אין שטוב, צווישן די קינדער זייערע, וואָס איך האָב זיי אַזוי ליב באַקומען און אפשר וועל איך נאָך טרעפן דאָרט דעם אידישן לערער, וואָס האָט זיך דעם ערשטן מאָל פאַראינטערעסירט מיט מיר...

טראַכטנדיק וועגן דעם אַלעמען, האָב איך גאָרנישט באַמערקט, אַז דער פויער פאָרט מיט זיין פורל אין אַן אַנדער ריכטונג, נישט מיט דעם פראַנצויזישן בולוואַר, וואָס פירט צום ים, צו ליוסטדאָרף, נאָר גאָר דורך דער „זאַסטאַווע", וואָס פירט צו דאַלניק, צום סטעפּ... און אָט איז טאַקע דאַלניק, מיט זיין אַריינפאָר איבער דעם בריקל, וואָס ליגט איבער אַ טיפער לעוואַדע, מיט זיין קערניצע, אין מיטן גאַס, ביי וועלכער די פויערים שטעלן זיך אָפּ אָנטרינקען די פערד און אַריינגיין אין שענק עפּעס צובייסן... איך קען דאָס דאָרף פון מיינע רייזעס מיט דער אַקס קיין אַדעס, נאָך אַלס קינד... איך פרעג דעם פויער

וואוהין ער פירט מיך, ענטפערט ער מיר: „דאַ אקערזשי"... — מסתמא ווייסט ער — טראַכט איך מיר. — אויף ווידאַפּאַליע, קען זיין, איז דער וועג אַן אַנדערער... אָבער נאָך גוטע עטלעכע ווערסט אָפּפאָרן, קומען מיר צו אַ קליין דערפל מיט עטלעכע אָרימע גויישע כאַטעס און דער פויער זאָגט צו מיר:

— אָט דאַ איז אַקערזשאַ, גיי אַראָפּ!...

איך האָב מיך געשעמט איבערצופרעגן, איך האָב פאַרשטאַנען מיין טעות, ער איז דאָ גאָרנישט שולדיק, שולדיק בין איך, וואָס אויף צו פאָרן אין דער דייטשער קאָלאָניע גרויס־ליבענטאַל, האָב איך גע־נומען אַ פורל נישט ביי מאַיבאַכן אין הויף, נאָר אין דעם ווידאָפּאָ־ליער איינפאָר-הויף, וואו עס שטעלן זיך אָפּ פורן פון אַרום... איך האָב באַצאָלט דעם פויער די 25 קאָפּיקעס און האָב מיך פאַרנומען מיט דעם זעלבן וועג צוריק קיין אָדעס...

די זון איז שוין געשטאַנען הויך אין הימל און געברוט. איך האָב אויסגעטון די שיך, אויפגעהויבן אַ שטעקל ביי דער זייט וועג און אויפגעשטעקט דערויף די שיך, צוזאַמען מיט מיין קלומעקל. לאַנג איז מיר נישט אויסגעקומען צו גיין אַליין. אויף דעם שטויביקן וועג איז אָנגעפאָרן אַ פערד און וועגעלע, צו וועלכן הינטן איז געווען צוגע־בונדן אַ קו. צופוס, ביים פערדל איז געגאַנגען אַ איד מיט אַ צוגע־שוירן טונקל בערדל, אין אַ קאַרטוזל, מיט אַ גרוי כאַלאַטל ביז די קניעס, אין שטיוול — אַ טיפּישער שטעטלדיקער האַרעפּאַשניק, — און אויפן וועגעלע איז געפאָרן זיינס אַ אינגל פון אַ יאָר אַכט.

איך האָב אָפּגעשטעלט דעם אידן און אים געבעטן ער זאָל מיך אונטערפירן ביז אָדעס, איך וועל אים באַצאָלן. דער איד, אָבער, וויל ביי מיר נישט קיין געלט: זעסט דאָך, איך אַליין גיי צופוס, אַז דו ווילסט, קענסטו מיטגיין... ער וואוינט אויף דער מאַלאַראָסייסקע, נישט ווייט פון טאָוואַרנע וואָקזאַל... געווען איז ער אין סעליץ אויפן יאַריד און געקויפט די קו, ווייל ער פאַרקויפט מילך, ער האַלט אַ מאָ־לאָטשנע...

געגאַנגען בין איך מיט אים אַזוי ביז האַלניק און דאָ איז געשען אַזוינס, וואָס פילט מיך אָן מיט צער יעדן מאָל ווען איך דערמאָן מיך דערין. דער איד האָט צוגעפירט דאָס פערד און וועגעלע מיט דער

קו ביז דער קערניצע און גייט צו צו דער קו זי אָפּבינדן, כדי איר צו געבן א טרונק. אָבער, ער האָט נישט באַוויזן דאָס צו טון, ווי די קו האָט זיך א ריס געטון פונעם שטריק, א כאַפּ געטון דעם אידן אויף די הערנער סאַמע צווישן די פּיס, אים באַלד אראָפּגעשליידערט פון זיך און אַליין זיך געלאָזט לויפן א ווילדע איבער די דאַלניקער לעוואַדעס...

דאָס אינגל שרייט מיט א ביטער געשריי, דער פאָטער ליגט א צעבלוטיקטער און איך שטיי מיט דעם קלומעקל און די שיך אויפן שטעקל אָן אומבאַהאָלפענער... אָנגעלאָפן זיינען פּויערים און סאָל־דאַטן, וואָס זיינען דעמאָלט געווען אויף ארבעט אין דאָרף, און צום גליק, איז מיט זיי געווען א דאָקטער. טייל האָבן זיך גענומען עסקן אַרום דעם אידן און טייל האָבן זיך געלאָזט לויפן נאָך דער קו און איך, אַליין אין דער זעלבער לאַגע ווי דאָס אינגל, וואַרום אויפן וועג איז דער מילך־איד מיר געוואָרן ליב און נאָנט ווי ער וואָלט געווען א קרוב מיינער, האָב געטרייסט מיט נישט זיכערע ווערטער דעם קליי־נעם חיימל:

— דעם טאַטן וועט גאָרנישט זיין, מ׳עט אים אויסהיילן... די קו וועט מען כאַפּן, וועסט זען... זאָג מיר וואו איר וואוינט, וועל איך אריינגיין צו דיין מאַמען...

און איך האָב מיך געלאָזט גיין ווייטער קיין אדעס צופוס.

די זון האָט זיך שוין גענומען זעצן און איך האָב אויסגערעכנט, אַז די 15 ווערסט, וואָס פעלן ביז דער זאַסטאַווע, און די קאָלאָנטייעוו־סקע מיט דער פּראָכאָראָווסקע, וועל איך דורכגיין אין פיר שעה און וועל צוגיין צו זלמן שנאָר, וואָס וואוינט איצט אויף אוספּענסקע פּע־רעאולאָק הינטערן טראַקטיר „צאַרסקאָיע סעלאָ", מחמת דאָרט איז דער טויער שטענדיק אָפן...

גייענדיק, האָב איך געטראַכט, אַז אייגנטלעך דאַרף איך בענטשן גומל, וואָרום ווען די קו האָט זיך אָפּגעריסן פונעם שטריק, בין איך געשטאַנען און צוגעהאַלטן דאָס פערדל און ס׳האָט געקענט געשען, אַז אָנשטאָט דעם אידן, זאָל די קו געווען מיך נעמען אויף די הערנער און ס׳האָט אויך געקענט געשען, אַז דאָס פערדל זאָל זיך געווען דער־

שרעקן און אַריבער איבער מיר מיטן וועגעלע אָדער מיך מיטשלעפּן און צענהרגן...

און ס'איז טאַקע נישט באַשערט געווען איך זאָל אַרויס פון דער רייזע אַ נישט געניזוקטער. שוין נאָנט פאַר דער „זאַסטאַווע", ווען ס'איז שוין געווען גוט פינצטער אויפן וועג, איז אָנגעפאָרן אַ וואָגן מיט פּרוכט, מיט גרינע באַרלעך אין זעק, הויך אָנגעהויפנט און אַרומגעבונדן מיט שטריק. געפירט האָט דעם וואָגן אַ דייטש.

— וואָלן זי מיך אויף אירן וואַגן נעמען? — שריי איך צו אים. און אים איז אָפּנים געפעלן, וואָס מען רעדט צו אים אין דייטש און ער הייסט מיר אַרויפקריכן עט אויבן אויף די זעק מיט באַרלעך, נאָר איך זאָל גוט קוקן:

— שאַו מאַל דאַס די דיעבע ניכט די שטריקע שניידן זאָלן...

— יאַוואָל! — פאַרזיכער איך אים און שטעך איין די אויגן אין דער פינצטערניש. נאָר ס'איז נישט אַוועק קיין פינף מינוט, ווי איך האָב באַקומען אַ זעץ מיט אַ פויסט אונטער די אויגן און האָב מיך גענומען גליטשען אַראָפּ פונעם וואָגן צוזאַמען מיט די זעק באַרלעך.

— שטיי! — שריי איך צום דייטש, נאָר דער דייטש האָט מורא זיך אָפּצושטעלן. איך האָב מיך קוים איינגעהאַלטן אויפן וואָגן און ערשט מיט אַ פּאָר קוואַרטאַלן ווייטער האָט דער דייטש זיך אָפּגעשטעלט און גענומען ציילן זיין שאָדן. בלויז צוויי זעק באַרלעך האָבן אים געפעלט...

ערגיץ נאָנט איז ער אַריינגעפאָרן מיט דעם וואָגן אין אַן איינפאָר־הויף. פאַרטאָג וועט ער אַרויספאָרן אויפן „פּריוואָז"... און איך האָב געמוזט גיין צופוס איבער די פינצטערע גאַסן פון דער מאָלדאַוואַנקע, האָב געטאַפּט מיין אויפגעלאָפן פּנים און אָנגעטאַפּט בלוט אונטערן רעכטן אויג...

געטראָפן האָב איך די גאַנצע פאַמיליע אַרמער ביים טיש, מען האָט געטרונקען טיי נאָך דער וועטשערע, מען האָט דערציילט וועגן די גליקן פונעם טאָג: ווער ביי פאַנקאָנין, ווער אויף דער טאָווארנע און ווער אויפן טאָלטשאָק... און אַז איך האָב זיי דערציילט וועגן מיינע אַווענטורעס, האָבן זיי ערשט געהאַט פון וואָס צו לאַכן... מען האָט מיר צוגעלייגט קאַלטע קאָמפּרעסן צום אונטערגעשלאָגענעם אויג

און מען האָט גענומען דערציילן וועגן די וואונדער, וואָס אדעסער גנבים באווייזן, ווי אזוי זיי כאַפּן אַראָפּ זעק מיט רייז און זאַמד־צוקער פון די „בינדיוגעס" און פאַראַן אזעלכע וואָס מען צאָלט זיי חודש־געלט אין די קראָמען, אזוי ווי דעם „נאַדזיראַטעל" פונעם „אוטשאַסטאָק", און אז מען גיט זיי נישט, איז שלעכט...

:: :: ::

איך האָב אָפּגעוואַרט ביי די אָרמערם אין שטוב ביז דאָס פּנים איז מיר אָפּגעגאַנגען און בין אָפּגעפאָרן, שוין פון מאַיבאַכס הויף קיין גרויס־ליבענטאַל. ערשט איצט, האָב איך מיך רעכט באַקאַנט מיט דעם פעטער אידלס שטוב און מיט דער דייטשער קאָלאָניע. די דייטשע קאָלאָניסטן דאָ זיינען קאַטאָליקן, בייערישע דייטשן, און צו יעדן פון זיי קומט אַריין אין שטוב די מינכענער „קרייץ־צייטונג", זיי קענען כמעט קיינער קיין רוסיש נישט. אויך צום פעטער אידל אין שטוב קומט אָן די „קרייץ־צייטונג". דער פּאָסטאָר פאַרשפּרייט זי דאָ און מען קען איר נישט אָפּזאָגן... די מיידלעך, מאַניע, קאַטיע און אָליעטשקע, לייענען מערסטנס רוסיש; זיי לייענען אויך דייטש, אָבער נישט אין דער קאַטוילישער „קרייץ־צייטונג"; מען לייענט דאָ אויך גאָטע און היינע... אידיש לערנען זיי די מיידלעך, נאָר לייענען אידיש לייענען זיי נישט... דער אידישער לערער איז אַ העברעער... מיט די אינגלעך, מיט לייבלען און אשרן, לערנט ער תנ"ך און אביסל העברעיש, וואָס קלעפּט זיך צו זיי נישט... ער דערציילט זיי אויך אידישע געשיכטע לויט יעבץ, דאָס הייסט, אויפן שפּיץ מעסער.

איך האָב קיין אידישע געשיכטע נישט געלערנט נאָר אזוי ווי איך האָב געלייענט קלמן שולמאַנס וועלט־געשיכטע (דברי ימי עולם), וויים איך זייער אַ סך אידישע געשיכטע, גראָד אין שייכות מיט דער וועלט־געשיכטע און דער לערער וואונדערט זיך. ער זאָגט אז דאָס איז מאָדערן. איך זאָג אים, אז ווען שולמאַן זאָל געוועזן שרייבן דירעקט אידישע געשיכטע, וואָלטן מיר פון אים געוואוסט אזוי פיל וויפיל מיר וויסן ווען מיר לייענען יעבצן... אים געפעלט עס. און ער לאָזט זיך אַריין מיט מיר אין חקירות וועגן גאָר הויכע ענינים. איך זאָג אַרויס

קאַפּריזנע געדאַנקען וועגן רמב"ם און שפּינאָזע, איך געפֿין אויס אין די דרייצן עיקרים פּאַנטעיזם און ביי שפּינאָזען דעם רמב"מס גאָט־פּרינציפּ. איך רייד פֿון מענדעלסאָנס פֿילאָזאָפֿיע פֿון אידישקייט און איבערהויפּט צעזינג איך זיך פֿאַר אים מיט גאַנצע קאַפּיטלען ישעיה אויף אויסווייניק און ווער דערביי צעפֿלאַמט...

אַ פּאָר וואָכן האָב איך פֿאַרבראַכט אין דעם הויז, וואו יעדער נייער פֿרימאָרגן איז געווען אַ נייע פֿרייד מיט דעם פעטער זלמנס אַ אינגל און מיינע אַ נייע פֿרייד מיט אַ שפּאַציר צו קליין־ליבענטאַל, צום לימאַן וואָס פֿליסט דאָרט מיט אַ צווייג זיינעם דירעקט אין ים אריין און צו דער טעפּעריי, וואָס שטייט אויפֿן וועג און אַ פֿויער פֿורעמט אויף אַ רעדל, וואָס ער דרייט מיט דעם פֿוס, טעפּ פֿון לי־מאַן-בלאָטע; צו ליוסטדאָרף און צום שוואַרצן ים, וואָס דאָרט איז ער גאָר גרין ווען ער איז רויק און אַז מען קוקט זיך איין אין דער ווייט, זעט מען דעם גרויסן לייכט־טורעם, דעם „מאַיאַק". איך פֿאָר אַ פּאָר מאָל אין וואָך מיט דעם פעטערל אידלס עלטערע זין מיט פֿלייש אין יענע ערטער און בין דעמאָלט דער קאַסירער זייערער. איך באָד מיך און הער אויס פֿון די גרויס־ליבענטאַלער אינגלעך אַזעלכע לידלעך, וואָס אין גראָסעלעם הערט מען זיי נישט: „האָפּ טשיק טשאַק"... „אברהמעלע מלמד, איך האָב צו דיר אַ טענה", „דער רבי איז געפֿאָרן אויפֿן ים", „איי, ווייַ, שבת מאַכן"... און איך רויטל מיך פֿון דעם ניבול פּה...

איך בין אַזוי פֿאַרנומען, אַז איך בין גאָרנישט חושד אַז ביי מיין פעטער אין שטוב איז דאָ אַ יונג פֿרום הארץ, וואָס זוכט מיך, אַז אָליעטשקאַ האָט ליב צו שטיין ביי דער טיר פֿונעם לערן־צימער, ווען איך צעפֿלאַם מיך בעת די „הויכע געשפּרעכן", וואָס איך פֿיר מיט דעם לערער. וואָס ווייסט דען אַ דרייצן יאָריק אינגל, וואָס זוכט זיין וועג און האָט אים נישט, וואָס פֿאַראַ געפֿילן ער קען דערוועקן ביי אַ צען יאָריק קינד מיט זיין ענטוזיאַזם פֿאַר די נביאים און מיט זיינע קאַפּריזנע חקירות איבער דעם רמב"ם און שפּינאָזע, איבער קריסטנטום און אידנטום!... און וואָס ווייס דען דאָס צען־יאָריגע מיידל, וואָס אַזעלכעס עס האָט זיך באַזעצט אין איר יונגן הארצן, וואָס אַזוינס איז עס אָט דער פֿינגלעך-זיסער שפּור, וואָס איז פֿאַר־

בליבן נאָך אַט דעם ענטוזיאַסטישן בלאָנדן אינגל, וואָס איז אַוועק־
געפאָרן און האָט זיך מיט איר אפילו נישט געזעגנט!...

אַליעטשקאַ, וואו דו ביזט ערגיץ! ווען דו האָסט באַגריפן וואָס
ביי דיר אין הארצן איז פארבליבן און דו האָסט דיך אַנטשלאָסן מיר
צו שרייבן דערפון, האָב איך שוין געהאַט נעכט נישט געשלאָפן, א גע־
פייניקטער פון א גאַנץ באַשטימטן געפיל, וואָס מאַכט אַזוי פול דאָס
הארץ ביז דערשטיקט צו ווערן און לאָזט נאָך זיך איבער אַזאַ ליידי־
קייט, וואָס לאָזט זיך מיט קיין זאַך נישט אָנפילן. ביז היינט ווייס
איך נישט צי האָב איך גוט געטון וואָס איך האָב דיר נישט געענט־
פערט...

# אין טיראַספּאָל ביים דניעסטער

ווידער בין איך אין דער היים, אָבער דאָס מאָל באַשטימט שוין אויף אַ קורצער צייט. דער טאַטע איז געווען אין טיראַספּאָל און דאָרט האָט מען אים געזאָגט, אַז אויב ער וויל מיך דורכויס מאַכן פאַר אַ בעל מלאכה, איז דאָס שענסטע אַן איינבינדער. והראיה, פאַראַן איז דאָרט אַן איינבינדער טולטשינסקי, האָבן זיינע צוויי זין, אויך איינבינדערס, אויפגעשטעלט אַ גרויס געשעפט פון שרייב-געצייג און אַלע אָפּיצירן, וואָס גיבן זיי ביכער צום איינבינדן, קויפן ביי זיי די שרייב־מכשירים פאַר די קאַנצעלאַריעס און אויך האָבן זיי אַן אייגענע ביבליאָטעק, די איינציקע עפנטלעכע ביבליאָטעק אין טיראַספּאָל, וואו מען נעמט אַרויס ביכער צום לייענען. דער טאַטע האָט שוין אַפילו גערעדט מיט די דאָזיקע איינבינדערס און זיי זיינען מסכים, נאָר דער טאַטע וויל איך זאָל מיך אַביסל צולערנען אין דער היים די מלאכה. און אַזוי ווי דער בערדינער מלמד אַרבעט ביינאַכט איינבינדעריי, איז אַ פּלאַן איך זאָל גיין צו אים זיך צולערנען..

איך וויים, אַז איך זינדיק דאָ, נאָר איך קען דאָ נישט פאַרהוילן דעם פּיין, וואָס איך האָב דורכגעלעבט אין די ביינאַכטן ביי דעם בערדינער מלמד אין שטוב, וואו זיין פרוי, אין דער לעצטער סטאַדיע פון שווינדזוכט, איז אין דער צייט ווען איך האָב געאַרבעט, געזעסן מיט די פיס אונטער זיך אויף דער קאַנאַפּע ביי דער הרובע, און דער זיס־זויערער ריח פון איר קראַנקהייט, אויסגעמישט מיט דעם זויערן ריח פון איבערגעשטאַנענעם פּאַפּ, איז מיר געגאַנגען אין דער נאָז.

איינגעבונדן האָט דער בערדינער מלמד אַלטע קרבן מנחהס מיט צעריסענע און אויסגעטאַפּטע בלעטלעך און מען האָט זיי באַדאַרפט

אויסלאטען, אזוי אז עס פלעגט אוועקגיין א פאר נעכט ביז מען האט אזא סידור אויסגעלאטעט. די טעכניק פון דעם בערדינערס איינבינדעריי, איז געווען די פרימיטיווסטע, וואס מען קען זיך פארשטעלן. גענייט האט מען די קונטרסים אויף שפיזלעך איינגעשטעקטע אין א ברעטל און דערנאך די שפיזלעך ארויסגעצויגן און אין די נעסטן דורכגעצילעט די פלעקסלעך. באשניטן האט מען דעם ספר אין א הילצערנעם פרעס מיט א קיילכיקן שארפן דיסק, צו וועלכן עס איז צוגעמאכט א הילצערן הענטל. איך האב דעם גאנצ ענין אנגענומען ווי א ספארט, ביי וועלכן מען מוז אויסשטיין די געפארן און די אומבאקוועמלעכקייטן, מיט וועלכע ער איז באגלייט, און אזוי ארום האב איך איבערגעטראגן מיט געדולד דעם זיס־זויערן ריח פון דעם איינבינדערס אידענע, דאס נודנע לאטען די צעריסענע סידורים און די מאזאליעס, וואס איך האב מיר אנגעקוועטשט אויף דער האנט מיט דעם הענטל פונעם דיסק.

אזא איז זי געווען, די אלטע איינבינדעריי. שפעטער, ווען איך בין אנגעקומען אויף דער לערע אין טיראספאל אין א ווערקשטאט מיט א גיליאטינע (א מאשין צו שניידן פאפיר), מיט א פאפיע־מאשין (א ווינקל־מאשין צו שניידן קארטאן, א ניי־מאשינקע און אן אייזערנעם פרעס און איינגעבונדן האט מען דארט נאר נייע ביכער, האב איך געפילט אין מיר א געוויסע גדלות מיט דער טעכנישער אנטוויקלונג, וואס דאס דאזיקע פאך, אין וועלכן איך בין אריינגעטראטן, האט דורכגעמאכט. געווען אבער דערנאך צייטן, ווען איך האב געפילט א דאנקבארקייט צו מיין ערשטן לערער פון איינבינדעריי. געווען איז עס גראד אין דער גרויסער שטאט, אין אדעס, וואו אט די קענטענישן מיינע האבן מיך אריינגעפירט ארבעטן אין דער איינבינדעריי פון א רוסישער אלמנה, וועלכע האט טריי געהיט די טראדיציעס פון איר מאן, א קיעווער איינבינדער, און אויך פון זיינע קליענטן, מאנאכן, וואס האבן נישט פארליטן מען זאל זייערע הייליקע ספרים איינבינדן מיט מאדערנעם געצייג, ווי אידן זהירים, להבדיל, עסן נישט קיין מאשינאווע מצה אום פסח. דארט האב איך מיך ספעציאליזירט אין איינבינדן אלטע עוואנגעליעס און „פסאלטירן” (תהילימס), וואס מען פלעגט זייערע צעפרעסענע בלעטער באדארפן לאטען, גאר אנדערש

גייען און באַשניידן זיי נישט מיט דער מאַשין, נאָר מיט דעם דיסק אינעם פּרעס, כדי באַלד דערויף דעם שניט צו גילדן, פּאָלירן אים מיט אַ וואָלפן־צאָן און אָפּשטעמפּלען אויף אים ראָזעטקעס אַלערליי מיט אַ לייש־אייזן. טאָוולען האָט מען געמאַכט צו זיי הילצערנע און די רוקנס איבער זיי האָט מען אָפּגעקלאַפּט און אויסגעקייַלכיקט מיט אַ ספּעציעלן אייזן, אַ „קאַשיר־אייזן". באַצויגן האָט מען זיי אינגאַנצן מיט לעדער און אויך באַגילדעט די טאָוולען און די רוקנס אויפן אַלטן שטייגער, מיט אַלטע געציינגן, מיט אָנגעגליטע אותיות, ווינקלען און ראָלעטקעס... די מאָנאַכן פּלעגן אָנקווועלן פון דער אַרבעט און דער־פאַר האָט מיך די אלמנה גערופן נישט אַנדערש ווי „סינאָטשעק", זונדעלע, הייסט עס, און אינמיטן דער אַרבעט פּלעגט זי מיר צוטראָגן זיסע טיי מיט וואַרעניע...

:: :: ::

אין טיראַספּאָל, האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז צוליב מיר פאָרגעקומען אַ שטיקל סכסוך אין דער איינבינדער־משפחה: דער אַלטער חנן טולטשינסקי, דער קאָפּ פון דער פאַמיליע, האָט געוואָלט איך זאָל מיך לערנען די מלאכה ביי אים, זיין עלטערער זון, ישראל לייב סניפּעלישסקי, האָט מיך געוואָלט צו זיך און זיינע צוויי זין, טביה קרעמער און שלום טולטשינסקי, וואָס האָבן אויך געהאַט אַ געשעפט פון שרייבגעציייג און די קאָנצעסיע אויף דער עפנטלעכער ביבליאָטעק, האָבן גאָר אַנדערש נישט גערעכנט, ווי נאָר אַז איך וועל אָנקומען צו זיי. דאָס איז מיר באַקאַנט געוואָרן שפּעטער. און דאָס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך געווען: אַ פערצן יאָריקער בחור מיט אַ שם פון אַן עילוי, אַ טאַטנס אַ קינד, וועלכע זיי אָפּגעגעבן אויף גאַנצע דריי יאָר אָן שום התחייבותן פון זייער זייט, פאַר דעם בלויזן עסן און געלעגער, און איינבינדעריי איז טאַקע אַ מלאכה, וואָס האָט קיין גרונט נישט, ווי זיי זאָגן, נאָר אַ בחור פון פערצן יאָר, וואָס האָט זיך שוין צוגעלערנט אַביסל ביי אַ היימישן איינבינדער, פאַרדינט זיך שוין דאָס עסן פון ערשטן טאָג אָן...

אויסגעפירט האָבן די צוויי זין מיט דעם געשעפט פון שרייב־געצייג און ביבליאָטעק, וואָרום פונקט אזא ווי איך, דארפן זיי האָבן: ערשטנס, איז שוין באלד דער סעזאָן פון די „אוטשעבניקעס" (שול־ביכער), צו וועלכע מען דארף קיין גרויס קענטעניש נישט האָבן; צווייטנס, קומען אריין אַלטע שול־ביכער צום פאַריכטן און מען קען נישט צוליב זיי אָפרייסן פון דער ארבעט א מענטשן, וואָס אַרבעט „האַלב־לעדער"; דריטנס, דארף זייער ביבליאָטעק האָבן ווער עס זאָל ארויסגעבן א בוך, ווער עס זאָל אריינשטעלן די ביכער אין די שאַפעס און ווער עס זאָל צוזאַמענשטעלן א נייעם קאַטאַלאָג און פירן דעם לייענער־בוך און פערטנס, דארף דאָס געשעפט האָבן א שיק־אינגל...

און אזוי איז עס געווען. אין אָט די אַלע אַרבעטן בין איך אריינ־געשפרונגען פון ערשטן טאָג אָן און מיט גרויס אינטערעס צו אַלץ. איינע אַן אַרבעט נאָר האָב איך געטון, וואָס איז אין זייער חשבון נישט אריין: לייענען. שוין ביים צוריקשטעלן די ביכער אין די שאַ־פעס, פלעג איך איינזינקען אויף א שעה צייט אין יעדן בוך, וואָס האָט געצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט, פונקט ווי אין דער היים פאַר מיין טאַטנס ספרים־שאַפע. דאָס האָט געקענט זיין א פראַנצויזישער ראָמאַן פון גאַסטאָן די טירייל, קסאַוויע די מאָנטעפּען, גי דע מאָ־פּאַסאַן אָדער זאָלאַ, די „מיסטעריען" פון לאָרד בייראָן אָדער שעקס־פּירס א דראַמע, פוליעס די געשיכטע פון דער פילאָזאָפיע אָדער הי־פּאָליט טענס פילאָזאָפיע פון דער געשיכטע... דאָן קיכאָט אָדער א דראַמע פון קאַלדעראָן דע לאַ באַרקאַ...

א מערקווירדיקע זאַך: א רוסישע ביבליאָטעק איז עס געווען, נאָר קיין איין רוסישער שרייבער האָט זיך אין איר נישט געפונען, קיין איינער נישט פון די רוסישע קלאַסיקער, קיין איינער נישט פון די רוסישע קריטיקער און פּובליציסטן. איך בין צוגעפאַלן צו די ביכער ווי א דורשטיקער צו א ברונעם און האָב קיין צייט נישט געהאַט צו פאַרטראַכטן זיך אויף אָט דער דערשיינונג, וואָס אַן „עפנטלעכע ביב־ליאָטעק" פון א קרייז־שטאָט האָט נישט ביי זיך די הויפּט־ווערק פון דער רוסישער ליטעראַטור. דערנאָך ערשט, ווען איך האָב גענומען איבערשרייבן דעם קאַטאַלאָג, איז מיין אויפמערקזאַמקייט דערויף גע־

פאַלן און איך האָב געפרעגט וועגן דעם מיינע באַלעבאַטים; נאָר זיי האָבן אַפילו נישט געוואוסט צי דאָס פעלט זיי. געוואוסט האָבן זיי נאָר, אַז צוגעבן פון זיך אַליין עפּעס צו דער ביבליאָטעק, טאָרן זיי נישט, ווען איך האָב זיי פאָרגעלייגט די ביבליאָטעק אָפּצופרישן מיט די רוסישע קלאַסיקער...

דאָס אייגענע פּאַרקערט, אין דער איינבינדעריי, וואו איך פלעג מיך אַמאָל פאַרלייגענען ביים „פאַנאַנדערנעמען" די נייע ביכער צום איינבינדן, האָב איך זעלטן אָנגעטראָפן אויף אויסלענדישער ליטע־ראַטור אין רוסיש. די רוסישע פאַרלאַגן, די עלטערע, ווי די נייע: פּ. מאַרקס און סיטין, האָבן זיך קאָנקורירט און פאַרלאָפן איינער דעם צווייטן דעם וועג מיט אַרויסגעבן די רוסישע קלאַסיקער; די פּאָמי־ליען־זשורנאַלן, האָבן זיך אויך קאָנקורירט מיט רוסישער ליטעראַטור; צו די גרויסע רוסישע ליטעראַרישע און פּובליציסטיש־וויסנשאַפטלעכע זשור־נאַלן, ווי „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ", „רוסקי מיר", זיינען דעמאָלט צו־געקומען נייע: „זנאַניע", „אָבראַזאָוואַניע", און אַפילו אַ נישט דער־פאַרן אויג פון אַ לערן־אינגל אין אַן איינבינדעריי האָט געקענט מערקן, אַז וואָס ליבעראַלער אַ רוסישער פאַרלאַג איז געווען, אַלץ מער אויפ־מערקזאַמקייט האָט ער געשענקט דער רוסישער ליטעראַטור, די רוסישע שרייבער און פאַרקערט, וואָס רעאַקציאָנערער, וואָס „נאַציאָנאַליסטי־שער" אַ רוסישער פאַרלאַג איז געווען, אַלץ ווייטער האָט ער זיך געהאַלטן פון רוסישער ליטעראַטור. ס'איז נישט קיין צופאַל געווען, וואָס דער מער נאַציאָנאַליסטישער צאַריש־געטרייער פאַמיליען־זשור־נאַל „ראָדינאַ" האָט דעמאָלט געגעבן אַלס ביילאַגע אַן אילוסטרירטע אויסגאַבע פון דאַנטעס „געטלעכער קאָמעדיע", בעת די מער ליבע־ראַלע „ניוואַ" האָט געגעבן אַלס ביילאַגע די ווערק פון אַ רוסישן שרייבער.

און ווי זאָגט דאָס אינגל צום טאַטן ביים פרעגן די פיר קשיות פון דער הגדה: אַז דו וועסט מיר נישט ענטפערן, וועל איך מיר אַליין ענטפערן; דאָס וואָס די באַלעבאַטים האָבן נישט פאַרשטאַנען, האָט דאָס לערן־אינגל ממש אָנגעטאַפּט מיט די הענט: די ביבליאָטעק איז געווען נישט בלויז אַן אַלטע, נאָר אויך אַ קאָנטראָלירטע פון דער צארישער רעאַקציע; די רוסישע ליטעראַטור, אַ ליבעראַלע, אַ סעמ־

פעריש קעגן דער צאריש־פעאדאלער פארגליווערונג, איז צו די ביב־ליאטעקן, אין דער פראווינץ, אלנפאלס, נישט צוגעלאזט געווארן; אויף די פריוואטע פארלאגן האט דער צארישער קאנטראל נישט געהאט אזא שליטה, כאטש אלץ האט געדארפט דורכגיין די צענזור. דער געשעפט־לעכער אינטערעס, וואס האלט די נאז אויפן ווינט, האט אנגעשמעקט די ליטעראַרישע פרעדילעקציעס פונעם רוסישן פאלק און דורך די פריוואטע פארלאגן האט די ליבעראלע רוסישע ליטעראטור גובר געווען די דאמבע פון דער רוסישער צענזור און האט פארפלייצט דעם רו־סישן ביכער־מארק, איז אנגעקומען צו די רוסישע לייענער־מאסן און מיר איינבינדער זיינען געשטאנען אינמיטן דעם שטראם פון אט דער פארפלייצונג.

ווער פון אונדז, איינבינדער, איז דורשטיק געווען, האט זיך אפגעשטעלט אויף א ווייל און געטרונקען. אין דער איינבינדעריי האבן די באלעבאטים מיינע, מערסטנס פארנומענע אדער מער פאראינטערע־סירטע מיט זייער געשעפט פון שרייב־געצייג, ווייניק קאנטראל געהאט און איך האב כמעט אומגעשטערט געלייענט אינמיטן דעם פונאנדער־נעמען די בויגנס און נייען זיי. נאר אפילו שפעטער, ווען איך האב געארבייט דאס פאך אין אדעס, האב איך מיך נישט געקענט אפגע־וויינען פון אט דעם „חסרון", וואס איז געווען צום שאדן פון מיינע ארבעטסגעבער. איינעם אן אדעסער באלעבאס מיינעם, דעם געלן שפי־טאלניק — אן אויפגעקלערטער און א ווייסער אין די קליינע אותיות־לעך — האב איך געוואונען פאר מיר דערמאנענדיק אים דעם פארזאג פון דער תורה: „לא תחמום שור בדישו", זאלסט נישט צושליסן דעם מויל פונעם אקס בעתן דרעשן די תבואה... נאר די מערסטע באלע־באטים מיינע האבן נישט פארשטאנען קיין פסוקים... און איך האב מיך דעריבער לאנג נישט געקענט האלטן אויף איין ארבעטס־ארט.

אין טיראספאל האב איך מיין קאנטראקט נישט געהאלטן. נאך אנדערהאלבן יאר „לערע", וואס איז רייך געווען מיט אלערליי דער־פארונגען א חוץ פאך־קענטעניש, האב איך גענומען מיין קלומעק און בין אוועק קיין אדעס. נאר אין די אנדערהאלבן יאר האב איך מיך איינגעלעבט אין טיראספאל אזוי אז מיר איז אביסל שווער געווען צו פארלאזן אט די קרייז־שטאט. געהאט האב איך דא קרובישע **משפחות**

און האָב באַקומען חברים און געווען אזוי עס אויך טיראַספּאָל, וואו איך האָב געהאַט דעם ערשטן קאָנטאַקט מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

ערשטנס, האָט דאָ געוואוינט מיין מומע רחל, מיין טאַטנס אַ שוועסטער, מיט איר פאַמיליע, וואו איך האָב געמוזט קומען יעדן שבת. דער פעטער איז געווען אַ איד אַ קבצן מיט אַ רייכן ברודער, אַ גרויסער צעלניקער, זיינען דעריבער אויך די קינדער זיינע געווען צעל־ניקער. דער עלטערער זון, איציק, איז ארומגעפאָרן אויף ירידים מיט פּאַטשיילעס און איז געווען אַ יאַרידניק מיט אַלע חנדלעך, מיט ניבול פּה און אַ געוויסער מאָס הפקרות; דער צווייטער, פּנחס שמערל, איין נאָמען מיט מיר, איז געווען אָנגעשטעלט ביי זיין פעטער אין קראָם און גערופן האָט מען אים „די נקבה", ווייל ער האָט זיך געהאַלטן אין איין פּוצן, אַן עכטער „גאַלאַנטעריינע פּריקאַזטשיק"; די שוועסטער זייערע, גיטל, האָט זיך געהאַלטן פאַר גאָר אַ גרויסער שיינהייט און געוואַרט אויף אַ חתן, וואָס זאָל נעמען אין נדן איר רייכן פעטער. דער קליינער נחום האָט שוין אויך געהאַט אַ שטעלע ביים פעטער, נאָר ער איז נאָך נישט געווען פאַרצעלניקט און איז געווען אַ מבין אויף די עלטערע, און דער קלענצטער, חיים, איז נאָך געגאַנגען אין חדר.

די צווייטע קרובישע שטוב, וואו איך האָב מיך באַדאַרפט ווייזן פון צייט צו צייט, איז געווען דעם פעטער וועלוועלס, מיין טאַטנס אַ פעטער, וואָס האָט געוואוינט ביים וואָקזאַל און איז געווען אַ תבואה־מעקלער, נאָר נאָך אַזאַ רויקן מעקלער און איבערהויפּט נאָך אַזאַ רויקן מענטשן איז שווער צו טרעפן. צי דערפאַר האָט זיך אַזוי אָנ־געזען די בייזקייט פון זיין אידענע, נאָר אַזאַ שם האָט זי געהאַט. זייער טאָכטער, דבורהקע, האָט געשמט פאַר אַ חכמת און אַ בריה, איינע אין דער וועלט, און האָט אויך געוואַרט אויף אַ חתן. איין זון זייערער, פּיניע, דער עלטערער, האָט געאַרבעט ביים וואָקזאַל, דער צווייטער, בעניע, איז געווען אַ „גאַלאַנטעריינע פּריקאַזשטשיק", שוין אַן עלטערער און אַ קלוגערער, ווי מיין קוזען פּנחס שמערל. דער פעט־טער וועלוועל האָט געהאַט אַ צוגאָב־פּרנסה: ביי אים אין שטוב פלעגן זיך אָפּשטעלן קריסטלעכע אַרמענער, „מאָכעס" האָט מען זיי גערופן, אפשר ווייל מען האָט זיי געהאַלטן פאַר עמלקים און עס זאָגט זיך וועגן

זיי אין דער תורה: „מחה תמחה את זכר עמלק". זיי פלעגן אומפאָרן זאמלען אויף קלויסטערס אָדער אויף רייזע-הוצאות קיין ירושלים און צום הייליקן בארג אפאָן.

איך האָב אויך אמאָל באַדאַרפט צוגיין צו מיין טאַטנס שוועד, פייסע קאַושאַנסקי, וואָס האָט דעמאָלט געוואוינט אין טיראַספּאָל. ער האָט געהאַט חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל פאַר דער אלמנה פון א געוועזענעם אידישן גוטבאַזיצער, באַומשטיין, און גייען פלעג איך אויך צו מיין צווייטער מאַמעס א פעטער מיט א מומע, אָרימע נאָר האַרציקע מענטשן, וואָס האָבן געהאַט א מיידל, אזא האַרציקע ווי זיי און איך שעם מיך נישט צו זאָגן, אז איך האָב זי אמאָל א קוש געטון אָט אזוי פשוט, ווייל איך האָב מיך געפילט גוט און זי איז רויט געוואָרן און האָט מיך אויך א קוש געטון און מיר האָבן דערביי ביידע נישט געהאַט קיין זינדיקע געדאַנקען און אויך נישט קיין ראָמאַנטישע, כאָטש איך בין שוין דעמאָלט אַלט געווען גוטע פופצן יאָר און זי גוטע פערצן. געוואוינט האָט אויך אין טיראַספּאָל מיין צווייטער מאַמעס א שוועסטער, וואָס האָט געהאַט א שטוב מיט קינדער און צווישן זיי די שיינע און קלוגע מאַיקע, מיט די רויט-גאָלדענע האָר און איך האָב זי אין געדאַנק פאַרגליכן צו דער שיינער גיטל קויפמאַן, א פריינטל מיינע אין גראָסעלעס, וואָס איך האָב זי געהאַלטן פאַר דעם שענסטן און קליגסטן מיידל אין דער וועלט און האָב נישט געקענט צוהערן גלייכגילטיק ווען מען האָט זי עמיצן געשדכנט...

פאַר די אָנדערהאלבן יאָר, האָב איך אין טיראַספּאָל אויך באַקומען חברים; א פאַרביק געזעמל חברים, קען איך זאָגן; ערשטנס, מיינע אַרבעטס חברים: א קעשענעווער, א בערשאַדער, א קאַכאָווקער איינבינדער-אינגל, וואָס זיינען פאַרוואָגלט געוואָרן קיין טיראַספּאָל, ווייל זיי האָבן געהערט, אז טולטשינסקיס איינבינדעריי איז די בעסטע רעקאָמענדאַציע פאַר אַדעס, וואוהין עס האָט זיי געצויגן. און איינער פון די חברים, דער בערשאַדער, האָט א ברודער, וואָס קומט קיין טיראַספּאָל צום פּרוכט-סעזאָן, אַלס „פּאַקאָווטשיק", דאָס הייסט פּאַקעווען פרוכט אין קיישלעך און קעסטלעך צום עקספּאָרט, וואָס דאָס פאָדערט א געוויסע פלינקייט און געניטקייט, און דער בחור ברענגט מיט זיך א צווייטן און א דריטן פון דעם מין פייגל, וואָס דער פרוכט-

סעזאָן ציט צו צו זיך פון די ווייטע פּאָדאָליער שטעטלעך. זיי טראָגן אריין אַ טאָן פון הפקרות, פון קוויטיקייט אין אונדזער אינגלשער חברישקייט און שפּילעוודיקייט, אַ מין טייוולסקויט צו די קטורת, וואָס מען האָט געדעמפּט אינעם בית המקדש... אַ צווייטע גרופּע חברים מיינע זיינען מיינע פריינטלעך, גאַלאַנטעריינע פּריקאַזשטשיקעס און זייערע חברים, וואָס קומען זיך צונויף אין די שבתים דערציילן מעשיות, זאָגן וויצן און זינגען טעאַטער־לידלעך. באַזונדער האָט זיך צווישן זיי אויסגעצייכנט דערמיט דער קליינער ליפּאָוועצקי. אַ דריטע גרופּע באַשטייט פון וואווילקענער, אינגלעך, וואָס לייענען העברעיש און אין די שבתים טרעפט מען זיך מערסטנס אין שיל, וואו מען כאַפּט זיך צו, כלומרשט אין שפּאַס, צו אַ בלאַט גמרא, אָדער אין דער ציור־ניסטישער ביבליאָטעק, וואו מען לייענט „העולם" און „השלוח"... צווישן זיי איז דאָ יאַנקל ראַבינאָוויטש, וואָס שרייבט. ער שרייבט „מאמרים" אינעם סטיל פון די וואָס דרוקן זיך אין „כנסת", „האסיף", „העתיד", „תלפיות". איך נעם דעמאָלט אויך שרייבן „מאמרים", אינס־פּירירט אין ד. פרישמאַנס „התקוה והזכרון", און מיר קומען זיך צו־נויף זיי פאַרלייענען פאַר די חברים.

דאָס געשעפט פון מיינע באַלעבאַטים, די ברידער קרעמער און טולטשינסקי (די פאַרשידנקייט פון די פאַמיליען־נעמען נעמט זיך פון אַן אַלטן מיטל קעגן גיין דינען פאָניען) איז געווען אַ גלענצנדער באָאָבאַכטונגס פּונקט פון דער אידישער און אַלגעמיינער געזעלשאַפט־לעכקייט אין דער דאָזיקער קרייז־שטאָט. אריינקומען פלעגט אַהין כמעט יעדן פאַרנאַכט דער רוסיש־לערער קאַטלאָוועקער, אַן אַלטער בחור, אַ לאַנג איינגעזעסענער ליטוואַק מיט אַ פּנים פון אַ טאַטער, וואָס האָט ליב געהאַט ריידן ניבול פה און אויסדערציילן אַלץ וואָס ער האָט זיך דערוואוסט אין די שטיבער, וואו ער האָט געהאַט זיינע לעקציעס, און זיינע לעקציעס האָט ער געהאַט מערסטנס אין די רייכערע אידי־שע הייזער. קומען פלעגט אַהין צוליב דעם זעלבן צוועק אויך דער פאָטאָגראַף גראָסמאַן, איינער פון די צוויי פאָטאָגראַפן, וואָס האָבן „באוואכט" דעם סטראַטעגישן פּונקט אויף דער הויפּט־גאַס, ביי דער בריק, וואו עס האָבן געמוזט דורכגיין אַלע זעלנער און אָפיצירן פון די קאַזאַרמעס, פון דעם אָפיצירן־שטעטל (דער קרעפּאָסט) און פון

דעם אָפּיצירן־קלוב. אַריינקומען אַהין פֿלעגט דער פּראָוויזאָר (פֿאַר־מאַצעווט) ראַדלאָוו, וואָס האָט געלייענט דעם „וואָסכאָד״ און די אויסגאַבעס פֿון דער „חברה מפיצי השכלה״ אין רוסיש. עס פֿלעגט אויך אַריינקומען דער קאָרעספּאָנדענט פֿון „אָדעסקיאַ נאָוואָסטי״, אַוועקבוך, אַ זינדל פֿון אַ רייכן קרעמער; די ברידער יודעליעוויטש, איינער — דער באַלעבאָס פֿון דער טיראַספּאָליער דרוקעריי, וואָס האָט פֿריער באַלאַנגט צום „גאָלאָוואַ״ פֿון דער שטאָט (בירגערמייסטער) און דער צווייטער אַ שילדן־מאַלער. אַלץ „אינטעליגענץ״. און געלופֿ־טערט האָט זיך דאָרט די שטאָט־פּאָליטיק, פֿון די וואַלן אויף קאַזיאָנע ראַבינער ביז די אינטימסטע רכילותן.

געווען איז דאָס געשעפֿט אויך דער זאַמלפּונקט פֿון די אָפּיצירי־שע און גימנאַזיסטישע רכילותן. דאָרט פֿלעגט מען זיך דערוויסן, למשל, אַז די וואונדער־שיינע און לעבנסלוסטיקע גימנאַזיסטקע ראַיאַ, שוואַנגערט פֿון איר אייגענעם פֿאָטער, אַ פֿאָדפּאָלקאָווניק; אַז אין אָפּיצירן־קלוב האָט אויסגעבראָכן אַ גרויס געשלעג ביי די קאָרטן; אַז דער „איספּראַווניק״ (פּאָליציי־שעף איבערן קרייז) האָט זיך צעקריגט מיט דעם „בלאַגאָטשינע״ (קרייז־גלח).

אין יענעם געשעפֿט האָב איך מיך אויך געקענט דערוויסן, אַז פּאָליציי איז געפֿאַלן אויפֿן שפּור פֿון אַ חברה סאָציאַליסטן און אַז צווישן זיי, זאָגט מען, איז דאָ אַ בחורל פֿון גראָסעלעס, וואָס פֿירט זיי...

און אַזוי ווי דאָס בחורל פֿון גראָסעלעס איז געווען נישט קיין אַנדערער ווי דאָס זעכצן־יאָריקע אינגל, וואָס איז דערביי געשטאַנען און אַריינגעקוקט אין אַ ניי בוך פֿונעם פֿאַרלאַג „זנאַניע״, וואָס מען האָט אַריינגעבראַכט צום איינבינדן, און כאָטש קיין פֿירער איז ער נישט געווען און די גאַנצע חברה „סאָציאַליסטן״ איז באַשטאַנען פֿון די פֿאָר איינבינדער־אינגלעך, אַ פּאָר סטאָליער־אינגלעך, דאָס בחורל פֿונעם שלאָסער פּאָלאַקאָוו און זיין שוועסטערל און איינער פֿון מיינע וואוילקענעוודיקע חברים, וואָס צו אים אין די הענט איז אַריינגע־פֿאַלן „די מעשה מיט די פֿיר ברידער״, געדרוקט אויף ציגאַר־פּאַפּיר, און מיר האָבן עס אינאיינעם געלייענט און קאָמענטירט... האָב איך דעריבער פֿאַוואָלינקע אַוועקגעלייגט דאָס בוך, אַראָפּ אין קעלער, וואו

עס איז געווען די איינבינדעריי און אויך מיין געלעגער און אין א שעה ארום, האָב איך מיך שוין געוויגט מיט דער באַן, גלייך קיין אָדעס.

וויכטיק איז נאָר דערביי צו דערציילן, אַז אויף הוצאות קיין אָדעס האָב איך באַקומען ביי אַ גאַנץ מאָדנעם חבר מיינעם, אַנדריי זובקאָוו, אַ שכן אין דער דירה פון מיינע באַלעבאַטים, אַ יונגער קאַצאַפּ אַ גבר, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט ליכט מאַכן פאַר דעם קלויסטער פון די „ראַסקאָלניקעס", ווי מען האָט גערופן די קאַצאַפּעס, דאָס הייסט, אָפּגעשפּאָלטענע פון דער פּראַוואָסלאַוונער קירכע.

געשטאַנען אין זייער קלויסטער אינעם יאַר, אינעם גרוב, הייסט עס, וואָס האָט צעטיילט די שטאָט אויף צוויייען: אויבן די הויפּט־גאַס, די פּאָקראָווסקע, מיט דעם בולוואַר, מיט די פּראַוואָסלאַוונע קלויסטערס, אַ מאָנאַסטיר אין גרינגס פּאַרזונקען, די אַפּטייקן, די קראָמען, די אַלטע קראָמען, דער מאַרק, די באַלעבאַטישע שילן... און אונטן — די „ציגיינערישע גאַס"; דאָ וואוינען די קאַצאַפּעס מיט זייער נידעריקן קלויסטער אָן גלעקער, וואָס רופט זיינע גלויביקע קלאַפּנדיק מיט אַ וואַלגער־האָלץ אין אַ בלעך, די בעל מלאכהשע שיל, להבדיל, און טויזנט מאָל להבדיל, דאָס בית הזונות...

דער דאָזיקער „חבר" אַנדריי, אַן איידעם אין אַ משפּחה ראַסקאָלניקעס, גרויסע צלמניקעס און פרעסער, פּירט זיך אין אַלעם איבעריקן לויט דעם אַלטן שטייגער, פרעסט און זויפט, שלאָגט דאָס ווייב, ווי עס איז פאַרגעשריבן אינעם „דאָמאָסטרוי", לייענט אַ סך, איבער־הויפּט געשיכטע פון גלויבנס און סעקטעס אין רוסלאַנד, האָסט די ראָמאַנאָווס און וואַרט אויף זייער גיכער מפּלה... מיך רופט ער פּינדאַר אַנדראָמאַכאָוויטש, ווייל ער טרעפט מיך אָפּט לייענען די אַלט־גריכישע אָדעס און איך אים דערפאַר אַנדראָגיי אַנדראָניקאָוויטש; אַנדראָגיי צוליב זיין גבורה און אַנדראָניקאָוויטש צוליב זיינע קענטעענישן אין דער געשיכטע פון דער ביזאַנטישער אימפּעריע, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט דעם קעניג אַנדראָניק...

אַנדראָגיי אַנדראָניקאָוויטש האָט אַפילו נישט איבערגעציילט וויפל רובלדיקע פּאַפּירלעך ער האָט מיך אין דער האַנט אַריינגערוקט, ווען איך האָב אים אויף קורץ דערציילט, אַז איך מוז עוקר זיין. ער

איז דעמאָלט געווען בגילופין נאָך אַ גאַנצער קוואָרט רויטן ווייַן, וואָס ער האָט אויסגעטרונקען און האָט מיך נאָר געבעטן איך זאָל אים שרייבן ווי האַלט עס מיט די „זאַבאַסטאָווקעס" אין אַדעס...

:: :: ::

ווען איך בין צוריקגעקומען, אין פיר יאָר אַרום, אַ צוואַנציק־יאָריקער, קיין טיראַספּאָל פאַר אַן אַרבעטער צום עלצטן ברודער פון מיינע געוועזענע באַלעבאַטים, האָב איך שוין געהאַט אַ סך וואָס צו דערציילן מיין חבר דעם רעוואָלוציאָנערן ראַסקאָלניק וועגן שטרייקן און דעמאָנסטראַציעס און האָב אויך מיטגעבראַכט מיט זיך פאַר אים עטלעכע נומערן „איסקראַ", וואָס ער האָט זיי ממש איינגעשלונגען. געווען איז עס דאָס יאָר פון דער גרויסער שטרייק־באַוועגונג איבער גאַנץ רוסלאַנד, אָנגעהויבן פון די „ניעזאַוויסימצעס" (פירער פון זובאַטאָווס אַנטיפּאָליטישע לעגאַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען) און פאַרוואַנדלט אין אַ פּאָליטישער אַקציע דורך דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. דערנענטערט האָט זיך די צייט ווען איך האָב מיך געדאַרפט שטעלן צום „פּריזיוו" און מיינע חברים האָבן מיך געראָטן איך זאָל מיך ווייניקער וואַרפן אין די אויגן אין אַדעס, וואו מיין לאַגע איז געוואָרן געפערלעך, כדי איך זאָל אָנקומען אין דער אַרמיי אַ נישט אָנגעמערקטער.

מיר געדענקט זיך ווי איינס פון די אַרטיקלען אין דער „איסקראַ" ספּעציעל וועגן דער באַוועגונג, איז אַנדראָגיי אַנדראָניקאָוויטש באַזונדער געפעלן געווען מיט זיין שאַרפן פּאָלעמישן טאָן. געווען איז עס אַן ענטפער דעם פּראָפעסאָר אָזיעראָוו, דעם טעאָרעטיקער פון דער זובאַטאָווטשינע, וועלכער האָט זיך פאַרגונען צו פאַרגלייכן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּראָקלאַמאַציעס קעגן דער באַוועגונג מיט הייסע פּירעזשקעס פונעם מאַרק, וואָס אַז זיי קילן זיך אָפּ קען מען זיי אין מויל נישט נעמען. „ליעבעזיטיע, ליעבעזיטיע!" — האָט „איסקראַ" געשריבן — לעקט, לעקט!... דאָס דערמאָנט אים — האָט מיין חבר דער קאַצאַפּ געזאָגט — די באַרימטע קאַריקאַטור, וואָס שטעלט פאָר ווי די פראַנצויזישע בורזשואַזיע אין 1871 לעקט אַ גרויסן שטיוול

אַוועקגעשטעלט אויף אַ פּיעדעסטאַל, דעם שטיוול פון דעם דייטשן אינוואַזאָר... מען דאַרף נאָר אויף דעם שטיוול אויפשרייבן ניקאָלאַי דער צווייטער און אויף די לעקער די נעמען פון דעם מאָסקווער פּראָפעסאָר און פון זיינע אָדעסער, מינסקער און ווילנער תלמידים...

ביי מיין קומען קיין טיראַספּאָל צום צווייטן מאָל, האָב איך שוין געטראָפן דאָרט אַ שטיקל פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג. אַ ספּאָנטאַן אויפגעקומענע איז זי געווען, פון קיין שום פּאַרטיי נישט אָנגעפירט, כאָטש געווען זיינען שוין דעמאָלט אין טיראַספּאָל אַלערליי סאָציאַליסטישע סימפּאַטיקער: סאָציאַל-דעמאָקראַטן, עס-ערן און ציוניסטישע. ספּאָנטאַן האָבן זיך אָרגאַניזירט די סטאָליערעס פון ווייסער אַרבעט, בוי־סטאָליערעס, האָבן אַרויסגעשטעלט פּאָדערונגען און האָבן זיי באַלד געוואונען. די זעלבע סטאָליערעס, וואָס האָבן זיך אָרגאַניזירט צום שטרייק, האָבן באַלד דערויף זיך אָרגאַניזירט אין אַן אַמאַטאָרן־טרופּע און געשפּילט גאָלדפאַדנס „קאָלדוניע".

אויפגעהאַלטן האָט זיך דעמאָלט אין טיראַספּאָל אַ געוויסער צוזמער און זיינע אַ שוועסטער, בונדישע טוער, ווי זיי האָבן זיך מיר פאָרגעשטעלט, ווען מיר האָבן זיך געטראָפן ביי זייערן אַ פעטער, דעם כמעט בלינדן מאַלער מאיר צוזמער, ביי וועלכן איך האָב מיך אויסגעלערנט מאָלן געפאַרבטע פּאַרקעטן. נאָר אין טיראַספּאָל איז קיין אַטמאָספער נישט געווען פאַר אַן אָרגאַניזאַציע פון מאַלער און אויך נישט פאַר „בונד". פון דאָרט זיינען די צוויי טוער פון „בונד" אַוועק צו דער גרעניץ קיין אַמעריקע.

אין טיראַספּאָל איז בכלל קיין אינדוסטריע נישט געווען. אויף דער ציגיינערישער גאַס, ווי מען האָט גערופן די שטאָט־טייל, וואָס איז אָפּגעטיילט מיט דעם „יאַר", האָט מען, אַזוי ווי אין גראָסעלעס, געזינדן־וויַיז געאַרבעט דורך די נעכט און געגרייט פעלצן און קוטשמעס צום יאָר־יאַריד, וואָס האָט זיך דאָרט געשטעלט האַרבסט־צייט, דעם 25 אָקטיאַבר, אויף אַכט טעג. אויף דעם זעלבן אופן האָט מען געאַרבעט שטיוול און זאָטלען פאַר די רעגימענטן אינפאַנטעריע און דראַגונער, וואָס זיינען דאָרט געשטאַנען און פאַר דעם יאָר־יאַריד. נאָר די ציגיינערישע גאַס האָט אויך געשמט מיט אירע מעסער-העלדן און „אַלפאָנסן", וואָס האָבן געשיצט נישט נאָר זייערע „נקבות", וואָס

האָבן זיי די פאַרדינסטן אָפּגעגעבן, נאָר אויך אַמאָל, פאַר אַ טרונק בראָנפן, אַ שניידער־יונג אָדער אַ שוסטער־יונג, וואָס האָט געהאַט אַ סכסוך מיט אַ באַלעבאָס...

געהאַט האָט טיראַספּאָל אַ טאַרטאַק, אויף וועלכן עס האָבן גע־אַרבעט קאַצאַפּעס, וועלכע האָבן געהאַט אַ באַזונדערן אופן ווי צו פאַרטיידיקן זייערע לוינען: אָנשיכורן זיך און זיך אַוועקלייגן קעגנ־איבער ביים אַראָפּגאַנג צום דניעסטער, וואַרטן ביז דער באַלעבאָס וועט שיקן פרעגן פאַרוואָס זיי גייען נישט אַרבעטן... ביים ברעג דניעסטער איז אויך געשטאַנען אַ פּאַפּיר־פאַבריק, וואָס האָט געפּוסטעוועט.

די איינציקע פאַבריק, וואָס האָט געאַרבעט אין טיראַספּאָל איז געווען ראָגאָוואָיס טאַבאַק-פאַבריק. מיט אייניקע יונגע אַרבעטער פון דער טאַבאַק־פאַבריק האָב איך געשלאָסן קאַנטשאַפט און האָב זיי לייכט באַוואויגן צו אָרגאַניזאַציע. זייער פּאָפּולער איז דעמאָלט געווען דער שטרייק אין דער אָדעסער טאַבאַק־פאַבריק פון וואַכאָווסקי. וועגן דעם שטרייק האָט מען געזונגען אַ ליד, וואָס האָט געהאַט אַ ראָמאַנ־טיש־דראַמאַטישן הינטערגרונד, וועגן די מיידלעך און דעם מייסטער און ווי מען האָט דעם מייסטער באַגאָסן דאָס פּנים מיט אָלים (וויט־ריאָל). דאָס ליד האָט מען געזונגען אין שטעט און שטעטלעך נישט ווייניקער ווי דאָס ליד פון דעם „גרויסן נאַבאָר" און פון קעשענעווער פּאָגראָם און פון די דראַמאַטישע ליבעס וואָס האָבן זיך פאַרלאָפן אין זיי. די אינגלעך און מיידלעך פון ראָגאָוואָיס טאַבאַק־פאַבריק אין טי־ראַספּאָל האָבן דאָס ליד געזונגען מיט אַ באַזונדער כוונה און איך האָב זיי נאָך דערציילט אַלערליי איינצלהייטן וועגן דעם שטרייק, וואָס זיינען מיר גוט באַקאַנט געווען, מחמת געאַרבעט האָט אויף וואַכאָווס־קיס פאַבריק מיין פעטער ליב קורלאַנדס אַן איידעם, מאָטל אַרלינסקי, און אַ ברודער פון מיינעם אַ חבר, דעם איינבינדער און שפּאַלירער מיראָן פּאָרטנאָי (אין איין צייט מיט מיר געקומען קיין בוענאָס איי־רעס און געווען פון די ערשטע מיטגלידער אין „ביבליאָטעקאַ רוסאַ"), וואָס ביי זיי אין שטוב פלעג איך איבערנעכטיקן אַמאָל ווען מיין וואוי־נונג איז געוואָרן אומזיכער. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און ראָ־גאָוואָיס טאַבאַק־פאַבריק איז אַרויס אין שטרייק. דער שטרייק האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. דעם אַלטן ראָגאָוואָיס זון, ליבעראַלן און ציוי־

גיסטן, האָבן זיך אריינגעמישט און דער אַלטער האָט נאָכגעגעבן. נאָר פאַרבליבן איז פון דעמאָלט אָן אַ פאַרבינדונג צווישן מיר און יענע „אינגלעך און מיידלעך". מיין קאָנטאַקט מיט זיי האָב איך געהאַט דורך דעם הויף הינטער דער איינבינדעריי פון דעם אַלטן טולטשינסקי, וואָס איז זיך צונויפגעקומען מיט דעם פאַבריק־הויף און איז אַרויס־געקומען צום דניעסטער.

אינעם הויף וואָס הינטער דעם אַלטן טולטשינסקיס איינבינדעריי האָט געוואוינט אַ שניידער־פאַמיליע. איך פלעג אָפט פאַרפירן אַ שמועס מיט די קינדער, איבערהויפּט מיט איינעם פון די זין, אַ גאַנץ אינטע־ליגענטער בחור, וואָס פלעגט אויסזינגען ביי דער אַרבייט דעם גאַנצן גאָלדפאַדן־רעפּערטואַר, איבערהויפּט פון „דאָקטאָר אַלמאַסאַדאַ". איך האָב אָנגעהויבן פון אָט דער שוואַכער זייט זיינער, פון טעאַטער. פאַר־וואָס זאָל ער נישט צוזאַמענגעמען נאָך אַזעלכע ווי ער און שטעלן אַ ספּעקטאַקל און בכלל צוזאַמענקומען זיך און לייענען?... און אַז ער האָט זיך גענומען קלאָגן, אַז דערצו איז קיין צייט נישטאָ, ווייל מען דאַרף אַרבעטן דורך די טעג און דורך די נעכט, האָב איך אים שוין גענומען דערציילן, אַז אין אַדעס אַרבעט מען שוין נאָר צען שעה און שניידער־געזעלן האָבן צייט צו גיין אויף אָוונט־לעקציעס אין פאָלקס אוניווערזיטעט און אַז איבער דער גאָרער וועלט פאָדערן די אַרבע־טאָרער מען זאָל אַרבעטן נאָר אַכט שעה אין טאָג, טאָקע כדי זיי זאָלן האָבן צייט צו לייענען און צו גיין אין טעאַטער און טאָקע אַליין צו שפּילן טעאַטער... און אַז אויב ער וויל, וועל איך אים געבן אַ ביכל וואָס רעדט וועגן דעם אַכט־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, וואָס די אַרבע־טער פאָדערן...

נאָר איציק, אַזוי דאַכט זיך האָט ער געהייסן, דער הויכער שניי־דער־בחור, וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען און געקוקט אויף מיר מיט אַ חשד, האָט זיך דערויף אָנגערופן:

— דו מיינסט אוודאי אַז איך ווייס נישט, אַז דאָס וואָס דו רעדסט איז סאָציאַליזם? אַז ווען דו אַנטלויפסט נישט דעמאָלט פון דאַנען מיט דיינע ביכלעך, וואָלט מען דיך מיט קייטעלעך אַוועקגע־פירט? ווילסט מען זאָל אונדז קיין סיביר פאַרשיקן? מיר זיינען מיר

ציוניסטן, זיינען מיר. קיין אמעריקע, זעסטו, וואלט איך געפארן און נישט אנקוקן דאס חזיר-לאנד...

נאך אזא טענה, איז דעמאלט שווער געווען צו ריידן מיט אזא מענטשן. אין דעם ווארט חזיר־לאנד האט זיך געהערט די גאנצע פאר־ביטערונג פון אידן קעגן דעם צארישן רוסלאנד אונטערן פרישן איינ־דרוק פון דעם קעשענעווער פאגראם. אין טיראספאל, וואס איז אזוי נאנט פון קעשענעוו, איז ממש די לופט אנגעזאפט געווען מיט אט דער פארביטערונג. אינמיטן גאס, פאר דער ריי קראמען מיט דעם פאדראשעק, פלעגט זיך יעדן טאג אוועקשטעלן א בלינדער איד — דאכט זיך דער זעלבער מאיר וואלאך, וואס זיינגט א ביכל מיט די לידער וואס ער האט געזונגען: „די טרער", „דער מלאך דומה און דער בעל דבר", איך האב בראשירט אין דוכנאס דרוקעריי אין אדעס — און זינגען דאס ליד פונעם קעשענעווער פאגראם: אוי דו גאאט אין הימל, קוק שוין אראפ אויף אונדז!... און אנגעזאפט איז אויך געווען די טיראספאלער לופט מיט פאגראם־שטימונג. מיר געדענקט זיך ווי מיטקא, א שייגעץ א „גאלאוואריעז", א זון פון דער גוישער בעקערקע, וואס האט געוואוינט לעבן דער באד ביים דניעסטער, האט אינמיטן גאס א פאטש געטון א אידיש בחורל, וואס האט געווארפן אייגלעך אויף זיין שוועסטערל, וועלכע פלעגט שטיין מיט בייגל אין מארק, און דאס בחורל האט גענומען לויפן איבער דער גאס און שרייען: גוואלד, מען שלאגט אידן!... מיטקא איז באלד אנטלאפן און דאס בחורל האט מען קוים איינגעהאלטן: שריי נישט, וועסט אומגליקלעך מאכן א שטאט מיט אידן!...

דער ציוניזם אין טיראספאל האט דעמאלט געבליט. געהאט האבן די ציוניסטן א ביבליאטעק, אנגעפירט פון א געוויסן פראנץ. זיי פלעגן אראפברענגען די אנגעזעענסטע ציוניסטישע טוער און רעדנער: כאד־לאדענקא און קאהאן בערנשטיין פון קעשענעוו, סאפיר פון אדעס, טיאמקין פון יעליסאוועטגראד, שיינקין פון באלטע, צוועלף־יאריקע אינגלעך האבן געהאלטן ציוניסטישע דרשות אין די שילן. געווען אפילו שפראצונגען פון משה עפשטיינס ציוניסטישן סאציאליזם, נאר „בונד" און „איסקרא" האבן זיך אין דער קרייז־שטאט נישט אנגענומען. מער מזל האבן געהאט די עס־ערן. צווישן די גימנאזיסטן — געווען איז

אין טיראספאָל א „פּראָגימנאזיע", א פיר־יאָריקע מיטלשול — האָט דעמאָלט געפירט אַן עס־ערישע אַגיטאַציע מיינער אַ חבר פון גראָ־סעלעס, בלינדער, וואָס האָט שוין געהאט באוויזן אויפצוהייבן די פויערים אויף אַ נאָנטן גוט, וואָס זיינער אַ פעטער האָט געהאלטן אין ארענדע.

מערקווירדיק איז, אַז דער זעלבער לערער קאַטלאָוועקער, דער ליט־וואַק מיט דעם טאָטערישן פּנים, וואָס האָט מיט פיר יאָר צוריק גע־וואוסט צו דערציילן ביי די איינבינדער אינעם געשעפט, אַז פּאָליציי איז געפאלן אויפן שפּור פון אַ סאָציאַליסטישער גרופּע אָנגעפירט פון אַ גראָסעלער בחור און איך האָב צוליב דעם געמוזט עוקר זיין, האָט דאָס מאָל אויך דערציילט אין דעם זעלבן געשעפט, אַז פּאָליציי זוכט ארום דעם גראָסעלער בחור בלינדער, וואָס פירט אַן אַגיטאַציע צווישן די גימנאזיסטן. איך האָב באלד צו וויסן געגעבן וועגן דעם בלינדערן און ער איז טאַקע באלד נעלם געוואָרן פון טיראספּאָל.

פון מיין פּאָסטן אין דער איינבינדעריי, פלעג איך באָאָבאַכטן יעדן יונגנמאַן, וואָס איז אהין אריינגעקומען און פלעג מעסטן זייערע סימפּאַטיעס צום סאָציאַליזם מיט די ביכער, וואָס זיי האָבן געבראַכט צום איינבינדן: גאָרקי און אַנדרייעוו, טשעכאָוו און קאָראָלענקאָ, הער־צען און טשערנישעווסקים „טשטאָ דיעלאַט", האָבן עדות געזאָגט, אַז אין טיראספּאָל צייטיקט עפּעס נישט נאָר צווישן אידישע סטאָליע־רעס און אינגלעך און מיידלעך פון דער טאַבאַק־פאַבריק און נישט נאָר צווישן די גימנאזיסטן און גימנאזיסטקעס, נאָר אַז אויך אָט דער הוי־בער לאָפּאַק, וואָס איך קען אים פאַר אַ שרייבער ביים נאָטאריוס און יענער דאַרער שייגעץ, וואָס דינט אינעם „אָקרוזשנאָי סוד" און אפילו דער „פּראָפּאָרשטשיק" וואָס ברענגט צום איינבינדן גאָרקים דערציי־לונגען, האָבן עפּעס אַ שייכות צו דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַ־וועגונג, צו דעם אויפגייענדיקן ליכטיקן טאָג, וואָס איך האָב אים גע־זען אויפגיין מיט אַזאַ גבורה און שפּאַרן פון אַלע זייטן אין דער גרויסשטאָט אָדעס.

# אין אַדעס

מיין ערשטער קאָנטאַקט מיט דעם אַדעסער איינבינדער־פאַך איז געווען נישט דער ווי איך האָב אים מיר פאָרגעשטעלט אין וועג פאָרנ־דיק. וועגן דעם פאַך אין אַדעס האָט זייער אָפט גערעדט מיין טיראַס־פּאָלער באַלעבאָס טביה, דער עלטערער פון מיינע צוויי באַלעבאַטים. ער אַליין האָט געאַרבעט אין אַדעס אַ פּאָר יאָר ביים אַלטן שוואַרץ, וואָס האָט געהאַט זיין איינבינדעריי אינעם אַוטשיניקאָווער געסל און איז געווען „סטאַראָסטע" אין דער „רעמעסליענע אופּראַווע". ביי שוואַרצן אַרבעטנדיק, האָט ער באַקומען זיין אַטעסטאַט אַלס „פּאָד־מאַסטיעריע" (אונטערמייסטער) און מיך האָט ער כמעט רעקאָמענ־דירט צו שוואַרצן אַלס זיינעם אַ תלמיד. נאָר געקומען בין איך צום אַלטן שוואַרץ און געטראָפן זיין איינבינדעריי אין דער „באַשקע" (קעלער־שטאָק) אַ חושכדיקע, אַ ליידיקע. יאָ, ער געדענקט טביהן, דעם אַלטן חנאָס זון פון טיראַספּאָל; אויב איך בין זיינער אַ תלמיד, מוז איך זיין אַ פיינער בעל מלאכה; נאָר געקומען ביז איך אין אַ שלעכ־טער צייט, פּונקט נאָך פּסח, ווען אינאיינעם מיט דעם חמץ, ראַמט מען אויס דאָס לעצטע ביסל אַרבעט; איצט זיצט מען און מען קוקט אַרויס אויף די „אוטשעבניקעס" (לער־ביכלעך); נאָר אויף דער אַרבעט זיינען דאָ פלינקערע פון אים און מען מאַכט עס היינט אַזוי ביליק, אַז עס לוינט זיך גאָרנישט נעמען דאָס מין אַרבעט אין די הענט... גיי צו די מענדעלס, צו קליינמאַנען, צו די נייע מאַכערס, דאָרט רייבט מען די „אוטשעבניקעס" אויף וואָס די וועלט שטייט...

נאָר אַז איך בין אַריינגעקומען צו יענע „מאַכערס", וואָס האָבן גראָד געהאַט אַ שם פאַר גוטע מייסטער, און האָב דערזען ביי זיי אַזאַ

פּוסטקייט ווי ביי שוואַרצן, האָב איך מיר גענעבן חשבון, אַז איך בין געקומען אין דער שלעכטער צייט, אינעם טויטן סעזאָן, ווען ס'איז אין ערגיץ קיין אַרבעט נישטאָ. „האַלב־לעדער" און איבערהויפּט ביב־ליאָטעק־אַרבעט באַווייזט זיך נאָכן סוף יאָר, ווען מען ברענגט איינ־בינדן די יאָרגענג פון די חודשלעכע און וועכנטלעכע זשורנאַלן און זייערע ליטעראַרישע ביילאַגעס; קאָנטאָראַרבעט און איבערהויפּט „וויי־סע אַרבעט" קומט אויף אַ פּאָר חדשים פאַר ניי־יאָר; נאָר די לערן־ביכער קומען אָן אין דער צייט, ווען מען הויבט זיי אָן פאַרגרייטן צום נייעם לערן־יאָר. פאַראַן נאָך אַן אַרבעט אַן איינבינדערישע, „קנייטשן" און בראָשירן, וואָס ווערט געמאַכט אין די דרוקערייען; מוז מען אָבער דערצו זיין אַ ספּעציאַליסט, האָבן דערצו ספּעציעלע פינ־גער, ווי פּיאַניסטן, למשל, און אָט די ספּעציאַליטעט שטייט אין מערסטנס ביי מיידלעך... פאַראַן מיידלעך, וואָס קנייטשן אויס דורכן טאָג זיבן טויזנט בויגן אין דריי לאָגן און פאַרדינען גאַנצע זיבעציק קאָפּיקעס. פאַראַן אויך מענער קנייטשער, זעען זיי אויס ווי די „טשאַ־כאָטניקעס", ווי שווינדזיכטיקע פּאַפּיראָסנמאַכער... און איך, נישט איך נעם מיך אונטער אויסקנייטשן זיבן טויזנט בויגן אַ טאָג, אַפילו נישט קיין דריי טויזנט, און נישט עס לאָקט מיך צו ווערן שווינדזיכ־טיק ווי אַ פּאַפּיראָסנמאַכער...

איך דערצייל דאָס אַלץ ביי מיינע קרובים, ביי מיין עלטער־פעט־טער, לייב קורלאַנד, און ביי די בערלאַגעס און דער פעטער גיט מיר צוויי רעקאָמענדאַציעס: איינע צו די ברידער אַרלינסקי, זיין איידעמס ברידער, וואָס האָבן אַ ליניר־מאַשין און ביי זיי אַרבעט מען אויך „טעטראַדן" (העפטן) און נאָטיץ־ביכלעך, און די צווייטע צום אַלטן גלייזער, איינער פון די אַלטע אַדעסער איינבינדער, וואָס דאַוונט מיט אים אין איין שיל, אין דער „טאַבאַטשנע", און איז אויך אַ שטיקל מחותן מיט אים.

געקומען צו די אַרלינסקים און געזען, אַז פון דער אַרבעט קען מען נישט נאָר ווערן שווינדזיכטיק, נאָר גיין גלייך אויף יענער וועלט נאָך אַ פּאָר חדשים זיצן אין דעם ענגן פינצטערן חדר, וואו עס איז קוים דאָ פּלאַץ פאַר דער ליניר־מאַשין און פאַר אַ ניי־מאַשינקע, בין איך אַוועק צום אַלטן גלייזער, אויף דער ניעזשינסקע. דער אַלטער, אַ

נידעריקער בייזער איד מיט א ברייטער ווייסער באָרד, איז געזעסן ביים ארבעטס־טיש און געטרונקען טיי. צוויי גלעזער טיי שטאַרק אָנ־געצויגענע, זיינען פאַר אים געשטאַנען און ווי נאָר ער האָט פארענ־דיקט טרינקען די ערשטע, האָט ער באלד גענומען טרינקען די צווייטע. איך בין שטיין געבליבן ביי דער טיר, א פּאָר טרעפּלעך ארונטערצו־גיין, און האָב אָפּגעוואַרט ביז דער אַלטער וועט אָפּטון די עבודה זיינע. ער מיך, האָט אויך געלאָזט אַזוי שטיין. צום סוף האָט ער מיך געפרעגט וואָס איך וויל. איך בין אַן איינבינדער, געארבעט אין טי־ראַספּאָל, ביי די טולטשינסקים, אויב ער האָט געהערט. מיך רעקאָ־מענדירט צו אים מיינער א פעטער, לייב קורלאַנד, פון מאַלאַ אר־נאַוטסקע 70...

— אהא!... אבראַם! — גיט ער א רוף זיינעם א זון, א שיינער בחור מיט געפּוצטע שוואַרצע וואָנצעלעך. — גיב אים עפּעס צו טון!...

— וואָס זאָל איך אים געבן, וואָס?... געווען א פּאַרטיעלע „האַלב־לעדער", האָב איך זי געגעבן דעם קעשענעווער!...

— גיב אים עפּעס!... מ'האָט היינט אריינגעבראַכט צוויי ביכ־לעך פון דער גאַס, קאָלענקאָר מיט פּאַפּיר...

איך האָב טאַקע באַלד אויסגעטון דאָס רעקל, פארקאַטשעט די ארבל, פונאַנדערגענומען די בויגנס, איינגעזעגט, אויפגענייט און פאַר־קלייעט דעם רוקן און זעץ מיך אוועק וואַרטן.

— ווי אַזוי הייסט איר? — פרעגט מיך דער קעשענעווער, וועל־כער איז געזעסן די גאַנצע צייט און געשוויגן געניי ט א פּאַרטיע מעדיצין־ביכער אויפן „סטאַנאָק".

— פּיניע!

— א טייערער נאָמען... כ'האָב א ברודער הייסט ער אויך פּיניע, אויך אַן איינבינדער... אויב דו ווילסט דיך באַקענען מיט אים און מיט נאָך חברים איינבינדער — ווערט ער מיט מיר באַלד אויף דו — קום נאָך דער ארבעט אין „צאַרסקאָיע סיעלאָ", לעבן דער מאַשין, וועלן מיר טרינקען א גלעזל טיי און עפּעס שמועסן...

:: :: ::

„צאַרסקאָיע סיעלאָ״ איז געווען אַ „טראַקטיר״ (אַ טיי-הויז) אויפן ראָג באָלשאַיאַ אַרנאַוטסקאַיאַ און אוספּענסקי פּערעאולאָק. וויז־אַווי, אויפן צווייטן ראָג געסל, איז געווען אַ צווייטער טראַקטיר, אַליעניקאָווס. אונטערן ערשטן איז געווען אַ וויין־קעלער, אַבראַמאָ־וויטשעס, און פוןביידע זייטן קעלער זיינען געשטאַנען צוויי שטיוול־פּוצער, ביידע הויכע, דאַרע, איינער אַ בלאָנדער, דער צווייטער אַ טונקעלער, דער בלאָנדער מיט אַ פּאַרך, וואָס האָט ארויסגעקוקט פון אונטערן פאַרשמאָלצעוועטן היטל, נאָר ביידע — זשוואַווע און ווערטל־זאָגער; איך וואָלט געשוואוירן, אַז שלום עליכם האָט זיי גענומען פאַר אַ מאָדעל פון דעם שטיוול־פּוצער אין זיינע „דרייצן פאַסן״. אָפּגע־פּוצט און הלך משה מרדכי... „צאַרסקאָיע סיעלאָ״ איז געווען די בער־זע פון אַלערליי מעקלער, תבואה־מעקלער, הייזער־מעקלער, און אויך פון די מאַלערעס און די איינבינדער, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן צווישן זיך אַדאַנק די שפּאַלירער, וואָס האָבן לויט זייער פאַך באַ־לאַנגט צו די מאַלער און לויט זייער אָפּשטאַם צו די איינבינדער. געווען איז אויך „צאַרסקאָיע סיעלאָ״ די בערזע פון די זעקל־טרעגער ביים אָנלאָדן תבואה אויף די שיפן. די דאָזיגע טרעגער האָט מען גענומען נישט פונעם האַפן, צווישן די באָסיאַקעס, נאָר פון דער אָרימ־שאַפט אויף דער מאָלדאַוואַנקע — אויף יענע האָט מען זיך נישט געקענט פאַרלאָזן — און אָט דאָס טיי-הויז איז געווען זייער זאַמל־פּונקט. זיי פלעגן אָנהויבן צוזאַמענקומען זיך נאָך האַלבער נאַכט, כדי פאַרטאָג שוין זיין ביים האַפן, אַ ווייטער מהלך פון דאָרט. די מעק־לער פלעגן זיך צוזאַמענקומען אין דער „דוואָריאַנסקע״, דאָס הייסט אין אַ באַזונדער זאַל פאַר „פּריצים״. די מאַלערעס, די איינבינדער און די זעקל־טרעגער זיינען געזעסן ביי די „פּאָרלעך טיי״ אי דער „אָבשטשע״, אינעם אַלגעמיינעם זאַל, וואו עס אויבן ביי דער וואַנט, איז געשטאַנען די שפּיל־מאַשין, וואָס האָט פאַרנומען כמעט די גאַנצע וואַנט. אַז מען האָט די מאַשין אָנגעדרייט, איז אַרויסגעשפּרונגען אַ „קאַפּעלמייסטער״, מיט אַ שטעקעלע אין דער האַנט, און אָפּגעשפּילט „מאַרוסיאַ״, „גאָראָד ניקאָלאַיעוו פראַנצוזקי זאַוואָד״, „פּאָנאַפּראַס־נאָ וואַניאַ כאָדיש״, „נאַקינואַוו פּלאַשטש״ אָדער אַן ענלעכן ראָמאַנס. אינעם קעגנאיבערדיקן „טראַקטיר״ זיינען זיך צוזאַמעגעקומען מאַרק־

מענטשן, אַלט-אייזן קרעמער, פישער — זיין הינטער־טיר איז ארויס־געקומען אויפן אַלטן מארק, וואו עס איז אויך געווען דער פיש־מארק. דאָרט איז די הויפּט־אַרבעט געווען פּאַרטאָג. בייטאָג און אין אָוונט איז דאָרט געווען כמעט ליידיק און די איינבינדער־בערזע האָט זיך דערנאָך אריבערגעצויגן צו אַליעיניקאָוון. בכלל האָט די בערזע פון די איינבינדער זייער אָפּט געביטן דעם טראַקטיר.

אין „צאַרסקאָיע סיעלאָ" ביי דער מאַשין, האָט שוין געוואַרט אויף מיר דער קעשענעווער. מיר האָבן זיך צוגעזעצט צו אַ טישל, וואו עס זיינען שוין געזעסן אפשר אַ צענדליק אַנדערע. איינער פון זיי, אַ ברונעטער בחור מיט אַ שוואַרצער קוטשמע האָר, אין אַן אויסגע־נייט בלוי העמדל מיט אַ רויט שנירל ארומגעגארטלט, האָט ווי פאַר זיך געזונגען עדעלשטאַטס „אַרבעטער-פרויען", אַנדערע האָבן אונ־טערגעהאַלטן און באַלד איז מען אריבער אויף אַנדערע לידער, אי־דישע און רוסישע, מיט אַזעלכע נאָגנדיקע פאַרבענקטע ניגונים, וואָס די מאַשין האָט פאַרשריגן מיט איר „מאַרוסיאַ", נאָר מיר האָבן די מאַשין נישט געהערט און מיטגעזונגען: „דרוג מאָי, בראַט מאָי, אוס־טאַלעי סטראַדאַיושטשי בראַט... וויעד נאַסטאַניעט פּאָראַ אי וואָזס־טאַניעט נאַראָד"... פריינט מיינער, ברודער, מידער און ליידנדער ברו־דער... ס'וועט דאָך קומען אַ צייט און ס'וועט אויפשטיין דאָס פאָלק... דאָס האָט מען געזונגען נאָדסאָנס ליד „אידעאַל". דערנאָך „דושנעי וואָזדוך, דום לוטשינע" פון ניקיטין, „עי טי דאַליאַ, מאָיאַ דאַליאַ", ווינטשעווסקיס „אינעם לאַנד פון פּיראַמידן", „קראַסנאָיע זנאַמיאַ". יאָסעלע קאַלטון — אַזוי האָט געהייסן דער שוואַרצער בחור מיט דעם אויסגענייטן העמדל — איז געווען אַן אומאויסשעפּלעכער קוואַל פון אידישע און רוסישע רעוואָלוציאָנערע און אָרימשאַפט־לידער: „דובי־נושקאַ" און „וואַרשאַוויאַנקאַ", „מאַרסעליעזע" און „די בונדישע שבועה", אינעם געזאַלצענעם ים פון די מענטשלעכע טרערן...

שפּעט זיינען מיר געזעסן אַרום דעם פּאָרל טיי און דאָרט אויך איז עס באַשלאָסן געוואָרן איך זאָל נישט גיין מאָרגן אַרבעטן צום אַלטן גלייזער, וואָס זוכט פּטור צו ווערן פון דעם קעשענעווער, און מיך וועט ער אָפּקומען מיט אַ קלייניקייט ווי אַ רעקאָמענדירטן... אויב איך וויל, וועט מיך דעם קעשענעווערס ברודער, וואָס האָט באַקומען

ארבעט אין א גערינכטס ארכיוו, צונויפצונייען „דיעלעס“, מיך נעמען מיט אים אלס געהילף... דאס מיין נייען איז מיר באקאנט געווען; נישט מיט קיין פשוטער פשוטער נאדל נייט מען אט די „דיעלעס“, נאר מיט א קרומער זאק־נאדל און מיט געוועקסלטע פאדים, און מען קוועטשט דערביי אן די אמתע מאזאליעס אויף די פינגער, נאר וואס טוט מען נישט צוליב חברשאפט און צוליב אזא אינטערעסאנטער חברשאפט!...

פארענדיקט האבן מיר, די צוויי פיניעס, די ארבעט אינעם גע־ריכטס ארכיוו און מיר זיצן דורך די טעג אינעם טיי־הויז און מיר עסן אויף די לעצטע פארדינסטן מיט טיי מיט ברויט אדער מיט די פארציעס „גיישא“ (א פערטל פונט שווארץ ברויט מיט א פאר גע־זאטענע קארטאפל און א דין רייפטל הערינג), וואס א איד פארקויפט אין טראקטיר ביי א ספעציעלן בופעט. איך נוץ אויס אמאל די ליידיקע טעג צו שפאנען איבער די אדעסער גאסן. אזא ווארט איז געווען פאר ליידיקגייערס אין אדעס: אינזשעניער. „וואס טוסטו?“ פרעגט מען א ליידיקגייער און ער ענטפערט: „איך מעסט די גאסן“. איך פלעג אזוי אין א פרימארגן ארויסגיין פון מיין וואוינונג, וואס איך האב גע־דונגען פאר פיר קארבן א חודש, ערגיץ אויף דער האספיטאלנע גאס, און מאכן א „רייזע ארום דער וועלט“ צופוס מיט די מאלדאוואנקע־גאסן ביז דער „זאסטאווע“, פון דארט פארביי דעם משוגעים־הויז צו דער „סלאבאדקע ראמאנאווקע“, צושפאנען פון דארט צו דער באל־קאווסקע, זיך פארנעמען צום נייעם מארק און צום פערעסיפ און מיט דעם ברעג ים הינטער וויינשטיינס מיל, הינטער די זאוואדן, ארויס־קומען ביים לאנזשעראן און ווייטער שפאנען איבער דעם פראנצויזישן בולוואר צום מיטלסטן פאנטאן. אהיימקומען פלעג איך א מידער, אן אויסגעשעפטער, א פארשטויבטער און א הונגעריקער, נאר דערפאר גוט באקאנט מיט דעם פלאן פון דער שטאט אדעס.

איינמאל אויף אזא שפאציר, האב איך מיך אפגעשטעלט פאר א שויפענצטער אויף א צענטראלער גאס, דאכט זיך, אז פון א בעקעריי, וואס האט מיך אינסטינקטיוו צוגעצויגן. איך האב אויפגעהויבן די אויגן און האב מיך דערשראקן; ווי אין א שפיגל האב איך מיך אליין דערזען מיט א באוואקסן פנים, שוין א פאר וואכן א נישט געראזיר־טער. איך האב מיך נאך קיינמאל נישט געזען אזוי ענלעך צו מיין

טאטן... צו דעם קלוגן און אַנגעלייענטן משכיל זלמן קאַץ, וואָס טראָגט אויף זיך אין שטענדיקער אָרימקייט דעם עול פּרנסה... איך בין דע־מאָלט אַוועק צו מיינע קרובים, נאָך עטלעכע וואָכן זיך נישט וויזן פאר זיי, און זיי האָבן זיך אויך דערשראָקן פאַר מיר, האָבן אַ קוק געטון אויף מיינע ווייסע פארשטויבטע שיך, אויף מיין קוויטיקן הילוך, אויף מיין פאַרוואַקסן פּנים: וואו ביזטו געווען, פיניע?... איך גע־דענק שוין נישט וואָס פאַרא ליגן איך האָב זיי געזאָגט, נאָר אויף מאָרגן בין איך אַרויס אין גאַס אַ נייער.

— וואָס זשע, האָסט געשריבן תנאים מיט דיין איינבינדעריי?

— זאָגט מיר מיין עלטער־פעטערס יונגערער זון, דער שיינער בערל — אַזאַ אינגל ווי דו קען ווערן אַ פּריקאַזשטשיק און ווערן אַ לייט איינס און צוויי... אויב דו ווילסט, גיי שוין צו צו מוצעניוקן, אַ טאַבאַטשנע אויף פּראָכאָראָווסקע 40, זאָג אים, אַז איך האָב דיך געשיקט... ער דאַרף האָבן אַ מענטשן אויף נעמען באַשטעלונגען אין די קלייטלעך און דערנאָך צעטראָגן...

— איז אויף דערויף האָב איך אַזוי לאַנג געוואַרט אין גראָסע־לעס? — ענטפער איך אים מיט אַ פראַגע.

— מיינעטוועגן — זאָגט ער — קענסטו זיצן דאָ ביי אונדז און שרייבן ספרים... מען האָט נאָך פון אונדזער שטוב קיין מענטשן נישט ארויסגעטריבן... נאָר דו גיי צו און גיב אַ קוק אין שפּיגל, וועסטו זען וואָס פון דיר איז געוואָרן...

איך האָב שוין צום שפּיגל נישט באַדאַרפט צוגיין. איך האָב שוין איינמאָל אין אים אַריינגעקוקט. אַריינגעקוקט און אויך געלייענט אין אים אַזעלכעס וואָס האָט מיך אויפגעשווידערט און געלייענט אין אים אַזוינס וואָס לאָזט מיך גראָד נישט גיין צו דעם מוצעניוקן, ווערן אַ משרת אין אַ טאַבאַק־געשעפט... אָבער, נישט גיין האָב איך נישט געקענט. דאָס וואָלט געהייסן מיט אַן אמתן מיסברויכן מיט דער גאַסט־פריינטלעכקייט פון דער שטוב און מיט דער אמתער ליבשאַפט, וואָס מען ווייזט מיר דאָ אַרויס. און דער זעלביקער צו־להכעיס־געפיל, וואָס האָט מיך ביז דעמאָלט נישט געלאָזט געניסן פון אָט דער ליבשאַפט

און גאסטפרײנטלעכקײט, האָט מיך ממש אַרױסגעשטױסן פון מײן פּעטערס שטוב און איך בין אַװעק צו דעם מוצעניוקן.

:: :: ::

א װאָך צײט האָב איך געשפּילט די ראָל פון א געניטן אגענט פון א טאַבאַק-געשעפט. איך פלעג דורכקוקן די פּאָליצעס פון די טאַבאַק־קלײטלעך, פון די קיאָסקן, געזען װאָס פאר א מינים זײ פעלט, רע־קאָמענדירט נײע מאַרקעס פּאַפּיראָסן, טאַבאַק, ציגאַר-פּאַפּיר, גילדזן און שװעבעלעך און געבראַכט „געשװאָלענע באַשטעלונגען", װי דער באַלעבאָס אַלײן האָט זײ אָנגערופן און האָט זיך געריבן די הענט פאר נחת. אױך די באַלעבאָסטע האָט אָנגעקװאָלן און ס'האָט איר נישט געאַרט װאָס איך רױכער אױס א שאַכטל מעסאַקסודים „דיװנעיא" יעדן טאָג.

איז אָבער נישט באַשערט געװען יענעם טאַבאַק-געשעפט צו האָבן אַזא פלינקן אַגענט, האָט עס באַדאַרפט שטײן א טיר לעבן א טיר מיט װאָלטוכס פאַבריק פון בלעכענע פּושקעס און מיטיק פלעג איך עסן אינעם הױף פון דער פאַבריק, װאו עס איז געװען א רעסטאָראַן פאר װאָלטוכס אַרבעטער. אַרײנקומענדיק אײנמאָל אין רעסטאָראַן צום מיטיק, האָב איך דאָרט געטראָפן דעם קעשענעװער פיניע, אַן אײנ־געשמירטן אין רױטער פאַרב זיצן בײם מיטיק.

ער האָט געפונען אַרבעט, זאָגט ער מיר, בײ א „קראָװעלשטשיק" (א דעקער פון בלעכענע דעכער). דאָס דאָזיקע פאַך האָט א געװיסע קרובהשאַפט מיט מאַלערײ, װײל די בלעכענע דעכער פאַרבט מען. און מען פאַרבט זײ מיט גרױסע פּינזלען אױף לאַנגע שטעקנס צוגעבונדן, װי מען פאַרבט די פּאָלן אין די שטיבער. און אַזױ װי מאַלערײ איז פאַרבונדן מיט דער אײנבינדערײ דורך די קלעפּער, טרעפן זיך שױן דעריבער אױף אײן בערזע אױך דאַך־בלעכער מיט אײנבינדער. און אַן אַרבעטלאָזער אײנבינדער קומט אַזױ אַרום אָן אַרבעטן אױף א דאַך. בפרט אַז דער לאַנגער פיניע, דער קעשענעװער, טוט אַזא אַרבעט װאָס קײן גרױסע קענטעניש פאָדערט זיך נישט דערצו.

דער דאַך־דעקער האָט זיך אונטערגענומען פאַרלאַטען דעם אַלטן

דאָך אויף וואַלטוכס פאַבריק נישט מיט בלעך, נאָר מיט שמאַטעס. מען טונקט שטיקער טוך אין פאַרב, עלעהיי אין פּאַפּ, און מען שפּרייט זיי אויס איבער די לעבערדיקע ערטער... איז אויב איך וויל, וועט ער שוין זאָגן דעם „קראָוועלשטשיק", אַט זיצט ער דאָ און עסט אַ האַלבן צימעס, וועל איך אויך קענען אַרבעטן אויפן דאַך...

איך בין אַפילו נישט אַריינגעגאַנגען זאָגן מיין באַלעבאָס פון דעם טאַבאַק־געשעפט, אַז איך פאַרלאָז אים און שוין באַדינג איך מיך מיט דעם רויטן קלייענדיקן דאַך־בלעכער (אַלע דאַך־בלעכער זיינען רויטע און קלייענדיקע) פאַר 50 קאָפּיקעס אַ טאָג און שוין נאָך מיטיק זיץ איך אויפן דאַך און קלעפּ אונטער דער ברענענדיקער זון די שמאַטעס מיט פאַרב און שוין דעם ערשטן טאָג האָב איך מיר אָנגעברענט אַזעלכע הענט, אַז זיי האָבן מיר געפלאַמט, אַ סך ערגער ווי ביי אַ נישט פאַר־זיכטיקן זון־נעמער ביים פּליאַזש. מיר איז דעמאָלט פאַרענטפערט גע־וואָרן פאַרוואָס אַלע דאַך־בלעכער זיינען רויט און האָבן אַזעלכע גרויסע זומער־שפּרענקלעך אויפן פּנים און אויף די הענט.

דעם זעלביקן אָוונט האָב איך מיך באַוויזן אין „צאַרסקאָיע סיע־לאָ" אַ האָפּערדיקער, אַ נצחונדיקער, מיט מיינע רויטע הענט, פון זון און פון נישט גוט אָפּגעוואַשענער רויטער פאַרב, וואָס איז מיר פאַרבליבן צווישן די נעגל... און האָב מיך אַוועקגעזעצט מיט מיין חבר פּיניע דעם קעשענעוועער ביי אַ טישל צווישן די מאַלערעס און געהייסן דערלאַנגען אַ פּאָרל טיי:

— טשאַלאָוויעק, פּאַראָטשקו טשאַיו!...

:: :: ::

דער געשפּרעך ביי אָט די טישלעך, ביי די מאַלערעס, איז גאָר אַן אַנדערער ווי ביי די טישלעך פון די איינבינדער. ערשטנס, האָבן דאָ אַלע צונעמען, די מאַלערעס, ווי די קלעפּער. דאָרט זיצט איינער ביי אַ טישל מיט זיין „פּידל" אויף די קניע און זופּט מיט זיינע דאָפּל־טע ליפּן אַ גלאָז טיי. דאָס זיצט „לאַנזשעראָן". „פּידל" רופט מען דאָס קלעפּער־געצייג, וואָס באַשטייט פון אַ באַרשט, אַ שער און אַ פּענזל, וואָס שטעקט אַרויס מיט זיין הענטל, ווי אַ סמיטשיק, ווען מען וויקלט

זיי איין און מען פאַרבינדט זיי. ער איז נישט פון די געהויבענע קלע־פּער און אַרבעט בלויז צופעליק. ערב פסח איז זיין שניט־צייט. פון דעם מין קלעפּער איז אויך „דובל־בלאַנזש”, אַ שוואַרצער ווי אַ טאָ־טער, מיט אַ קאַלן קאָפּ, וואָס גלאַנצט ווייס. ביידע טרעפט מען שטענ־דיק ביי איין טישל.

ביי אַ צווייטן טישל זיצט גרישקע שיכור, איינער אַליין. ער איז ערשט געקומען פון דער אַרבעט און שוין זיינען אים די אויגן פאַר־גאָסן.

ווייטער זיצן ביי אַ טישל די „געטער” פון צאַרסקאָיע סיעלאָ: ליאָווקע דער קלעפּער, ווילדער מיט די לאַנגע הענט, פּיווקע און פּייור־קע, שמואליק בערסאָנער...

ליאָווקע, מיט אַ שטענדיק ביטערער מינע אויפן פּנים פון אַ סיפיליטיקער, דער פרישטשעוואַטער נאַקן מיט אַ בינדע אַרומגענומען ווי מיט אַ ווייס קעלנערל, האַלט אַ טיי־גלאָז מיט בראָנפן אונטערן טיש, ער ווישט אָפּ מיט די פינגער די ברעגעס פון דער גלאָז, טרינקט זי אויס מיט איין מאָל און גיט אַ שפּיי אין דער זייט אַריין. שמואליק, דער בעסטער בעל מלאכה פון צאַרסקאָיע סיעלאָ, איז טרויעריק. ער האָט שטענדיק טרויעריקע אויגן און טרויעריקערהייט און נישט פאַר־קרומטערהייט, גיסט ער אין זיך דעם בראָנפן. ווילדער, וואָס דאַרף נישט קיין לייטער צו דער אַרבעט, ווי מען ווילט זיך איבער אים, איז דער באַריידעוודיקסטער צווישן זיי, ער קען אויך טרינקען, נאָר ער מאַכט עס בלאחר יד, נישט דאָס איז ער אויסן, ער דערציילט וועגן זיינע אויפטועכץ אויף דער קאַרטאָמישעווסקע, אין די פּריילעכע הייז־לעך, וואו ער האָט גרויס דערפאָלג... פּיווקע טרינקט נישט אַזוי פיל ווי ער באַרימט זיך. ער מאַכט אַ ביטער פּנים און קרומט די ליפּן, נאָכמאַכנדיק ליאָווקען. ער וואָלט אפשר אויך אַזוי געטרונקען, נאָר פּייווקע, זיין לאַנדסמאַן — זיי זיינען פון ערגיץ אַ פּאָדאָליער שטאָט, פון ווינניצע צי פון פּראָסקוראָוו — האַלט אים אָפּ. דערפאַר שיט ער מיט הפקרדיקע רייד: דו, האָב איך שוין גע... אויף דיין טאַטנס קבר און אויף דיין מאַמעס... זע נאָר ווי ער שטייט! כאַטש גיב אים צוויי לעכט אין די הענט, אַ פיש אין מויל... טשעבאַנאָוו, אַ „שמירער” ביי די קלעפּער, נאָך אַ יונגל, טוט זיי אַלעמען נאָך, סיי מיטן טרינקען,

סיי מיט די הפקרדיקע רייד און האָט שוין אויך אזא ביטער בראָנפּנ־דיק פּנים.

די „אריסטאָקראַטיע" פון צארסקאָיע סיעלאָ זיינען מעכל און אראַנטשיק, שלאַנקע שיינע און געפּוצטע יונגעלייט מיט שווארצע וואַנ־צעלעך, א חוץ מאַלערעס און קלעפּער, האָבן זיי אויך זייערע „שיינע" אין א הייזל ביי טשעבאַנאַווס א פעטער. זיי טראָגן סיגנעטן אויף די פינגער. זיי זענען נישט קיין אָפטע געסט אינעם טראַקטיר, נאָר אַז זיי קומען אַריין, ווערט אַרום זייער טישל לעבעדיק. ביי פּיווקען נעמען בליצן די אויגן און ער ווערט נאָך הפקרדיק־באַריידעוודיקער.

באַזונדער פון זיי זיצט מישקע קראַסאַווטשיק, אויך ער, זאָגט מען, האָט א „שיינע" אין א הייזל, נאָר ער באַרימט זיך נישט דער־מיט. ער איז א דיקלעכער שיינער בחור און שאַרט זיך צו די טישלעך פון די איינבינדער. ער שרייבט רוסישע לידער און זוכט צווישן אונדז צוהערער.

נאָנט צו די איינבינדער זיצן ברוך דער באַלטער, משה נאַדזי־ראַטעל, די מינסקער קלעפּער קלמנקע און עליע נאָטע, כאַמל דער טשעבאַנאָוער, עוזר דער „באָרעץ" (דער שטייערער) מישקע דער פּערעסיפּער, אַלץ באַוואוסטזיניקע, סאָציאַליסטן... צו די איינבינדער רוקן זיך אויך צו בערקאָוויטש דער „חתן" און וויינשטאָק פונעם „אים אין אני לי מי לי", וואָס שפּרודלט מיט פאָלקס־לידלעך און מאַכט נאָך ווי מחותנתטעס טאַנצן אויף א חתונה, זיך האַלטנדיק פּידבאָקאָם: אָבער ווער האָט אויסגעפירט... עס קומט אויך אמאָל אַריין אזאַראָוו, א לעגענדאַרער אדעסער סאָציאַליסט, אַן אָרגאַניזאַ־טאָר. ער קומט אַריין ווי א שמעק טון, א טאַפּ טון די אַטמאָספער און פאַרשווינדט. באַזונדער, ווי ער וואָלט זיך מיט קיינעם נישט אָנגע־קערט, זיצט מאיר קוויטקאָ, א באַהאָפּאָליער בחורל מיט א קיילכיקן פּנים און דיקלעכע ליפּן. די הענט זיינען ביי אים שטענדיק אין פאַרב און קיינמאָל זעט מען אים נישט אָן א ביכל. ער לייענט העברעיש. מאַקס נאָרדוי „פּרדוכסים" לייענט ער איצט, פון הוצאת „תושיה".

פון די איינבינדער זיינען איצט פאַראַן: נאָום כאַדאַראָוו, א הויכער א שווייגער, וואָס קומט זעלטן אין טראַקטיר, נאָר אַז ער קומט, איז עס צוליב א וויכטיקן ענין. „איסקראַ" גרייט עפּעס, ס'אין

ערב דעם 1טן מאי... פאראן איז קאַסטיאַ, אַ בחור וואָס מיר דאַכט זיך שטענדיק אַז אים פּאַסט בעסער צו הייסן חיים און אַז ער האָט ערשט אונטערגעשוירן די פּאות און ערשט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס שטעטלשע קאַפּאָטקעלע מיט דעם חסידישן גאַרטעלע; ער איז דער קוואַרטירמייסטער, דאָס זוכט ער אונטער אַלץ נייע טראַקטירן פאַר דער איינבינדערישער בערזע; פאַראַן איז ליאָווע גאַליכאָוו, וואָס איך רוף אים גאַגאַל, מחמת ער האָט אַזאַ „סמוגלע" פּנים, מיט טיפע ווינקלען אויפן הויכן שטערן און זיינע שוואַרצע גלאַטע האָר זיינען פאַרקעמט אויף אַרויף, אַ לאַ גאַגאַל; ער איז איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרס אינעם פאַך; באָריסקע און אייזיק, וואָס רופט זיך אַנדריי און רייסט זיך צו פאַרשטייערשאַפט. ערגיץ דאַרף פאָרקומען אַ צוזאַמענפאָר און ער איז זיכער, אַז שיקן וועט מען אים און נישט קיין אַנדערן, שוין דערפאַר אַליין, וואָס ער רופט זיך טאָוואַרישטש אַנדריי. שטענדיק זעט מען זיי צוזאַמען, באָריסקען מיט אייזיקן. אַדאָלף קאַץ איז אויך דאָ, אַ יונגערמאַן מיט אַן ערנסט פּנים, וואָס וואָרנט: איך בין פאַרנומען מיט גאָר וואַזשנע זאַכן; דער שטענדיקער יאָסעלע קאַלמון, אָסיפּ פון דער יוזשנאָ רוסקע, מיראָנטשיק און מונקע פון גרינזאַפּטן, מאַנדלשטאַם פון לעווינסאָנס דרוקעריי, ראָבערט, וואָס ווען ער רעדט, מוז ער אָנהויבן מיט די ווערטער: „ס'טאָטשקי זרעניאַ היסטאָריטשעסקאַוואַ מאַטעריאַליזמאַ" און קען אַזוי אָפּריידן אַ פאָר שעה שטענדיק אין איין טאָן, ווי אַ איד זאָגט „אשרי"; פּעטקאַ, אַ יונג בחורל, מיט אַ בלייך פּנים, אַ פאַרוואָרלאָזטער וואָס יאָסעלע קאַלטון איז אים שטאַרק מקרב; נאָך אַ בחורל אַ שעמעוודיקער, מיט קאַליע אויגן, און גאָר פּלוצים, אומגעריכט, האַרטנשטיין, אַ ברונעטער פאַרשוין מיט ברענענדיק קלוגע שוואַרצע אויגן, וואָס יאָסעלע קאַלטון האָט מיר אויפן אויער אַריינגעשעפּטשעט וועגן אים: אַן אַנאַרכיסט...

די איינבינדערישע טישלעך זיינען געדיכט באַזעצט. פון די ביידיקע טשייניקעס זודיק וואַסער מיט די קליינינקע טשייניקלעך פאַרקאָכטן טיי, זעצט אַ פּאַרע און יאָסעלע קאַלטון גיט אַ רוף, מעשה תקיף, צום „שעסטיאָרקע":

— טשעלאוויעק! זאוועדי מאשינו! דאָס הייסט, ער זאָל לאָזן די מאשין.

די מאשין האָט זיך צעגרילצט מיט אַן אַלטן ראָמאַנס און ליאָוועגאַליכאָוו האָט אָנגעהויבן:

— הערט, חברים, איבערמאָרגן איז דער 1טער מאַי. איבער דער גאַנצער וועלט ווערט דער טאָג געפּראַזדנעוועט פונעם פּראָלעטאַריאַט. מען האָט שוין דעם טאָג געפּראַזדנעוועט אין אַ סך רוסישע שטעט, אין מאָסקווע, אין ווארשע און מינסק און ווילנע. ס'האָט געקאָסט בלוט און מען איז אַרוים מיט דעמאָנסטראַציעס, מיט רויטע פאָנען. אין אַדעס וועט מען איצט פּראַזדנעווען דעם 1טן מאַי צום ערשטן מאָל מיט אַ דעמאָנסטראַציע. אָנהויבן וועט זיך די דעמאָנסטראַציע פּאַרנאַכט אינעם ניקאָלאַיעווסקע בולוואַר. קיין פאָן וועט נישט זיין, נאָר די סטודענטן וועלן טראָגן רויטע טיכלעך אויפן האַלדז. אַלע וועלן מיר זיצן אויסגעזעצט אויף די בולווארנע בענק און ווי נאָר מיר וועלן זען די סטודענטן מיט די רויטע טיכלעך שפּאַצירן אינמיטן בולוואַר אָנגענומען פאַר די הענט, וועלן מיר צושטיין צו זיי און מאַרשירן. מען וועט זינגען די מאַרסעליזע: אָטרעטשיאָמסיאַ אָט סטאַראָוואָ מירא... — איז גאָליכאָוו שוין אַריבער אין געזאַנג און יאָסעלע קאָל-טון האָט זיך דערפילט אין זיין סטיכיע און גענומען זינגען אויפן הויכן קול, אַזוי אַז ס'האָט אַריבערגעשריגן דעם מאַשינאָווע ראָמאַנס: — סטריאַכניאָם יעוואָ פּראַך ס'נאַשיך נאָג... ס'האָט זיך מיר דעמאָלט געדאַכט ווי דער גאַנצער טראַקטיר מיט עולם זינגט מיט אונדז מיט און אָט מאַרשירן מיר שוין אַרוים פון „צאַרסקאָיע סיעלאָ" מיט געזאַנג צום בולוואַר...

:: :: ::

איך האָב קוים דערצויגן די צוויי טעג ביז דער גרויסער שעה. איך בין געזעסן אויף דער בולוואַר־באַנק מיט אַ פּאָר אינגלעך און מיידלעך אומבאַקאַנטע און געוואַרט די זון זאָל זיך אָנהויבן זעצן, ווי עס ווארט אויף דער פריוויטיקדיקער שקיעה אַ יונג ווייבל וואָס דאַרף צום ערשטן מאָל ליכט בענטשן. און אָט הויבן זיך אויף פון

די בענקלעך סטודענטן אין זייערע העל־גרויע שינעלן, מיט רויטע מיכלעך ארויסשטעקנדיקע פון אונטער די קעלנער. פּריילכס נעמען זיי אָן געאָרמט, ווי צום שפּאַציר און מיר אַלע — פון וואַנען האָבן מיר זיך עס גאָר גענומען אַזוי פיל! — הינטער זיי, אין רייען, און אָט זינגען מיר שוין... כאָטש זייער מאָדנע קלינגט עס דאָ דאָס ליד, מיט וועלכן מיר זאָגן זיך אָפּ פון דער אַלטער וועלט און מיר טרייסלען אָפּ איר שטויב פון אונדזערע פיס... איך דערקען נישט מיין אייגן קול, דאָס אינגלשע, געוואָרן איז עס דראָענדיק שאַרף, ווי מיט אייזן געריבן אויף אייזן, ווי איך וואָלט אין אַ שלאַכט געגאַנגען און מיין קול וואָלט מיין וואָפן געווען... אַלץ געדיכטער ווערט דער עולם פאַר אונדז, הינטער אונדז...

נאָר גאָר ווייניק דויערט דער איינדרוק פון שלאַכט אין געשלאָסענע רייען. באַלד האָבן זיך די רייען צעשאָטן אַקעגן אַן אַנדער געדיכטער מאַכט, וואָס האָט זיך אין דער טונקלקייט גערוקט אויף אונז: אַ ראָטע דאָנער קאָזאַקן, פון דער אַכטער דיוויזיע אויף זייערע פערד מיט די רויטע ליאַמפּאַסן אויף די שוואַרצע הויזנס, מיט זייערע פּיקעס און נאַגייקעס. אַזוי שנעל, געדענקט זיך מיר, איז דעמאָלט די נאַכט צוגעפאַלן, ווי די וועלט וואָלט גלייך פון דער שקיעה צו דער פינצטערניש אַריבער און אין דער פינצטערניש זיינען געשטאַנען אַזעלכע מאָדנע פייערן, רויכערדיקע, ווי הייזער וואָלטן געברענט און אָט די רויכערדיקע פינצטערניש האָט אונדזער דעמאָנסטראַציע, די ערשטע מאַי־דעמאָנסטראַציע אין אַדעס, איינגעשלונגען.

ווען איך בין אויפן צווייטן טאָג געקומען אין „צאַרסקאָיע סיעלאָ", האָב איך מיך דערוואוסט, אַז פון אונדזערע פעלט בלויז קאָסטיאַ, אונדזער קוואַרטירמייסטער, וואָס טראָגט אַ בלוי העמדל און מיר דאַכט זיך אַלץ, אַז ער טראָגט אַן אונטערגעהאַקט קאַפּאָטקעלע מיט אַ חסידיש שוואַרץ גאַרטעלע ארומגענומען... נאָר אַרעסטירט האָט מען גאָר אַ סך אַרבעטער און סטודענטן און די טורמע איז פול.

אַ היפּשע צייט איז דער געשפּרעך אויף אונדזער בערזע געווען די מאַי-דעמאָנסטראַציע, צי זי איז געווען געלונגען אָדער נישט. איך האָב געמוזט מודה זיין, אַז איך פיל זיך אַנטוישט, נישט צופרידן,

ווי איך וואָלט אַ גאָר אינטערעסאַנט בוך געגומען לייענען און אויפֿן סאַמע אינטערעסאַנטסטן אָרט, האָט מען עס ביי מיר צוגענומען...

:: :: ::

אַ פּאָר טעג נאָך דער דעמאָנסטראַציע, האָב איך דערפֿאַר באַ־קומען אַ שטיקל באַפֿרידיקונג. צום איינבינדערישן טישל, וואו איך בין געזעסן, איז צוגעקומען בערקאָוויטש, אַן אַלטער בחור מיט אַ פּאָר שטילע אויגן, און זאָגט מיר:

— פֿינקע! אַזוי דאַכט זיך הייסטו? היינט ביינאַכט איז ביי מיר תּנאָים, רוף איך צו מיר מענטשן, קיין משפּחה האָב איך דאָ נישט, וועלן מיר פּראַווען אַ שטיקל שמחה ביי קלמענקען אין שטוב, אין וואָולפֿס פּערעאולעק נומער 8. דו געפֿעלסט מיר, איך וויל דיך האָבן פֿאַר אַ חבר...

ווען איך בין געקומען צו קלמענקען אין שטוב, וואָס האָט זיך געפֿונען אין וואָולפֿס געסל, אויף דער מאָלדאַוואַנקע, האָב איך שוין געפֿונען דעם ברייטן צימער זייערע פֿול באַזעצט מיט יונגע בחורים און מיידלעך. ביים טיש, געדעקט מיט אַ ווייס טישטעך און אויף דעם צוויי אָנגעצונדענע ליכט, משקה און פֿאַרבייסן, איז געזעסן אויבן אָן בערקאָוויטש און לעבן אים אַ גאַנץ שיין מיידל אין ווייסן אויסגע־פּוצט. דער עולם איז געזעסן און געשמועסט צווישן זיך און געוואַרט. מען וואַרט אויף אַ חשובֿן גאַסט, הער איך. און אָט איז דער גאַסט שוין דאָ. ס'איז אָסיפּ וואָלינסקי, סודעט מען זיך. דער גאַסט, אַ מענטש פֿון מיטעלער הויך, מיט אַ טונקל זייער ערנסט פּנים, גייט צו צום טיש און באַלד פֿון אָנהויב, דעקט ער פֿאַר מיר אויף דעם גאַנצן שווינדל מיט די תּנאָים, וואָס איך האָב נאָך פֿריער חושד געווען. דער חתן איז קיין חתן נישט, די כּלה קיין כּלה נישט און די מחותּנים זיינען קיין מחותּנים נישט, דאָס זיינען אַלץ אַרבעטער און אַרבע־טאָרנס, וואָס מען האָט גערופֿן כּדי אויפֿצוקלערן וועגן דעם קאַמף וואָס די אַרבעטער פֿון דער גאַנצער וועלט פֿירן פֿאַר אַ בעסער לעבן. פֿאַר נישט מער ווי אַכט שעה אַרבעט אין טאָג און ווי אַזוי מען קען דאָס דערגרייכן, מיט אייניקייט, אַלע פֿאַר איינעם און איינער פֿאַר אַלע,

ווייל אַלע אַרבעטער זיינער ברידער און שוועסטער... אין אַנדערע לענדער האָבן די אַרבעטער אָפּן זייערע פּאַרטייען, זייערע דעפּוטאַטן אינעם פּאַרלאַמענט, וואָס זאָרגן פאַר גוטע געזעצן און ביי אונדז איז אַ זעלבסטהערשאַפט, נישטאָ קיין פּאַרלאַמענט, די פּאַרטייען זיינען פאַרבאָטן, מוז מען פירן אַ קאַמף אַפּצושאַפן די צאַריסטישע אָרדע־נונג און דאָס טוט די רוסישע סאָציאַל דעמאָקראַטישע פּאַרטיי...

באַלד נאָך אים, האָט זיך אויפגעשטעלט איינע פון די מיידלעך, אַ מינסקער ליטוועטשקע, און גענומען דערציילן ווי אַזוי אין מינסק זיינען שוין אַלע אַרבעטער אָרגאַניזירט און מען פירט שטרייקן, אויך די שניידער־מיידלעך און די זאָקנמאַכערקעס... איך האָב דאָס שוין אַלץ געוואוסט, נאָר איך האָב די רייד געשלונגען ווי מען שלינגט פרישע קוואַל־וואַסער און נישט אַזוי די רייד האָב איך געשלונגען ווי די אַטמאָספער פון אַזאַ גרויסער ברודערשאַפט און געטריישאַפט, וואָס נידערט אַראָפּ אויף דער ערד, די אַטמאָספער וואָס רופט זיך סאָציאַליזם, גערעכטיקייט, אַ שיינע ליכטיקע וועלט, וואָס קומט פאַר־ביימן די וועלט פון אומרעכט... איך האָב געפילט ווי מיין פּנים איז צעשטראַלט און אין מיר זינגט אויף עפּעס אַזעלכעס וואָס זאָל איך דאָס פריילאָזן, וועט דאָס ביזן הימל זיך הויבן...

מען האָט געטרונקען לחיים ווי שוועסטער און ברידער. איך האָב מיך ערשט איצט צוגעקוקט צו די מיידלעך, אַנדערע — געוויינלעכע מיידלעך, שניידער־מיידלעך, קאָנפעקטן וויקלערנס, און אַנדערע אַזעל־כע פּעסטע „קאַזאַטשקעס" מיט בריענדיקע אויגן, זיי אַרבעטן אין זייף־פאַבריקן, אין לעכט־פאַבריקן אויף דער סלאָבאָדקע...

:: :: ::

פון דאָרטן האָט זיך עס טאַקע גענומען, וואָס איך בין אין עט־לעכע טעג אַרום געוואָרן אַן אַרבעטער אין אַ פאַבריק פון סטעאַרין־לעכט. ביי די „תנאים" איז אויך געווען דער מייסטער פון דער פאַב־ריק, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער סלאָבאָדקע, אַ מייסטער, וואָס האָט געאַרבעט אויף עטלעכע מאַשינעס, און ער האָט מיר, ווי אַ ברודער, געהייסן קומען אין פאַבריק, מיר ווייזן די אַרבעט און אָפּ־

טרעטן פאר מיר צוויי מאשינען. די ארבעט איז גאר א גרינגע: מען גיסט אן דעם פליסיקן סטעארין אין די מאשין־רערן, מען לאזט אים עטוואס אפקילן, דערנאך גיט מען א שנייד אונטער מיט א שארפן לאפאטע־מעסער די באזע־זייט פון די לעכט, וואס אין דער מאשין איז זי פון אויבן און מיט א שערל שערט מען איבער די קנויטן, וואס שטעקן ארויס פון אונטן.

איך האב אין דער פאבריק אפגעארבעט א פאר וואכן, ביז דער מייסטער האט מיר דערקלערט, אז אזוי ווי איך קען שוין ארבעטן אויף עטלעכע מאשינען, איז גלייכער איך זאל מיר זוכן א פלאץ אויף א פאבריק, וואו איך זאל פארדינען ווי איך האב דאס די ווערט...

מער ווי דאס האב איך פון דעם מייסטער נישט געקענט דערווארטן. אסיפ וואלינסקים לערע וועגן אלע פאר איינעם און איינער פאר אלע, וואס דער מייסטער האט באקומען אין יענער נאכט אין שטוב ביי קלמנקע, דעם קלעפער אין וואולפס געסל, צווישן די ארבעטער־מיידלעך מיט זייערע ברענענדיקע אויגן, האט זיך פון אים אין די פאר וואכן אויסגעדעמפט. צוויי „סטאנקעס" לעכט (א טשערניגאווער איז ער געווען און דער מערצאל פון „סטאנאק" איז ביי אים ארויסגעקומען „סטאנקעס", ווי פון „הודאק" — „הודקעס" און פון „קאטיעלאק" — „קאטיעלקעס"), וואס ער האט פאר מיר אפגעטראטן יעדן טאג, האבן זיך ביי אים שטארק אנגעזען און האבן ביי אים מער די ווערט געהאט ווי די ארבעטער־סאלידאריטעט און אפילו ווי די פריינטשאפט פון דעם שיינעם מיידל, וואס האט מיך יענעם אוונט רעקאמענדירט צו אים אלס אירן א קרוב. איך האב דאס אלץ אין דעם איינעם אויגנבליק דורכגעטראכט. און אזוי ווי דאס איז געווען נאך דער „פאלוטשקע", אויף מארגן נאכדעם ווי איך האב אפגענומען די שכירות און באצאלט פאר דער דירה, וואס איך האב געדונגען אויף דער סלאבאדקע, בין איך ארויס פון דארט א ליידיקער און א ליידיקגייער. בגפו יבוא ובגפו יצא, האב איך עם פארטייטשט ביי מיר מיט א פסוק און דער וועכטער ביים טויער האט עס באשטעטיקט ער האט מיך גוט ארומגעטאפט, מער ווי אן אנדערשמאל ביים ארויסגיין פון דער שמאלער „פערטקע" אינעם פאבריק־טויער,

און האָט ביי מיר גאָרנישט נישט געפונען. צופוס בין איך אוועק פון דאָרט גלייך אין „צארסקאָיע סיעלאָ".

:: :: ::

געטראָפן האָב איך דאָרט זיצן ביי א „פאָרל טיי" און צוביסן א בייגל, דעם חבר משה נאדזיראַטעל. ווער ווייס פונוואנען ער האָט באַקומען אָט דעם צונאָמען און ווער ווייס פונוואנען ער האָט געהאט אויף טיי מיט בייגל. א פעסטער בחור איז ער געווען, עטוואָס העכער פון מיטלוואוקס, מיט ברייטע פלייצעס, א רויטער מיט א פול פנים זומער־שפּרענקלעך און האָט צווישן די מאַלערעס געשפּילט די זעלבע ראָל ווי יאַסעלע קאַלטון צווישן די איינבינדער: דער צענטראַלער פונקט פון דער אַגיטאַציע אין דעם פאך. דער חילוק איז געווען וואָס יאַסעלעס צוציאונגס־קראַפט איז געווען זיינע לידער, בעת משה נאדזיראַטעל פלעגט ארום זיך פאַרזאַמלען דעם עולם מיט זיינע הייסע דיסקוסיעס.

ער פלעגט דיסקוטירן מיט וויינשטאָקן און יאַשקע דעם גלייזער פון „אים אין אני לי מי לי" קעגן ציוניזם און מיט כאמל דעם טשעכאַנאָווער קעגן בונדיזם. אין דער היץ פון דער דיסקוסיע פלעגט ער נישט איבערקלייבן אין אַרגומענטן און שלאָגן די ציוניסטן מיט בונדיסטישע טענות און די בונדיסטן מיט ציוניסטישע.

— מען שלאָגט אידן, מען מאַכט פּאָגראָמען — פלעגט ער זיך צעשרייען — איז דערימעך? אָט שלאָגט מען ארבעטער, מען צעשיסט זיי ממש, וואָס איז, זיי ווילן נאָר אַכט שעה ארבעט, מען שיסט זיי אין מאָסקווע, אין טווער, אין ווארשע, אין לאָדז, נו איז וואָס? אנטלויפן זיי? זוכן זיי זיך א אַנדער לאַנד? פאר זיך אַליין?...

כאמל פלעגט שטיין דערביי און אָנקוועלן:

— דאָס טענה איך דאָך!...

נאָר משה נאדזיראַטעל פלעגט אים נישט פאַרגינען די פרייד:

— און איר, בונדיסטן, וואָס ווילט איר? איר אַנטלויפט נישט, נאָר איר זונדערט אייך אָפּ. איר דאַרפט א באַזונדער אָרגאַניזאַציע, באַזונדערע פּראָפעסיאָנעלע סאָיוזן, באַזונדערע מאַניפעסטאַציעס ווילט

איר מאכן... וואס איז, די גוישע ארבעטער, זאגט איר, האבן פיינט די אידישע...׳ איז דערויף אגיטירן מיר דאך קעגן אנטיסעמיטיזם, איז דערויף ארגאניזירן מיר דאך די רוסישע ארבעטער קעגן די פאגראמען... לויט אייך קומט אויס, אז די שנאה פון גוי צו איד איז אן אייביקע. מיט וואס זשע זענט איר בעסער פון די ציוניסטן?... דערמיט וואס איר זאגט, אז אן אייגן לאנד פאר אידן, איז אן אילוזיע... ממה נפשך, זיינען אידן א באזונדער פאלק, גיט אים א פערספעקטיווע!...

— אט דאס טענה איך דאך! — רופט זיך דערויף אן ווייגשטאק.

— נו, און די פראפאגאנדע אויף אידיש איז ביי אייך גארנישט?

— האלט נישט אויס כאמל.

— און מיר ריידן דער טאמעריש, וואס? די „איסקרא״ דרוקט דען נישט קיין אידישע פראקלאמאציעס צו די אידישע ארבעטער?... און דער „בונד דרוקט דען נישט זיין פראפאגאנדע אויף רוסיש? א שיינע מעשה, כ׳לעבן, אנומלטן טרעף איך מיך אין „יבנה״ מיט א קיעווער בונדעוועץ, רעדט ער צו מיר רוסיש און נעמט מיט מיר דיסקוטירן. זאג איך אים: הערט אויס, ר׳ איד, מילא א ציוניסט רעדט צו מיר רוסיש ווען ער דיסקוטירט, פארשטיי איך, ער רעדט נישט קיין דברי חול אום שבת, העברעיש קענען מיר ביידע נישט און אידיש איז די מארק־שפראך.. אבער איר?... נעמט ער זיך פאר מיר פארענטפערן: „ווי מניע פאוויעריטיע... איר פארשטייט, ער איז אן אינטעליגענט, רעדט ער נישט קיין אידיש... אידיש לאזט ער איבער פאר אונדז, פאר די פשוטע ארבעטארער... און איצט, זאגט איר מיר: מאטווייען קענט איר? ער קומט אמאל אריין אהער. ער איז אויך א קיעווער, ווייסט איר אז ער איז א גוי? און אויך אן אינטעליגענט!... איר האט אמאל געהערט ער זאל דא ריידן רוסיש? אט האט איר אייך ווי א גוי פארשטייט די זאך גאנץ פשוט. ער וויל נישט זיין צווישן אונדז קיין פרעמדער, רעדט ער אונדזער שפראך, כאטש ער ווייסט, אז אלע פארשטייען מיר זיינע...

די דיסקוסיע וואלט זיך פארצויגן ווער ווייס ווי לאנג, ווי עס

טרעפט זיך, אין אזעלכע לײדיקע טעג, װען װײנשטאָק נעמט נישט נאָכמאַכן װי אַן אַדעסער גױ זינגט אַ אידיש לידל:

„גירע געלט, אױ, גירע געלט... גירע געלט דאַרף מע צולן... פּערװע קומט דער באַלעבוז... גירע געלט דאַרף מע צולן... גיבעך אים אַ כװײג אין נוז... גירע געלט דאַרף מע צולן... קימט אַרײַן דער גאַר־דאָװאָי... זא כװאַר מוירע, באָזשע מאָי... גירע געלט דאַרף מע צולן...” ער זינגט און װיגט זיך דערבײַ צום טאַקט, מיט די הענט בײַ די זײַטן אױסגעקײַלכיקט װי צװײ אױערן פֿון אַ קרוג. די אױדיטאָריע איז שױן איצט אײַנגאַנצן זײַנע און עס גײען אַװעק לידלעך נאָך לידלעך: „אױ װײ מאַמע, מאַך מיר כאַסענע”, „אַברהמעלע מלמד, כ'האָב צו דיר אַ טענה”, „איך בין געפֿאָרן קײן אַדעס אױף דער מאָלדאַ־װאַנקע און האָב געטאַנצט אַ פּאָלאָנעז מיט אַ שאַרלאַטאַנקע”... עס קומט אַרײַן פּיװוקע און צעזינגט זיך מיט אַ גנביש לידל: װאַניאַ פּאַרען ביל פֿריגאָזשע, נאַ סקאַטשאָק אַן סטאַל כאַדיט, נאַ סודבאַ יעװאָ טאַקאַיאַ, מענטאַ שמירן איך סליעדיט... טשאָיו סאַבאַר מעניע נאַדאַ... ס'איז פֿרײלעך אין „צאַרסקאָיע סיעלאָ”... אַזױ גײען די טעג אַװעק, מיט אַ גלאָז טײ, מיט דיסקוסיעס, מיט לידלעך, הפקרדיקע און רע־װאָלוציאָנערע... עס יאָװעט זיך אַרײַן איציקל, אַ שטאָט־משוגענער, װאָס קען נישט זען ליגן אַ שטיקל פּאַפּיר אױף דער ערד, ער מוז עס אױפֿהײבן און אױב עס איז פֿאַרשריבן, אױפֿן אָרט דאָס איבערלײענען און אַרײַנלײגן אין קעשענע. ער שטעלט זיך אַװעק פֿאַר אונדזערס אַ טישל און נעמט זאָגן גראַם. אַלץ גראַמט זיך בײַ אים, ער רעדט גאָר נישט אָן גראַם, אַזױ אַ שעה נאָכאַנאַנד, און מישט דערבײַ אױס אַלע שטאָט־נײַעסן. געװײנלעך קומט ער אַרײַן אין טראַקטיר נאָכדעם װי מען טרײַבט אים דורך פֿונעם װײנקעלער אונטן און מען װיל דאָרט נישט אױסהערן זײַנע גראַמען. נאָך אַזאַ גאַסטראָל װערט אומעטיק און שטיל אין טראַקטיר און עס דערמאָנט זיך אַז דער מאָגן איז לײדיק.

:: :: ::

אין אײנער אַזאַ מינוט, רופֿט זיך אָן צו מיר משה נאַדזיראַטעל, װעלכער איז אױך אַמאָל געװען אַן אײַנבינדער און אין די טױטע סעזאָנען איבערגעטון אַלע מינים אַרבעטן:

— פאַרוואָס שטעלסטו זיך נישט פאַר אַן „אוטשעניק" אין אַ פּעקאַרניע?

— וויפל מלאכות דאַרף עס אַ מענטש קענען? — ענטפער איך דערויף.

— האָב קיין מורא נישט, מען וועט דיך דאָרט גאָרנישט נישט אויסלערנען. וועסט נאָר דאַרפן באַשמירן די ברויטן מיט איי־וואַסער פון אויבן איידער מען זעצט זיי אַריין אין אויוון, אונטערשמירן די בעקנס, אַרויסשלעפּן הייסערהייט די קוילעטשן פון די פאָרמעס און פונאַנדערפירן דאָס ברויט צווישן די קונדן. דערפאַר באַקומט מען צען רובל אַ חודש און ברויט צום עסן וויפל דו ווילסט, קענסט קייען אַ גאַנצן טאָג, נאָר נישט אַרויסטראָגן.. בעקעריי — גיט ער צו — האָט נישט קיין טויטן סעזאָן, עסן עסט מען אום זומער ווי אום ווינ־טער... ס'הייסט מען דאַרף עסן — פאַריכט ער זיך — טיי מיט ברויט עסט אפילו אַן איינבינדער אום זומער און אַ מאָלער אום ווינטער...

ער האָט גערעדט ווי אַ דערפאַרענער מענטש, זיינע קלוגע רייד זיינען מיר געגאַנגען גלייך אין מיין לייזדיקן מאָגן אַריין. מיר איז גע־קומען פאַר די אויגן די בעקעריי פון דאַוויד אויסטרייך לעבן דער שאַלאַשנער שיל, וואו איך גיי אָפט פאַרביי און בין אַהין אַוועק.

דער פאַרוואַלטער מיט דער בעקעריי, האָט אַ קוק געטון אויף מיר און איך בין אים געפעלן. ער האָט אויף מיין פּנים איבערגע־לייענט, אַז איך בין נישט קיין אַדעסער און בין פון אַ ליטווישער שטוב... צו די אַדעסער האָט ער קיין מזל נישט געהאַט; זיי האָבן אים אַלע באַגנבעט ביים פונאַנדערפירן דאָס געבעקס און געטראָגן ברויט אַהיים...

אין דער בעקעריי האָב איך געאַרבעט אַזוי לאַנג ביז איך האָב כוח געהאַט. שלאָפן פלעג איך אין דער בעקעריי, זיך צושפּאַרן ערגיץ אין אַ ווינקעלע אין דער צייט צווישן איין אויוון ברויט און דעם צווייטן. געווען זיינען אפילו באַקוועמערע ערטער צום שלאָפן, מען האָט זיך געקענט אויסציען אויף אַ לייזדיקער פּאָליצע נאָזנדיק, נאָר די ערטער זיינען געווען פאַר פּריווילעגירטע, פאַר די בעקער־יונגען,

וואָס פּלעגן זיך דאָרט אויסציען נאַקעטע, פּאַרמעליקטע, מיט אַ זאַק פּאַר אַ פּאַרטעך אָדער גאָר אָן אַ פּאַרטעך, ווי די לאָשעקעס...

ברויט האָט נישט געפעלט און אָנבייסן פלעג איך מיך אריבער־כאַפּן קעגנאיבער, אין „מעכלס רעסטאָראַן", און אָפּעסן אַ האַלבע פּאָרציע זשאַרקאָיע מיט אַ האַלבער פּאָרציע צימעס אָדער אַ טעלער זופּ פון פערלגרויפּן. שלעכט איז נאָר געווען ווען איך האָב באַדאַרפט אָוועקפירן אַ פול האַנט־וועגעלע מיט ברויט אין די ברויט־קלייטלעך פון די הינטער־וואָקזאַלנע גאַסן.

ווען נישט דאָס, וואָלט איך מיך אַרויפגעאַרבעט אין דער בע־קעריי, איך וואָלט אפשר געוואָרן אַן „אופּראַוולִיאַיושטשי", ווי עס פלעגט מיך מונטערן דער פּאַרוואַלטער, אַ איד, וואָס האָט געקענט אין די קליינע אותיותלעך און זיך געוואָרפן מיט לשון קודש ווערטער, ווי „מה שיעשה הזמן לא יעשה השכל", „עת לכל חפץ", ווי ער וואָלט זיך וועלן פאַר מיר אויספּיינען. ער האָט אַמאָל באַמערקט אין בוזים־קעשענע ביי מיר אין רעקל, וואָס איך פלעג מיר אונטערלייגן צוקאָפּנס פאַר אַ קישן אויפן שטיינערנעם פּאָל, אַ זשורנאַל אַ העברעישן, דעם „על פרשת דרכים", וואָס איך פלעג באַקומען ביי מאיר קוויטקאָ. פון דעמאָלט אָן פלעגט ער זוכן מיט מיר אַ וואָרט אויסצוריידן און מיך איינריידן איך זאָל אַביסל צובידעווען...

נאָר איינמאָל, ווען ער האָט אָנגעלייגט אַ פול וועגעלע מיט ברויט און פונקט אינמיטן וועג הינטערן וואָקזאַל, בין איך שטיין געבליבן, ווי די פערד אונטערן באַרג, און האָב דעם וואָגן נישט געקענט רירן פון אָרט, נאָך דעם ווי איך האָב ביטער „געבידעוועט" פון דער בע־קעריי אָן, האָב איך צוגערופן אַ „גאָראָדאָוואָי" (אַ פּאָליצמאַן) אי־בערגעלאָזט דאָס וועגעלע מיט ברויט אויף זיין השגחה און בין אוועק זאָגן דעם פּאַרוואַלטער, אַז איך קען מער נישט „בידעווען", ער זאָל שיקן אַ שטאַרקערן פון מיר רירן דאָס וועגעלע...

ווידער זיץ איך אין „צאַרסקאָיע סיעלאָ". דער טויטער סעזאָן אין דער איינבינדעריי דערלעבט גאָרנישט אויפצולעבן. מאַלעריי אָבער פלאַמט שוין. מען ראָט מיך איך זאָל ווערן אַ פּאַפּיר־קלעפּער, אַזוי ווי מיראָן האָט געטון. נאָר פריער מוז מען זיך שטעלן פאַר אַ „שמיר־רער", דאָס הייסט פאַר אַ געהילף ביי אַ קלעפּער, שמירן די פּאָלעס

פּאַפּיר; אָבער אַזוי לאַנג קלעפּעריי ברענט נאָך נישט, אַרבעטן די קלעפּער אָן אַ שמירער...

— אפשר וואָלסטו גאָר געוואָרן אַ מאַלער? — רופט זיך אָפּ צו מיר איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט מאיר קוויטקאָ, וועלכער איז געזעסן נאָך דער אַרבעט ביי אַ טישל מיט אַ פּאָרל טיי, געקייעט אויף ביידע באַקן שוואַרץ ברויט און זיך נישט פאַרגונען מפסיק זיין אינעם לייענען. געלייענט האָט ער מענדעלעס „ספר הקבצנים", וואָס איז דעמאָלט געהאט דערשינען.

— דו גיב מיר פריער אַ קוק טון ווי אַזוי פּישקע דער קרומער רעדט העברעיש, דערנאָך וועל איך מיט דיר ריידן פון מאַלעריי.

געמיינט, אַז דאָס איז אַ שטאָך־וואָרט אויף העברעיש, וואָס איך האָב שוין דעמאָלט גענומען קוקן דערויף ווי אויף מיינער אַ יוגנט־זינד און דערציילן טאַקע דעם חבר מאיר קוויטקאָ, ווי אַזוי די טי־ראַספּאָלער וואָוילקענעוודיקע אינגלעך, צווישן וועלכע איך פלעג שפּאַ־צירן אינעם טיראַספּאָלער בולוואַר, פלעגן אויפן קול צווישן זיך ריידן: „מדוע לא באת אתמול לביתי" און זיך אומקוקן צי האָבן די שפּאַ־צירנדיקע מיידלעך געהערט... — געמיינט, אַז איך לאַך פון העברעיש, גיט ער מיר צוריק אַ שטאָך:

— פּישקע דער קרומער רעדט אַזוי גוט העברעיש ווי באַנציע שווייג...

געוואָלט האָט ער דערמיט זאָגן, אַז מענדעלעס פּישקע האָט אַזאַ רעכט איבערגעזעצט צו ווערן אויף העברעיש, ווי פּרצס ווערק, וואָס „תושיה" האָט אַרויסגעגעבן אין העברעיש נאָך מיט אַ יאָר פריער.

דערהערט, אַז מען רעדט פון באַנציע שווייג, האָט זיך צוגע־רוקט צו אונדז כאַמל דער טשעכאַנאָווער, דער בוגדאַוועץ פון „צאַרס־קאָיע סיעלאָ", און אַ צי געטון צו זיך דאָס צעעפנטע ביכל און גע־נומען מעיין זיין דערין, ווי אַ בית מדרש בחור, מיט דעם קאָפּ אויף אַ זייט. און אַ היפּשע ווײַלע האָבן מיר אַלע דריי, זיצנדיק ביים טישל און זופנדיק דעם לשון קודש פון „ספר הקבצנים", טאַקע געמאַכט דעם איינדרוק ווי מיר וואָלטן אינדרייען געשטאַנען איבערגעבויגן איבער אַ גמרא אינעם בית מדרש און געזאָגט אַ שיעור. העכער פון

אַלע און מיט אַ חסידישן ברען, האָט געזופּט מענדעלעס לשון קודש
דער בונדאָווער.

דעם אַנדערן טאָג האָב איך שוין געהאַלטן אַ היפּשן מאַלער־
פּענזל אין דער האַנט און אונטער דער השגחה פון די ביידע לשון
קודש חברים פון „צאַרסקאָיע סיעלאָ", געשמירט מיט רויטער פאַרב
דאָס הילצערנע וואָקזאַלכל ביי די לימאַן־בעדער. אגב, האָב איך גע־
קענט האַלטן אַ פּענדזל אין האַנט סיי אַלס איינבינדער און סיי פון
מיין לערע ביים שילדן־מאַלער.

:: :: ::

אומגעריכט, האָב איך אין אַ פּאָר טעג אַרום, דאָרט טאַקע ביי
דער אַרבעט, געהאַט אַ גאַסט. מיין טאַטע איז געקומען און נאָך
איצט דערקלער איך מיר נישט ווי אַזוי ער האָט זיך דערוואוסט וואו
איך אַרבעט. איך וויים נאָר, אַז ער איז אַוועק פון דאָרט אַ צופרידע־
נער. ערשטנס, האָט מיך אָפּגעלויבט פאַר אים דער אויפזעער איבער
דער אַרבעט, אַ פּאָלאַק אין אַ לאַנגן סערדעט, מיט אַ האַרטן קאַפּע־
ליוש און מיט אַ פּראָפעסאָרישער באָרד, וואָס האָט מיר דערמאָנט
אונדזער לאַנג פאַרשטאָרבענעם גראָסעלער דאָקטער סוויענציצקי, דער
פּאָטער פון מיינע צוויי גוישע חברימלעך סאַשאַ און קאָסטיאַ, און
דערמיט שוין אויך דעם פּאָלאַק פון מענדעלעס דערציילונג „שם ויפת
בעגלה" מיט דעם לאַנגן און שווערן נאָמען, וואָס האָט ביי מיר גע־
טראָגן די געשטאַלט פון דעם דר. סוויענציצקי. אַלס דעם איינציקן
פּאָלאַק, וואָס איך האָב געקענט, בעת איך האָב די דערציילונג גע־
לייענט. געלויבט האָט מיך דער אויפזעער פאַר מיין אַרבעטזאַמקייט.
ער האָט, קענטיק, נישט געוואוסט, דער אויפזעער, אַז מיין אַרבעט־
זאַמקייט איז נישט מער ווי דער ענטוזיאַזם פון דעם „נעאָפיט", פון
דעם ניי־באַקערטן, אַז דאָס האָב איך מיך צוגעכאַפּט צו דער נייער
מלאכה מיט דעם ברען פון אַ לערן־אינגל. צווייטנס, האָב איך מיין
טאַטן באַקענט מיט מיינע צוויי חברים ביי דער אַרבעט, מאיר קוויט־
קאַ און כאַמל טשעכאַנאָווסקי. און אַז ער האָט זיך צערעדט מיט זיי
און האָט דערהערט דעם ערשטנס האַלב העברעישן פּאָדאָליער אידיש

און דעם צווייטנס בית מדרש אידיש מיט זיין „קודם", „לעולם", „שמע מינא" און „לא כל שכן", האָט ער פאַרשטאַנען, אַז איך בין נישט אַזוי הפקרותדיק ווי עמיצער האָט אויף מיר אָנדערציילט.. ביים געזעגענען זיך, האָט ער מיר געזאָגט: איך זע, אַז דו געדענקסט דעם מאמר „עשה לך רב וקנה לך חבר"...

נאָכדעם ווי מיין טאַטע איז אַוועקגעגאַנגען, איז צוגעקומען צו מיר דער אויפזועער, דער פּאָלאַק מיט דער פּראָפּעסאָרישער באָרד, און זאָגט מיר:

— גאָספּאָדין קאַץ, אַ וואָס אָטיעץ — זשיד יאַנקעל, ניע גאָ־גאָליאַ אַ מיצקעוויטשאַ!... אייער פאָטער — הייסט עס — איז נישט גאָגאָלס זשיד יאַנקעל, נאָר מיצקעוויטשעס.

איך האָב מיך געכאַפּט, אַז מיין טאַטע האָט דעם אויפזועער אודאי דערציילט וועגן מיר, אַז איך בין אָנגעלייענט אין דער וועלט־ליטעראַטור און אַז עס קען זיך מאַכן אַז אין דעם אויפזועערס באָרד ליגט טאַקע אַ ליטעראַטור־קריטיקער; נאָר פאַר אַלעמען האָב איך געזען דעם פּאָלאַק, דעם אויפגעקלערטן, דעם ליבעראַלן — אַלע פּאָ־לאַקן אין רוסלאַנד זיינען דעמאָלט געווען ליבעראַל און פּראָגרעסיוו און אַפילו סאָציאַליסטיש געשטימט — אָבער נישט ווייניקער באַריי־מערישן, טאַקע פון מענדעלעס „שם ויפת בעגלה"; אַז ער וויל מיר דערמיט זאָגן, אַז אין דער פּוילישער ליטעראַטור האָבן די אידן אַ בעסערע מערכה ווי אין דער רוסישער; ווען ביי גאָגאָלן איז יאַנקעל אַ נישטיק אידל, אַ פּחדן, וואָס באַהאַלט זיך אוים אונטער דעם ווייבס ספּאָדניצע, איז מיצקעוויטשעס יאַנקעל, אין זיין נאַציאָנאַלער עפּאָ־פּייע „פּאַן טאַדעוש", אַ העלד, אַ באַגייסטערטער און באַגייסטערנ־דיקער מענטש, ממש אַ זשעני, וואָס איז פון זיך געוואָרן אַ גרויסער מוזיקער...

איך האָב נישט געוואוסט וואָס פריער צו זאָגן דעם אויפזועער, וואָס האָט מיך אַזוי אומגעריכט אָפּגעשטעלט מיט זיין פראַזע פון אַ ליטעראַטור־קריטיקער, בעת איך בין איבערגעגאַנגען פון איין אָרט אויפן צווייטן מיט מיין קעסעלע פאַרב און מיט דעם פּענדזל אין דער האַנט; מיר האָט זיך געוואָלט אָפּענטפערן, אַז אַ חוץ מיצקעוויטשן און מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ און נאָך אַזעלכע, האָב איך געלייענט אויך

קראסינסקים „נישט געטלעכע קאָמעדיע", וואו אידן ווערן ארויס־געשטעלט אַלס שונאים פון פוילישן פאָלק און פון קריסטן בכלל...

נאָר, ווען יענער איז צו דיר אזוי זיס, קענסטו דאָך אים נישט זאָגן: איך וויל נישט דיין האָניק און וויל נישט דיין גיפט... איך האָב אים דעריבער בלויז געדאַנקט פאר דער גוטער מיינונג וועגן מיין טאַטן און אָנגעמערקט, אז גאָגאָל איז נאָך נישט די גאַנצע רוסישע ליטעראטור און אַוודאי נישט דער פארטרעטער פון דער היינטיקער רוסישער געזעלשאַפטלעכער מיינונג...

דאָס איז געווען גענוג ער זאָל אין מיר דערזען אַ חוצפּהניק און מער האָט ער מיט מיר וועגן ליטעראטור נישט גערעדט. נאָר ביים אויסצאָלן מיר סוף וואָך, גאַנצע צוויי קאַרבן אַ טאָג, האָט ער מיר צוגעוואָרפן:

— און איר האָט אזא אינטערעסאַנטן פאָטער!...

:: :: ::

דאָס האָט געקענט הייסן, אַז איך בין פאר אים נישט אינטער־רעסאַנט און... אויך איך האָב אָנגעוואוירן יעדן אינטערעס אין אים און אין זיין ארבעט: איך בין אַ גביר פון גאַנצע צוועלף קאַרבן פאר דער וואָך ארבעט... פונאַנדערגעצאָלט זיך, אָפּגעצאָלט די הלוואהלעך, ארויסגענומען דאָס וועש און וואָס נאָך דאַרף איך?! ווען עמיצער אַ גראָסעלער זעט מיך יענעם שבת פארנאַכט, ווי איך האַלט אַ פּוס אויף דעם שמיוולפוצערס בענקעלע פאר דער טיר פון „צארסקאָיע סיעלאָ" און זינג מיר אזוי וואוילעריש אויפן קול: אוי וויי מאַמע, מאַך מיר חתונה..., וואָלט ער מיט רעכט געקענט דערציילן מיין טאַטן, אַז זיין פּיניע איז אין אַדעם געוואָרן אַ הפקר־יונג... און אפשר האָט עמיצער אויך געזען און אפילו דערציילט... נאָר מיין טאַטע וואָלט יענעם שוין נישט געגלויבט...

אַז איך האָב אַזעלכע ליטישע חברים, איז עס אויסגעשלאָסן!...

יענעם אויפדערנאַכט האָב איך שוין אויך געקראָגן נייע ארבעט. בעסין שטעלט זיך מאָנטיק קלעפּן אַ גרויסע „פּאָסטרויקע" אויף דער ניעזשינסקע לעבן אוניווערזיטעט, דאַרף ער האָבן אַ שמירער. ביז

איצט האָט ביי אים געשמירט מיראַנטשיק, איצט ווערט מיראָן אַליין, ביי אים טאַקע, אַ קלעפּער, רעקאָמענדירט ער מיך צו כעסינען.

כעסין טרינקט טיי אין דער דוואָריאַנסקע, דאָס הייסט, אינעם קליינעם זאַל, וואו עס קאָסט נישט אַכט, נאָר צען קאָפּיקעס אַ „פּאָרל טיי" און די טישלעך זיינען דאָרט פאַרשפּרייט מיט טישטעכלעך. אין דוואָריאַנסקע איז דער עולם אַ געקליבענער. נישט נאָר איז כעסין אַ שטיקל „פּאָדריאַטשיק", אַן אונטערנעמער, הייסט עס, נאָר ער איז אויך אַ שיינער יונג, אַ געוויקסיקער בלאָנדין, און וויל זיך גאָרנישט אָנקערן, נישט מיט די סיפיליטישע „געטער", וואָס גיסן אין זיך טיי־גלעזער בראָנפן און נישט מיט די דיסקוטאַנטן און זינגער פון די לי־דער וועגן נויט און קאַמף לעבן דער שפּיל-מאַשין. און אפשר קער ער זיך יאָ עפּעס אָן מיט זיי, סיי מיט די און סיי מיט יענע, וואָרום זיינע נאָנטע מיטאַרבעטער זיינען די שיינע צוויי ברידער מעכל און אַראָנטשיק, מיט די סיגנעטן אויף די פינגער, און פאַר זיך אַליין אַ געהילף, אַ שמירער, זוכט ער גראָד צווישן די יונגעלייטלעך מיט די בלויע און רויטע העמדלעך.

אַריינגעקומען אין דוואָריאַנסקע, איז מיר געוואָרן אַביסל אומ־באַקוועם. מיט כעסינען ביי איין טישל זיצט מיינער אַ גראָסעלער, אברהם קויפמאַן, יאָקל לייוונטהענדלערס איידעם.

— וואָס טוט איר דאָ? — פרעג איך מער מיט די אויגן.

— וויפיל איז דער שיעור צו זיצן אין גראָסעלעס און טאַפּן אַ וואָגן? — ענטפערט ער מיר — האָבן מיר זיך אַריבערגעקליבן אַהער... מיר וואוינען אויף דער מאַלאָראָסייסקע — און ער שרייבט מיר טאַקע באַלד אויף זיין אַדרעס — זיאַמע איז אויך מיט אונדז...

זיאַמע איז זיינער אַ שוואָגערל, מיין ברודער יאָסלס אַ חבר, גע־לערנט אינאיינעם ביי יאַנקל בלאָך, און איך ווער געוואויר, אַז ער, אברהם קויפמאַן, איז אַ „מענטש" ביים קאָנסטרוקטאָר פון דער גע־ביידע, ביי פאַסאָלקינען, דאָס וואַרטן זיי טאַקע אויף אים... זיאַמע האָט נאָך נישט וואָס צו טון... אפשר קען איך עפּעס געפינען פאַר אים אַן אַרבעט...

מיר לויפט דורך אין קאָפּ די גרויסע רעוואָלוציע, וואָס איז ביי אונדז אין גראָסעלעס פאָרגעקומען אין די פאָר יאָר זינט איך בין פון

דאָרט אוועק. באַלעבאַטישע איידעמס, באַלעבאַטישע קינדער, צעלויפן זיך פון שטעטל, ווערן „מענטשן" ביי יענעם, זוכן ארבעט אין שטאָט... טעאָרעטיש איז מיר דער ענין באקאנט. ס'איז די גרויסע אויסוואַנדערונג וואָס גייט פון דאָרף אין שטאָט, וואָס ציט נאָך זיך אויך דאָס שטעטל. נאָר די פּראַקטיק, וואָס שטעכט מיר ממש די אויגן, צעשרויפט מיך. אברהם יאָקלס, זיאמע יאָקלס... די שיינע פרומע יאָקלס, וואָס האָט געלייענט מענדעלע און שלום עליכם, וואָס איר אויסגעניי האָט געשמט איבערן שטעטל... איצט זיינען זיי איינוואוינער פון ערגיץ אַ קויטקן הויף אויף דער מאָלדאַוואַנקע, צווישן אדעסער אָרימקייט און מיאוסקייט...

מיט כעסינען מאַך איך עס בקיצור: מיראָן האָט מיך רעקאָמענדירט צו אייך, איר דאַרפט האָבן אַ שמירער.. איך דאַרף אייך זאָגן, אַז איך האָב נאָך ביז איצט נישט געשמירט, נאָר איך בין אַן איינבינדער און איך ווייס וואָס ס'הייסט פּאַפּיר און פּאַפּ...

— מער דאַרף מען נישט, — זאָגט ער מיר דערויף, — קומט מאָנטיק אין דער פרי אויף דעם אדרעס, איכ'ל אייך צאָלן אַזוי פיל וויפל איך האָב געצאָלט מיראָנען, אַ רובל מיט צוואַנציק...

דעם זונטיקדיקן טאָג האָב איך שוין פאַרבראַכט ביי מיין בן עיר, אין אַן אַלטן הויף, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ ריזיקער טויבנשלאַק פון אינעווייניק. ארום און ארום, צוויי שטאָקן מיט לעכלעך פאַר וואוינונגען און אינמיטן האַנטוועגעלעך און בינדיוגעס אָנגעשטעלט. אין איינעם פון די לעכלעך האָט געוואוינט די משפחה.

פרומע איז קראַנק, זי קען נישט פאַרליידן די ענגשאַפט, די חשכות און די ריחות... און אויך די קינדער זיינען קראַנק. איך פיל, אַז מער נאָך מאַכט זי קראַנק דאָס וואָס איך, אַ גראָסעלער, זלמן קאַצס זון, טרעף זי אין אַזאַ לאַגע, אין אַזאַ וואוינונג... נאָר זיאמע לאָזט מיך נישט טראַכטן אפילו דערפון, ער איז אַ גאַנצער סאָציאַליסט און ווייסט און האָט געלייענט און היצט זיך און דיסקוטירט וועגן פּראָגראַמען פון די עס־ערן און פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן...

— אָט האָסטו דיר! יאָקל לייוונטהענדלערס זון — אַ סאָציאַליסט!

**איין זאַך נאָר איז נישט גוט. ער האָט נישט וואָס צו טון. ער וויל ווערן אַ פּריקאַזשטשיק. איך טרייסט אים: אַזאַ שיין אינגל ווי ער**

איז, האָט ער מיט קיין שטעלע אין אַ גאַלאַנטעריינע אָדער אין אַ מאַנופאַקטורנע געשעפט קיין דאגה נישט... זיינע פולע רויטע בעקלעך וואָס ער האָט מיט זיך געבראַכט פון גראָסעלעס, ווערן פון דער טרייסט נאָך פולער און צעשטראַלטער און אויך פרומע, מערק איך, פילט זיך דערלייכטערט מיט דער טרייסט.

מער בין איך צו דער יורדישער פאַמיליע נישט געגאַנגען. וואו נעמט מען אַזוי פיל טרייסט־ווערטער אויף צו קענען הייבן דעם מוט פון אַ שטעטלשער שיינהייט און ווירטן, וואָס איז אַריבערגעפלאַנצט געוואָרן אין דער אַטמאָספער פון גרויסשטאָטישער נויט און זעט זיך וועלקן פון טאָג צו טאָג...

:: :: ::

אין מיין נייעם פאַך, שטייג איך פון טאָג צו טאָג. איך באַקום אַ שם פון אַ קינסטלער אַ שמירער. אַפּאַרבעטן מיט בעסינען עטלעכע וואָכן איז פאַר זיך אַן אַטעסטאַט. פון בעסינען גיי איך איבער אַר־בעטן צו קלמנען און צו זיין ברודער עליע נאָטע, מינסקער קלעפּער. דאָ דערגיי איך אַזאַ פּראַקטיק, וואָס ביי בעסינען האָב איך זי נישט געהאַט: נעמען יתור. די קונץ דערביי איז נישט דאָס אָפּשפּאָרן אַ צוויי אָדער דריי ראָלן פּאַפּיר פון אַ צימער, ווי דאָס אַרויסטראָגן די ראָלן פון דער אַרבעט אַזוי אַז דער וועבטער זאָל דאָס נישט מערקן. קלמנקע באַווייזט דאָס מיר און איך נעם באַלד איבער די קונץ: ער שטעקט זיך אַרום אין גאַרטל מיט ראָלן פּאַפּיר און דער דינער נידע־ריקער קלמנקע ווערט מיטאַמאָל פאַרוואַנדלט אין אַ גייענדיק פעסל. מען האָט אים נאָך ביז איצט קיינמאָל נישט געפּאַקט, זאָגט ער, נישט אין מינסק און נישט אין אַדעס...

איך האָב עס אַ פּאָר מאָל געטון און ס'איז מיר געלונגען. קלמנקע האָט דאָס מיר אַזוי פאַרגעשטעלט, אַז איך זאָל קענען דעם נישט רע־בעלירן: יתור איז מותר... נאָר סוף כל סוף האָב איך רעבעלירט: נישט וואָס ס'איז גנבה, יתור, זאָגט איר, איז נישט קיין גנבה, ס'איז באַלמעלאָכישע טראַדיצע, נאָר ס'איז מיאוס... איך בין נעכטן גע־גאַנגען איבער דער גאַס מיט די פּאָר ראָלן פּאַפּיר פאַרשטעקט אינעם

גאַרטל און האָב מיר געטראַכט, אַז עפּעס בין איך גאָר קיין מענטש נישט, נאָר עפּעס אַ מויז וואָס שלעפּט אַן אָפּגעגריזשעט שטיקל ברויט צו זיך אין לאָך אַריין... מענטש! — זאָגט גאָרקי — ווי הויך דאָס קלינגט!... וואָס זאָגט איר, קלמנקע, איר זענט דאָך עפּעס אַ סאָציאַליסט!...

קלמנקע האָט דערויף גאָרנישט נישט געענטפערט און מיך האָט פאַרדראָסן אויף זיך אַליין, וואָס איך בין אַזוי אימפּולסיוו און כאַפּ מיך אַרויס מיט ווערטער וואָס איך דאַרף נישט זאָגן... ער איז דאָך מיין לערער! דאָס בין איך דאָך ביי אים אין שטוב די ערשטע אומלעגאַלע פאַרזאַמלונג בייגעוווען און דאָרט אַזאַ פייערלעכע רעדע געהערט וועגן אַרבעטער־אייניקייט און סאָלידאַריטעט!...

די פּאָר ראָלן „יתור" זיינען פאַרבליבן שטיין אין ווינקעלע. נישט איך, נישט קלמנקע, האָבן מיר זיך צו זיי צוגערירט, ווי פרומע אידן וואָס רירן זיך נישט צו אום שבת צו אַ זאַך וואָס איז מוקצה... מיר זיינען געגאַנגען אין טראַקטיר אַריין שווייגנדיק, יעדער מיט זיין שווער געמיט.

אינדערפרי בין איך צו דער אַרבעט נישט געגאַנגען, איך בין געבליבן ליגן ביי מיר אין בעטל אינעם פינצטערן צימער וואָס איך האָב פאַרנומען ביי אַ חבר אויף דער האָספּיטאַלנע. איך בין אפילו אין טראַקטיר נישט געגאַנגען, נישט געוואָלט זיך באַגעגענען מיט קלמנקען, איך האָב מיך געשעמט פאַר אים, פאַר מיר אַליין, פאַר דער אַרבעט, וואָס האָט זיך נאָך נישט אָפּגערייניקט, נישט אָפּגעטרייסלט פון דער „שפל המדרגה", אויף וועלכער זי באַגעגנט זיך מיט גנבה... דער קרעמער, וואָס גנבעט אויף דער וואָג און אויף דער מאָס, זעט אינעם פויער, וואָס גנבעט אַ הערינג פון פעסל, אַ גנב... דער בעל מלאכה, וואָס גנבעט אַראָפּ פונעם מאַטעריאַל, קוקט מיט פאַראַכטונג אויף דעם גנבל, וואָס גנבעט אַרויס דאָס בייטעלע מיט די פּאָר גראָשן ביי דער אידענע, וואָס גייט איינקויפן אין מאַרק אָדער אויף דעם בעקער־אינגל וואָס טראָגט אַהיים אונטער דער פּאָלע אַ ברויט פאַר זיין מאַמען... וואו איז די גרעניץ?...

מיר האָט זיך גענומען פּלאָנטערן אינעם מוח פיוועקע, דער מאַלער, וואָס איז מקנא דעם סיפיליטישן ליאָווקע און דעם סוטענער

אראַנטשיק, וואָס טאַנצט אויס אין טראַקטיר אַ הפקרדיקן קעקוואָק ווען ער איז בגילופין און זינגט זיך אונטער אַ גנבים לידל, ווי דער „טקאָקער" איז ארייננעפאַלן און בעט זיך ביי זיין מיידל פון דעם שאַנדהויז זי זאָל אים ברענגען טיי און צוקער אין טורמע אריין... און ווער איז ער? אפשר אַ זון פון אַ דרדקי מלמד אין אַ פּאָדאָליער שטעטל און אפשר איז זיין מאַמע אַן אלמנה, וואָס שטייט דאָרט מיט צעלניק אין אַ מארק־טאָג...

איך בין געליגן דעם גאַנצן טאָג און געפאַסט, ווי נאָך קיינמאָל נישט אין די היייליקסטע תעניתים. אויך דעם צווייטן טאָג בין איך נישט געגאַנגען צו דער ארבעט, איך האָב געמאַכט איינעם פון מיינע שפּאַצירן ארום אדעס. איך האָב געשפּאַנט, ווי איך וואָלט אינעם שפּאַנען זיך אליין אויפגעלייזט, די פיס זיינען זיך געגאַנגען פון זיך און באַזונדער, און דער קאָפּ... טראָגט זיך אַ קאָפּ, נאָר נישט דאָ און נישט איצט, ערגיץ ווייט אינעם רוים און נאָך ווייטער אין דער צייט, אויף צוריק און פאָרויס... און אַז איך בין, פאַרנאַכט שוין, געקומען אין טראַקטיר, צו מיינע חברים, האָבן זיי מיך אָנגעקוקט, ווי איך וואָלט פון ערגיץ אַראָפּגעפאַלן:

— וואָס איז מיט דיר געשען?... זעסט דאָך אויס ווי אַ מת!... קלמנקע זוכט דיך ארום!...

— איך אים זוך נישט!... אויב ער וויל מיר באַצאָלן וואָס מיר קומט, זאָל ער עס איבערגעבן משה נאַדזיראַטעל!... איך ווער אויס שמירער, מאָרגן גיי איך זוכן איינבינדעריי!...

— ק'סטאַטי! — רופט זיך אָן אין רוסיש ביים צווייטן טישל אַ קליין מענטשל מיט אַן אויסגעבלייכט פּנים און אַ גרויסער רויטער נאָז. — אויף אידיש קען עס הייסן: גוט וואָס ס'איז צו רייד געקומען. — און ער נעמט מיר פאָרלייגן אין רוסיש, אַז אויב איך וויל, קען איך פאַרנעמען זיין פּלאַץ. ער ארבעט ביי אַן אלמנה, אַ רוסישע, וואָס צאָלט גוט, נאָר וואָס דען, זי האָט נישט קיין גיליאָטינע און מען דאַרף שניידן אין פּרעס מיט אַ דיסק. ער האָט שוין קיין הענט נישט דערצו. דער מייסטער ביי איר איז אַ איד, אַבראַשאַ, רופט זי אים. איך זאָל שוין מאָרגן צוגיין אויף מאַראַזלי און פּאָליצייסקע און אים זאָגן, אַז מיך האָט געשיקט דער פּעטיערבורזשעץ...

דער פּעטערבורגער איז אויך געווען אַ איד, אַזוי האָט ער גע־זאָגט, און מען האָט אים געמוזט גלייבן אויפן וואָרט, וואָרום אויס־געזען האָט ער עס נישט, געטרונקען האָט ער בראָנפן גאָרנישט ווי קיין איד און גערעדט האָט ער אויך נישט ווי קיין איד, ער האָט קוים פאַרשטאַנען אַ פּאָר ווערטער אידיש, און אַז ער האָט זיי ארויסגע־רעדט, איז זיי נישט געווען צו דערקענען. שילטן נאָר פלעגט ער זיך אויף אידיש: „געדיערים ס'ניאַוואָ ניעם!...” די גערעדערים נעם ביי אים!... דאָס פלעגט ער זאָגן, ווען ער האָט געהערט אַז אַ באַלעבאָס צאָלט נישט צו דער צייט און שווערט זיך אַז ער האָט נישט...

:: :: ::

ביי אָט דער אלמנה האָב איך אָפּגעאַרבעט ביז אין טיפן ווינ־טער אריין. איך האָב ביי איר ארויסגעוויזן מיין ספּעציאַליטעט אין איינבינדן קלויסטער־ביכער, אין הילצערנע טאָוולען מיט גאָלדענע שניטן, אין סאַפיאַן, מיט אָפּגעפּרעסטע גאָלדענע צלמים. און אוועק־געגאַנגען בין איך פון איר, ווען מיר האָט זיך צוגעגעסן טרינקען איר שטאַרק זיסע און שטאַרק אָנגעצויגענע טיי דריי מאָל אין טאָג און הערן פון איר דעם שטענדיק זיסן „סינאָטשיק”, זונדעלע, וואָס איז געקראָכן מער פון איר פעטן לייב ווי פון איר פרומען פאַרצויגענעם מיילכל. מיר האָט זיך פאַרבענקט נאָך אַ פּאַרטיע ביבליאָטעק־ארבעט, אַ „ניוואַ” און די ביילאַגעס צו איר: רוסישע און אויסלענדישע קלאַ־סיקער.

איך האָב לאַנג נישט געדאַרפט זוכן. באַלד טאַקע, צוויי קוואַר־טאַלן הינטערן טראַקטיר, אויף דער אוספּיענסקע, האָט דער געלער שפּיטאַלניק מיר געגעבן ארבעט. געאַרבעט האָבן דאָרט אַ חוץ מיר: סאַמאַראָוו, אַ ליטוואַק אַ ווערטלזאָגער, וואָס דאָס מויל האָט אים אַ מינוט נישט גערוט און האָסוועך, אַ ניעזשינער בחור, וואָס האָט קיין וואָרט נישט ארויסגערעדט ביי דער ארבעט.

מיט האָסווערן בין איך באַלד געוואָרן גאָר נאָנט. עפּעס איז געווען אין אים אויסערגעוויינלעכעס: אַ מין עקשנות, וואָס האָט נישט צוגעלאָזן צו זיך קיין שום נייעם געדאַנק ביז ער האָט אים נישט

גרינטלעך תופס געווען. געווען איז ער א זון פון א גמרא־מלמד, א טיפן למדן, וואס אינעם „ים התלמוד" איז ער נישט געשוואומען, נאר האט אים דורכגעאקערט מיט זיינע מפרשים, די תוספותן און דעם מהרש"א. דער זון האט זיך אינטערעסירט מיט דער רוסישער פילאזאפיע און גראד דעמאלט געלייענט מענדעלייעוון. לייענען פלעגט ער גיין אין שטאט־ביבליאטעק.

איך האב אים רעקאמענדירט מיכאילאווסקין, וועלכן ער האט אויך דורכגעאקערט. ערשט דערנאך האב איך אים געבראכט מארק־סיסטישע ליטעראטור. „די ארימקייט פון דער פילאזאפיע", פליעכאַ־נאווס „גרונדלאגן פון מארקסיזם". און ערשט ווען ער האט דערפילט אין דער ליטעראטור דעם פילאזאפישן טעם, די הארמאניע פון דער מאטעריאליסטישער דיאלעקטיק, האט ער מסכים געווען איך זאל אים באקענען מיט א קרייז, וואס גיט זיך אפ מיט מארקסיסטישער צוגרייטונג, וואו איך בין שוין געהאט אריינגעטראטן.

ער האט דעמאלט אויך אנגעהויבן קומען אויף דער איינבינדע־רישער בערזע, וועלכע איז שוין דעמאלט געווען אין דער „דוואריאנ־סקע" פון אן אפגעלייגטן טראקטיר אין א שטילער געגנט. מיר האבן שפעטער געהאט אין אים א גוטן לערער אין א מארקסיסטישן קרייזל. א שוואכער בחור איז ער געווען. איך האב אים א שטיקל צייט גע־האט פונעם אויג פארלוירן, ווען איך בין איבערגעגאנגען ארבעטן, צוליב ספעציעלע מאטיוון, אין דער איינבינדעריי פון „יוזשנא רוס־קאיע אבשטשעסטווא פעטשאטנאווא דיעלא", און איך האב שטארק איבערגעטראכט וועגן זיין געזונט. און ווען איך האב אים ווידער באַ־געגנט, האב איך מיך געפרייט איבער אים ווי איבער א געפונענעם ברודער.

:: :: ::

אויף דעם ראג מיעשטשאנסקע און סטארא ריעזניטשנע, איבער א קעלער, פון וועלכן עס האט געשמעקט מיט זויערקרויט און געזייער־טע אוגערקעס מיט קאווענעס און וואס פון דארט אויס פלעגן ארויס־גיין די אידן מיט די צעבערס געזייערטע עפל אנגעהאנגען אויפן

האלדז און שרייען „מאַטשיאָנע יאַבלאָקי”, איז געשטאַנען, אויף טרעפּ־לעך אַרויפצוגיין, די ציוניסטישע שיל „יבנה”. שמש איז דאָרט געווען דער אַלטער שאַפּיראָ, דער פאָטער פון שרה שפּיראָ, די פאַרפאַסערן פון דעם ציוניסטישן ליד „אל טל ואל מטר”, וואָס האָט איר מיט איין מאָל און אויף אייביק פאַרשאַפט דעם נאָמען פון אַ העברעישער דיכ־טערן. דאָס ליד האָט מיט זיין ביבלישן שוואונג געצונדן די הערצער פאַר ציון און מער ווי אַלץ, כאָטש אומדירעקט, פאַר העברעיש. איך פלעג עס דעקלאַמירן, נישט געקוקט אויף מיין גאַנצער אַנטיציוניס־טישער איינשטעלונג און אויף מיין באַציאונג צו העברעיש ווי צו קליינשטעטלדיקן סנאָביזם. אין די אָוונטן פלעגן דאָרט האַלטן זייערע פלאַמפייערדיקע רעדעס די ציוניסטישע „מטיפים” און מאָדערנע רעד־נער, מאַסליאַנסקי און אווינאָוויצקי, כאָלאָדענקאָ און דאָקטאָר סאַפּיר. עס פלעגט אַהין אַריינקומען משה לייב ליליענבלום און דער ציוניס־טישער „לייב” — האַלפּערן.

קעגנאיבער, ווי אַ שפּיץ אַריינגעשטאָכן, איז געשטאַנען די מאַ־ראַזלי ביבליאָטעק, וועלכע איז, אגב, געווען אַזוי שטאַרק באַזוכט, ביז אויסגעלייענטקייט, ביז פעלן פון צענדליקער בלעטלעך אין די ביכער. און געווען איז דאָרט אויך די „אַודיטאָריע”, אַ פאָלקס אוני־ווערזיטעט אַזאַ, וואו מען פלעגט ספּעציעל אויסלעשן די עלעקטריע, כדי פונאַדערצעוואַרפן פּראָקלאַמאַציעס. נישט ווייט פון דאָרט, אויף סטאַראָ ריעזניטשנע, צווישן די יאַטקעס, איז געווען דער טעאַטער פון דער געזעלשאַפט קעגן שיכרות. די דאָזיקע געזעלשאַפט האָט געהאַט איבער גאַנץ רוסלאַנד אַזעלכע טיי־הייזער און „סטאָלאָוועס” (רעס־טאָראַנען) וואו מען האָט נישט סערווירט קיין שאַרפע משקה און אין די אָוונטן פלעגט מען איינאָרדענען פּאָפּולערע לעקציעס און פאַר־לעזונגען און אויך שפּילן טעאַטער. אין אַדעס פלעגן אין אָט דעם טעאַטער געבן פּאָפּולערע פאָרשטעלונגען די גאַסטראָרעלן פונעם שטאָט טעאַטער און פון די אַנדערע טעאַטערס. פאַר אַכט קאָפּיקעס האָט מען דאָרט געקענט זען די ברידער אַדעלהיים, אָדער ווי די רוסן זאָגן, בראַטיאַ אַדעלגיים, אָרלעניעוון, דאַלסקין, טאַמאַרינאַ און זייערס גלייכן אינעם קלאַסישן רעפּערטואַר, אין „גאָריע איז אומאַ” (צרות פון שכל), אין אָסטראָווסקיס פּיעסן, אין שילערס „די רויבער”, אין

גוצקאָווס „אוריאל אַקאָסטאַ", אין שעקספּירס האַמלעט, שיילאָק און אָטעלאָ. שוין אָפּגערעדט פון מאַלאַראַסישן טעאַטער. אַפילו „אָפּערא" פלעגט מען דאָרט שפּילן, איבערהויפּט רוסישע: „האַלקאַ", „זשיזן זאַ צאַריאַ" און „יעווגעני אָניעגין"...

אַט יענעם סטראַטעגישן ווינקל, וואָס געפינט זיך אויף דער גרעניץ צווישן דער מאָלדאַוואַנקער אָרימשאַפט און דעם האַנדלס־צענטער, צווישן דעם טאָלטשאָק און דעם „פּריוואָז", וואָס מען האָט געקענט אָנרופן „דער בויך פון אָדעס", וואו בייטאָג האָט געזשומעט ווי אין אַ בינשטאָק מיט האַנדל און געשמעקט מיט אַלערליי ריחות פון פרישע און געזייערטע גרינסן און אין אָוונט האָט מען געטיילט בילדונג און קולטור דעם אָרימען פאָלק, האָבן די אָדעסער סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אויסגעקליבן אַלס צענטער פאַר זייערע דיסקוסיעס. אַ שפּאַן פון דעם בייטאָגיקן שפּייז־יאַריד, פון גרעבסטן חומר, האָבן זיי אוועקגעשטעלט זייער אידייען־יאַריד. אין די אָוונטן פלעגן זיך דאָרט האַקן, ווי מען פלעגט זאָגן, „איסקראָווצעס" מיט „עסערן", בונדאָווצעס מיט ציוניסטן און ווער וויים צי נישט אויף אָט דעם אידייען־יאַריד אָדער אויף ענלעכע צו אים, זיינען אַרויסגעקומען די אַזוי גערופענע סינטעטישע אידישע פּאַרטייען, די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע. אַלנפאַלס, האָב איך אויף יענעם אידייען־יאַריד זיך באַגעגנט מיט זייערע שפּראָצונגען.

דער ערשטער, וועלכער האָט מיר געדאַכט פון אַ סינטעז צווישן סאָציאַליזם און ציוניזם איז געווען יודע עפּלבוים, אַ בלאָנדער בחור מיט רויטע באַקן, וואָס איז געווען אַ מיטגליד אינעם „אם אין אני לי מי לי". מיר זיינען, ווער וויים ווי אַזוי, שטאַרק חבר געוואָרן. צי איז עס געווען דערפאַר וואָס מיר האָבן ביידע געמאַכט דיזעלבע איראָנישע באַמערקונגען אויפן חשבון פון אוווינאָוויצקיס אַ דייטשמערישער רעדע אָדער ווייל מיר פלעגן אַמאָל צוזאַמען, איידער דער עולם איז זיך צוזאַמענגעקומען אָדער ווען דער עולם פלעגט זיך שוין פונאַנדערגיין, אַרויסנעמען אַ „עין יעקב" פון דער ספרים־שאַפע און זיך אַוועקזעצן ביי אַ שטענדער זיך דערמאָנען די „גירסא דינקותא", צי גאָר לייענען צוזאַמען דעם „על פרשת דרכים" און קאָמענטירן אחד העמס דרך פון „לא זו הדרך". אַ צווייטער, וואָס האָט מיר געדאַכט

דערפון אין יענער צייט, אזוי געווען אַ בחור'ל מיטן נאָמען יאָפּע, אַ צאַרטינקער מיט גרויסע שיינע אויגן, וואָס האָט מיך איינגעלאַדן, מיך און נאָך אַ פּאָר פון די דיסקוטאַנטן צו קאַליאַ טעפּער. געטראָפן האָבן מיר דעמאָלט דעם שפּעטערדיקן ד׳אברוצי, אין שטוב ביי זיין טאַטן דעם שוחט, איבער אַ סאָציאַליסטישער „גמרא". געלייענט האָט ער דעמאָלט פוריע, פון אַ באַנד אין פאַליאַנט-פאָרמאַט. נאָר אָנשטאָט צו ריידן מיט אונדז וועגן ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן סינטעז, האָט ער גאָר גערעדט מיט אונדז טאַקע פון פוריע, פון וועלכן ער איז דעמאָלט פאַרכאַפּט געווען.

גערעדט האָט מען שוין דעמאָלט אין אָדעס וועגן משה עפּשטיין, וואָס בויט עפּעס אַ מין מאָדנע טעאָריע וואָס זאָל פאַרייניקן ציוניזם מיט סאָציאַליזם. פאַר מיר אָבער, זיינען דאָס אַלץ געווען נישט מער ווי מוח־שפּעקולאַציעס, וואָס האָבן זיך גאָרנישט אָנגעהערט מיט מיין פּראַקטישער סאָציאַליסטישער אַרבעט, וואָס איז באַשטאַנען אין צו־שטעלן ליטעראַטור, אין רוסיש און אין אידיש, אויף די פאַבריקן פון דער סלאָבאָדקע, וואו עס האָבן געאַרבעט מערסטנס פּאָדאָליער און ווייסרוסישע בחורים און מיידלעך, און פאַרשפּרייטן פּראָקלאַמאַציעס אין יענער אינדוסטריעלער געגנט.

איך האָב געהאַט אַ ספּעציעלן אופן ווי דאָס צו טון. אָנהויב ווינטער, האָב איך מיר געקויפט אויפן טאָלטשאָק אַ לאַנגן פּאַלטאָ, אַ ברוינעם, וואָס האָט אויף מיר געהאַנגען ווי אַ כאַלאַט. געהאַט האָט ער טיפע קעשענעס און איינע פון די קעשענעס איז געווען דורכגע־ריסן. די מעלה פון דעם „אויבערציער" איז באַשטאַנען דערין וואָס ער האָט מיך אויסגעהיט פון יעדן חשד אין רעוואָלוציאָנערע כוונות. גייט זיך אַ קליינשטעטלדיק בחור'ל מיט אויפגעריסענע אויגן, וואָס קוקט אויף אַלץ מיט נייגיר, שטעלט זיך אָפּ ביי די טויערן פון די פאַבריקן, זוכט מסתמא אַרבעט, און באָמבלט שטיפעריש מיט די הענט אין די קעשענעס פון זיין „כאַלאַמידע", שטעלט זיך אָפּ אין גאַס, פרעגט זיך ווי מען קומט ערגיץ... און ער האָט זיינס דורכגע־פירט. סירקיסעס זייף־פאַבריק איז שוין באַזאָרגט מיט ליטעראַטור און די לעכט־פאַבריק אויך...

∴ ∴ ∴

אָט די „כאַלאַמידע" מיינע האָט מיך אַ סך מאָל ארויסגעראַטעוועט פון געפאַרן. זי האָט מיך פשוט אימוניזירט פון ארעסטן. מיט מיין „כאַלאַמידע" איז פאַרבונדן איינער פון די פאַרביקסטע עפּיזאָדן אין מיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. געוועזן איז עס אַ פאַרנאַכט דעם 22טן פעוורואַל 1903. „איסקראַ" האָט אָרגאַניזירט אויף דעם דאַטום אַ מאַניפעסטאַציע צום אָנדענק דער פּויערים־באַפרייאונג פון 19טן פעוורואַל 1862. דער נערוו פון דער דאָזיקער מאַניפעסטאַציע איז געווען אין „צאַרסקאָיע סיעלאָ". ברוך דער באַלטער איז באַשטימט געווען פאַר פאָנען־טרעגער, משה נאַדזיראַטעל און איך — זיינע זייטן־גייער. די קאָנצענטראַציע איז געווען באַשטימט אויף קאַטערינינסקע ביים טויער פון גרינזאַפּטס פּאַפּיר־געשעפט, פון דאָרט האָט מען געדאַרפט ארויף אויף דעריבאַסאָווסקע און פאַרענדיקן אויף דעם סאָבאָרנע פּלאַץ. געוואוסט האָבן מיר, אַז שיסן וועט מען נישט, געווען איז אַ באַפעל צו דער פּאָליציי זי זאָל נוצן בלויז קאַלט געווער. פאַרמיטיק בין איך געגאַנגען אויסקוקן דאָס פּלאַץ ארום און בין געוואויר געוואָרן, אַז קאַלט געווער מיינט נישט בלויז קאַזאַצקע נאַגייקעס, נאָר אויך שטעקנס, לאַנגע ווייסע שטעקנס, ספּעציעל צוגעגרייטע, מיט גראָבע קעפּ, „בולעוועס" און באַנוצן וועט זיך מיט דעם נייעם קאַלטן געווער די נייע אַרמיי קעגן דער „קראַמאָלאַ", וואָס דער אַדעסער גראַדאָנאַטשאַלניק האָט איינגעפירט — די הויז־וועכטער, וואָס האָבן דעמאָלט באַקומען נייע פונקציעס, פּאָליצייאישע. הינטער דעם שטאָט־טעאַטער, אויף דעם משופּעדיקן פּלאַץ, זיינען זיי אויסגעלייגט געווען, אַ מחנה פון דריי הונדערט וועכטער, מיט זייערע שטעקנס, ווי די זעלנער וואָס לויערן אויפן שונא מיט די אָנגעלאָדענע ביקסן אין די הענט. אָנגעפירט האָט מיט דעם חייל דער פּריסטאַוו פּאַנאַסיוק, וואָס אין זיין „אוטשאַסטאָק" (פּאָליציי־פּערטל) איז די מאַניפעסטאַציע געמעלדעט געווען. דער פּריסטאַוו האָט גראַד געלאָזט קאָנצענטרירן אַ היפּשן עולם, אָבער איידער נאָך די מאַניפעסטאַציע האָט זיך גערירט, האָט ער צוגעפירט זיין „אַרמיי" אויף אַ געוויסער דיסטאַנץ, גאַנץ פאָרזיכטיק און ווי צו ווייזן זיי ווי אַזוי מען דאַרף אָנווענדן דאָס געווער, איז ער אַליין אריין אינדערמיט פונעם עולם מיט אַ בולעווע און גענומען פאָכען מיט איר נידעריק איבער די פּיס. איך האָב דער־

פילט איינעם פון די קלעפ, נאָר ווי ניט מיך מיינט מען, האָב איך מיך ארויסגעריסן און גענומען גיין שנעל ביי דער זייט פון ברוך דעם באַלטער, ווי עס איז געווען אָפּגערעדט און פון דער אַנדערער זייט משה נאַדזיראַטעל. ארויפקומענדיק אויף דעריבאַסאָווסקע, האָט ברוך ארויסגעכאַפּט פון בוזים די רויטע פאָן אויף א קורצן שטעקל און שוין האַסטיקער גענומען גיין, כמעט לויפן און שרייען: דאָלאָי! דאָ־לאָי ראַמאַנאָוויך! דאָלאָי — און דערביי א שטאַרק רוסיש וואָרט, וואָס לאָזט זיך נישט איבערזעצן אויף פּאַפּיר — אין דער מאַמען אריין!... אין דעם, זיינען צוויי פּאָליציאַנטן אראָפּ פון א דראָזשקע, געכאַפּט משהן, אריבערגעוואָרפן אים נאָנדיק און אין דער ברייט, מיט די פּיס אַראָפּגעהאָנגען; מיט זייערע שטיוול שלאָגן זיי אים איבערן פּנים, איבערן בויך, און ער שרייט: — „דליא וואָס כאַטים סוואָבאָדו!" — פאַר אייך, הייסט עס, ווילן מיר די פרייהייט!... דליא וואָס!... פון לעבן מיר האָבן פּאָליציאַנטן געכאַפּט ברוכן, אויסגעריסן ביי איב די פאָן און גענומען שלעפּן ביי ביידע הענט... און איך, איך מיט מיין „כאַלאַמידע", האָב דאָס אַלץ צוגעזען, און גלייך א נישט היגער, א זייטיקער, א צופעליקער, האָב איך מיך ביי די זייטן הייזער אוועקגעשלייכט... איך האָב געזען ווי פונעם געסל, וואָס פירט ארויס פונעם „גרעצק", פונעם גריכישן מאַרק, לאָזט זיך ארויס א „סאָטניע" קאַזאַקן, רייסט זיך אריין אינעם עולם און שמייסט מיט די נאַגיי־קעס. און איך הינק אוועק אויף דעם סאָבאָרנע פּלאַץ. זעץ מיך אוועק אויף א באַנק, אפשר אויף דער באַנק, וואו, ביי א געלונגענער דע־מאָנסטראַציע, וואָלט זיך א רעדנער ארויפגעשטעלט און וואָלט גערעדט וועגן דעם ווי אַזוי די באַפרייאונג פון די פּויערים האָט זיי נישט באַפרייט פון הונגער, ווייל זייער מי נעמט אוועק די צאַרישע רעגי־רונג מיט שטייערן און אַלץ גרעסער און גרעסער וואַקסן די מיליאָנען ערדלאָזע... איך האָב מיך באַטראַכט ווי א דעזערטיר, ווי איך וואָלט פאַראַטן מיינע חברים... אַלץ איבער מיין „כאַלאַמידע"..

דערפאַר, ווי נאָר ס'איז וואַרים געוואָרן אין דרויסן און איך האָב אראָפּגעוואָרפן די „כאַלאַמידע", האָב איך באַצאָלט פאַר מיינע פריערדיקע זינד... געווען איז עס בעת א שניידער־שטרייק. ווער ווייס פאַרוואָס די שניידער האָבן זיך געווענדט צו אונדז מאָלערס און איינ־

בינדער מיר זאָלן זיי אַרויסהעלפן מיט קאָמיסיעס, וואָס זאָלן גיין אַראָפּנעמען פון דער אַרבעט די שניידער-מיידלעך, וואָס זיינען צו שוואַך געווען קעגן די באַלעבאַטים. מיט איינער אַזאַ קאָמיסיע, בין איך אַרעסטירט געוואָרן. אָפּגעלעגן אַ וואָך אין „אוטשאַסטאָק", וואו מען האָט ביי מיר צוגענומען דאָס רעקל מיט די שיך פונעם צוקאָפּנס און מען האָט מיך אַוועקגעשיקט אין טורמע. מיין חטא איז, קענטיק, נישט געווען אַזאַ שווערער, מען זאָל מיך לאַנג האַלטן. נאָר איך בין זיכער, אַז ווען איך טראָג דעמאָלט מיין לאַנגן מלבוש, וואָלט מען מיך נישט אַרעסטירט.

א צווייטן מאָל האָט מען מיך אַרעסטירט אינגאַנצן אומשולדיק. געגאַנגען בין איך דעמאָלט מיט מיין עלטערן ברודער, וואָס איז געקומען צו גאַסט, זען „זשיזן זאַ צאַריאַ" אין זומער־טעאַטער ביי דער טשומקע, און פּאָליציי איז איינגעפאַלן גראָד דאָרט צו מאַכן אַ אַי־בערפאַל אויף פאַרדעכטיקע. מיין בלויע בלוזע מיט דעם רויטן שנירל, זיינען אפנים גענוג געווען צו רופן אויף מיר דעם חשד, נאָר אין „אוטשאַסטאָק" האָט מען שוין גראָד יאָ אָנגעוויזן אויף מיר חטאים און מען האָט שוין אַפילו געוואוסט וואו איך וואוין און וואָס איך טו... און אָנגעזאָגט האָט מען מיר: אַן אַנדערש מאָל, גיט אַכטונג!...

:: :: ::

די אַדעסער אָכראַנקע האָט זיך, אפנים, נישט פאַרלאָזט אויף מיר איך אַליין זאָל אויף מיר אַכטונג געבן און איך האָב גענומען מערקן אָפּט אַ שאָטן נאָכשלייכן זיך און איינמאָל אַפילו איז דער שאָטן אַריין גלייך נאָך מיר צו מיר אין וואוינונג, אין אַ גרויסן הויף אויף דער גאַס קאַרטאַמישעווסקע, וואָס האָט געהאַט די מעלה, וואָס ער איז געווען אַן אָפּענער און האָט נישט געהאַט קיין „דוואָרניק" (הויף־וועכטער) און מען האָט דאָרט געקענט וואוינען אַ נישט איינגעשריבענער. געוואוינט האָב איך דאָרט אין אַ קעלער ביי אַן אַלט פּאָר־פאָלק, וואָס האָט געהאַט אַ האַנט־„זשאָרנע" אויף צו רייסן גרעטשענע גרויפּן. ער פלעגט אויפשטיין צו דער אַרבעט פאַרטאָג, א

פֿאַר שעה נאָכדעם ווי איך פֿלעג מיך לייגן און דאָס הילצערנע מאַ־שינדל פֿלעגט מיר קלאַפּן אין קאָפּ און פֿול מאַכן מיט קאָשמאַרנע חלומות. איך האָב קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט און געמוזט וואוי־נען אין יענעם קאָשמאַרנעם קעלער, כאָטש אויך אָט די וואוינונג מיינע איז געווען אונטער פּאָליציייאישער השגחה. אָפט פֿלעג איך טאַקע נישט אַהיימגיין, נאָר איבערנעכטיקן ביי אַ חבר, מערסטנס ביי מיין חבר מיראָן, אין זיין טאַטנס שניידערישער שטוב, וואו מיר פֿלעגן זיך אויסבעטן אויף דער ערד אַ גאַנצער טוץ, חברים און שטוביקע, אָדער גאָר אומגיין איבער די גאַסן, גאַס איין, גאַס אויס, ביז פֿאַרטאָג, ווען איך פֿלעג אַריינגיין אין אַ טיי־הויז, און ביי אַ „פּאָרל טיי", אַריינ־גנבענען אַ דרימל.

איך מוז דאָ דערמאָנען אַ פֿאַל, וואָס נאָר אין אַזאַ צושטאַנד פֿון סימולאַציע, אין וועלכן איך האָב מיך געפֿונען, איז עס מעגלעך געווען. אין איינעם פֿון די אָוונטן ווען איך האָב געפֿירט אַ הייסע דיסקוסיע אויפֿן טראָטואַר פֿון „יבנה", איז אָנגעקומען מיין טאַטע. עס איז גאַנץ נאַטירלעך געווען, אַז ווען ער קומט קיין אָדעס, זאָל ער דעם אָוונט זיין אין דער ציוניסטישער שיל, וואו מען קען זען און הערן ריידן די ציוניסטישע פּערזענלעכקייטן, מיט וועלכע ער איז געווען באַקאַנט. נאָכדעם ווי מען האָט געשלאָסן די שיל און דער עולם איז זיך פֿונאַנ־דערגאַנגען, גיב איך אַ זאָג: — אפשר, טאַטע, וואָלסטו געגאַנגען נעכטיקן צו מיר?... — און בעת איך האָב אים דאָס געזאָגט, בין איך גאָר נישט זיכער געווען צי וועל איך קענען אַהיימגיין, צי וואַרט נישט אויף מיר ביים אַריינגאַנג אין הויף דער שאָטן, וואָס גייט מיר נאָך און איך זאָל מוזן באַצייטנס פֿאַרקירעווען אין אַן אַנדער גאַס און נעמען מאַכן מיין ביינאַכטיקן שפּאַציר איבער די אָדעסער גאַסן ביז פֿאַרטאָג, ווען די טיי־הייזער עפֿענען זיך... צו מיין גליק, האָט דער טאַטע אָפּגעזאָגט מיין איינלאַדונג און איז געגאַנגען שלאָפֿן אין דער אכסניה.

אין איינער אַ ווינטערדיקער נאַכט, ווען עס איז צו קאַלט געווען אומצוגיין אין גאַס, בין איך אַריין אין אַ פּריוט, דאָס הייסט, אין אַ נאַכט־אַזיל, איינער פֿון יענע וואָס האָבן פֿאַר דריי קאָפּיקעס געגעבן

נאכטלעגער אויף א שטרוי־זאק פול מיט אומפלייט, און איך האב די נאכט פארבראכט א וואכעדיקער צווישן דעם אפפאל פון דער האפן־שטאט, צווישן די מענטשן, וואס גארקי האט ביי זיי געזוכט און גע־פונען מענטשלעכע פונקען און איך האב בלויז געזען זייער געפאלנ־קייט, געהערט זייערע שיכורע קללות ביזן זיבעטן דור אריין און ביז דער זיבעטער ריפ אריין און אויך זייער הומאר, וואס גייט אויפן חשבון פון דעם אומפלייט און פון זייערע שכנים, וואס קראצן זיך ביז בלוט.

געווען אבער אויך וואך־נעכט פול מיט יוגנטלעכער פרייד און ענטוזיאזם צווישן חברים און חברטעס. דאס פלעגט טרעפן אום ווינ־טער ווען מיר פלעגן, נאך א טעארעטישן אוונט ביי א חבר אין א קעלער־שטוב, פארבליבן פראוועןן א „וועטשערינקע", דאס וואס אין די בונדישע קרייזן פלעגט מען רופן א „ליאמע", פון וואורשט מיט טיי, אדער אום זומער נאך א „סכאדקע", אינעם סלאבאדקע־וועלדל, א פארזאמלונג, הייסט עס, וואס מיר פלעגן אפהאלטן אונטער דער וואך פון אונדזער „באיאוועס", ווי מען האט גערופן די באוואפנטע חברים, און פון דארט זיך לאזן איבערנעכטיקן אויף דער פרייער לופט אינעם אלעקסאנדראווסקי פארק און פארטאג, פאר דער ארבעט, זיך אפפרישן אינעם ים...

שיראקא, טי רוס, פא ליצו זעמלי ראסשירילאסיא!... — פלעג איך אין אזעלכע אוונטן, טרעטנדיק איבערן פרישן שניי, ליב האבן דע־קלאמירן גאנגאלס א פאטריאטיש געזאנג צו רוסלאנד: ברייט האסטו, רוסלאנד, איבערן געזיכט פון דער ערד זיך אויסגעשפרייט!... — און געזען האב איך אין געדאנק נישט רוסלאנד, נאר דעם סאציאליסטישן אידעאל מיינעם, וואס האט פאר זיך קיין גרעניצן נישט געהאט און געזען האב איך אים זיך אויסשפרייטן איבער דער רוסישער ערד און פארפלייצן אלע מוחות פון די רוסישע ארבעטער, פון די רוסישע פויערים און אט נאך א יאר און נאך א יאר און קומען וועט די גרויסע רוסישע רעוואלוציע, וואס וועט דאס גרויסע רוסלאנד באפרייען פון אירע צארן און פריצים און די באלעבאטים פון זייער מי וועלן ווערן די ארבעטער און די פויערים...

— ווי לאַנג נאָך קען דויערן ביז דער רעוואָלוציע?... — כאַפּט זיך ביי מיר ארויס. און שיינענדיקע אויגן און פּראַסטיק צעגליטע פּנימער פון חברים און חברטעס כאַפּן אויף די פראַגע. דער שניי, מיט זיין סקריפּ אונטער אונדזער פיס, ענטפערט אונדז: — זי איז שוין דאָ, די רעוואָלוציע, מיט אייך, מיט דער יוגנט, איז זי געקומען, פאַר קיין זאַך שטעלט זי זיך נישט אָפּ...

:: :: ::

אין איינעם אַ טאָג פון ווינטער 1903, איז דער טראַקטיר „צארס־קאָיע סיעלאָ" און גרישעם רעסטאָראַן אויף דער מיעשטשאַנסקע, וואו עס פלעגן עסן די מאַלערעס, באַרייכערט געוואָרן מיט אַ נייעם מין דיסקוטאַנטן, געקומענע פון מינסק: „ניעזאַוויסימצעס". דער הויפּט דיסקוטאַנט זייערער איז געווען מאַיאָרטשיק, אַ מאַלער. די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג אין רוסלאַנד — האָבן זיי געטענהט — איז געפּענטעט פון דער סאָציאַל דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וואָס מאָנאָפּאָליזירט זי און לאָזט נישט קיין אנדערש דענקענדיקע ארבעטער אָדער נישט רעוואָלוציאָנערע, זיך אָרגאַניזירן צוליב זייערע פאַך־אינטערעסן... מען דאַרף, דעריבער, אָפּטיילן די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע פון דער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי... אין מינסק און אין ווילנע און איבערהויפּט אין מאָסקווע, זיינען שוין דאָ אזעלכע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און די פּאָליציי דערלויבט זיי, זיי זיינען לעגאַל און זיי פירן אָן שטרייקן אָפנערהייט... אין מאָסקווע האָט דער לעגאַלער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין פון די וועבער־ארבעטער אָרגאַניזירט אַ שטרייק פון 18.000 ארבעטער און זיי האָבן דעם שטרייק געוואונען... אין מאָסקווע ווערט די באַוועגונג אָנגעפירט פון אַ באַרימטן פּראָפעסאָר אָזיעראָוו און אין מינסק און ווילנע — פון געוועזענע פירער פון „בונד" און אויך פון ציוניסטן... פאַראַן אַ סך אידישע ארבעטער וואָס זיינען ציוניסטן און זיי ווילן נישט גיין אין די סאָציאַליסטישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען...

דער לעצטער ארגומענט, האָט אין אדעם געווירקט צום ערשטן. די ערשטע צווישן די מאַלערעס, וואָס האָבן זיך געלאָזט איבעררייִדן, זיינען געווען די מיטגלידער פון „אים אין אני לי מי לי". דאָס איי־

גענע צווישן די סטאָליערעס, צווישן די בעקערס. באַלד איז אויך אַראָפּגעקומען קיין אדעס דער אינטעליגענט זייערער: יולי סעמיאָנאָ־וויטש וואָלין. אַ איד, וואָס האָט געשריבן אידישע דערציילונגען אינעם זשורנאַל „רוסקי מיר" אויף דער ברענענדיקער דעמאָלט עקאָנאָמישער טעמע: דער אונטערגאַנג פון דעם קוסטאַר, פון דעם קליינעם בעל מלאכה, אונטערן דרוק פון דער מעכאַניזאַציע. געשריבן האָט ער אויך אַ ראָמאַן פון דער אידישער אידייען־וועלט אין רוסישן ציוניסטישן אָרגאַן „ראַזסוויעט", אונטערן נאָמען „ווידיעניאַ" (גייסטער). וואָלין האָט זיך דאָס ערשטע געווענדט צו דער דעמאָקראַטיש־ציוניסטישער אינטעליגענץ און ער האָט זי באַלד געוואונען פאַר זיך: דר. סאַפּיר, די שוועסטערלעך זאַלצמאַן, דעם לעגענדאַרישן ציוניסטישן „לייב" האַלפּערין, שאַיעוויטשן, וועלכער איז דעמאָלט געהאַט געקומען פון קעשענעוו.... געבראַכט האָט וואָלין מיט זיך רעקאָמענדאַציעס פון מאַ־ניע ווילבושעוויטש, פון גאָלדבערג... און דאָס איז פאַר זיי גענוג געווען.

צי האָבן זיי געוואוסט, אַז הינטער דער באַוועגונג אָפּצורייסן די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פון דער רעוואָלוציע שטעקט די האַנט פון דער צאַרישער „אָכראַנקע"? געמוזט האָבן זיי דאָס וויסן. אויב זיי האָבן נישט געגלויבט דער קאָנטרפּראָפּאַגאַנדע פון דער סאָציאַל־דע־מאָקראַטיע, וואָס האָט אויפגעדעקט די גאַנצע מעשה ווי אַזוי דער פּיפּיקער שעף פון דער צאַרישער זשאַנדאַרמעריע, זובאַטאָוו, האָט אַריינגעצויגן אין דער באַוועגונג אייניקע אַרעסטירטע פירער פון מינסקער „בונד" און פון דער ציוניסטישער דעמאָקראַטיע, האָבן זיי דאָס געקענט וויסן פון י. וואָלינען גופא, וועלכער האָט זיי איינגע־לאַדן אויף זיינע עפנטלעכע לעקציעס, אויף וועלכע ער האָט געהאַט די דערלויבעניש פון דעם אינערן־מיניסטער פּלעווע.

געוואונדערט האָט מיך מער ווי אויף אַלע, אויף האַלפּערינען. איך פּלעג מיך מיט אים טרעפן אין אַ שטוב פון איינער אַן „איסק־ראָוועקע", זייער אַן אינטעליגענטע פרוי, וואו מען האָט מיר דערציילט ממש לעגענדעס וועגן זיין אידעאַליזם. געווען איז ער אַן איידעם פון גאָר אַ רייכן שווער און האָט געירשנט שווערע טויזנטער. איז ער מיט דער ירושה אַוועק קיין פּאַלעסטינע, דאָרט אַריינגעלייגט זיין גאַנץ פאַרמעגן אין דער גרינדונג פון אַ קאָלאָניע, וואָס איז געווען אַ דורכ-

פאַל און איז צוריקגעקומען אַ קבצן... פּלוצים פּלעגט ער זיך פאַרטראַכטן, נעמען שפּאַנען הין און צוריק איבערן צימער, ווי אַ געפאַנגענער לייב — און אַזוי האָט ער אויך אויסגעזען מיט זיין בלאָנדער באָרד און פאַטלע האָר ווי אַ גריווע — און מיט אַ לייבן־שטימע, מיט אַ טיפן באַס, זיך צעזינגען: „ווסיע נאַראָדי אוזש סוואָבאָדי דאָסטיגלי דאַוונאָ, אַ או נאַס אַדניע ניעוווזגאָדי דאַ טיעמנאָ, טיעמנאָ"... וואָס די טייטש דערפון איז: אַלע פעלקער האָבן לאַנג שוין זייער פרייהייט דערגרייכט און ביי אונדז נאָר איז אומגליק און פינצטער, פינצטער... סאָציאַליסטן פלעגן זינגען דאָס ליד וועגן דער אומגליקלעכער רוסלאַנד, וואָס איז פאַרזונקען אין דער פינצטערניש פון דער זעלבסטהערשאַפט, נאָר האַלפערין, האָט מען געפילט, איז מכוון מיט דעם ליד די קנעכטשאַפט און רעכטלאָזיקייט פונעם אידישן פאָלק, דעם אידישן גלות...

די פאָלעמיק צווישן „איסקראַ" און דער באַוועגונג פון די „אומאָפהענגיקע" אָדער לעגאַליסטן און זובאַטאָווצעס, איז געווען מעסערשאַרף און אויך שווערער פון טאָג צו טאָג. די לעגאַליסטן האָבן געהאַט די פולע שטיצע פון דער פאָליציי, בעת דער טעראָר אויף די סאָציאַליסטן איז געוואַקסן און פול געמאַכט די אַדעסער טורמע מיט „פאָליטישע". מיין לאַגע איז געוואָרן ביז גאָר קאָמפּראָמעטירט. מיר האָט נישט געהאָלפן דער פסעוודאָנים וואָלאָדיאַ, מיט וועלכן מיינע חברים האָב מיך געקרוינט און דער טאַטע האָט מיר געשריבן, אַז מיינע מעשים אין אַדעס שפּאַרן שוין אָן ביי גראָסעלער נאַטשאַלסטווע און ער ריכט זיך יעדע נאַכט אויף אַן „אָבלאַווע"... מ'עט אים אַ תּיל תּל מאַכן פון זיין ביבליאָטעק... און דעמאָלט האָבן מיך מיינע חברים געראָטן אָפּפאָרן, נישט אַהיים, נאַטירלעך. איך בין אָפּגעפאָרן קיין טיראַספּאָל, ביים דניעסטער, און פון דאָרט נאָכגעפאָלגט די אַדעסער געשעענישן.

שנעל, ווי אַ פידפּאַלעק אויפן פלאַם, האָבן זיך אין אַדעס אָרגאַניזירט פאַך נאָך פאַך, מיט דעם הסכם פון דער מאַכט, און אין איין שיינעם טאָג האָט אין דער האַפן־שטאָט אויסגעבראָכן אַן אַלגעמיינער שטרייק. די מאַכט האָט זיך דערשראָקן פאַר איר אייגענער אַרבעט. אַן אַלגעמיינער שטרייק, דאָס איז דאָך די רעוואָלוציע! און

געווען איז עס מיט אַן אמת די רעוואָלוציע. אין דער שפּיץ פון די אָרגאַניזירטע פּאַכן זיינען אַרויפגעקומען די פאַרהאַרטעוועטע סאָציאַליסטישע פירער און די לייכטע פּאַסאַזשירן, וואָס האָבן געאַרבעט מיט דעם כוח פון דער פּאָליצייאישער מאַכט, זיינען פון זיך אָפּגעפאַלן. געווען איז עס דער סוף נישט נאָר פון דעם „לעגאַליזם" אין אדעס, נאָר אויך אין מאָסקווע, מינסק און ווילנע.

# קאַזעניץ

הארבסט 1903 בין איך אַהיימגעקומען און פון דאָרט באַלד אוועק־געפאָרן מיט דער פור קיין אָרהיעוו, וואו מיין טאַטע איז געווען א „נכתב", זיך שטעלן צום פּריזיוו. אויסגעפאַלן איז מיר אָנגענומען צו ווערן פאר א סאָלדאַט אָנהויב דער מלחמה מיט יאַפּאַן. מען האָט געשמועסט, אַז די רעקרוטן וועט מען געבן א קורצע מיליטערישע צו־גרייטונג און באַלד זיי אוועקשיקן צום פראָנט און מען האָט מיך גענומען צוריידן איך זאָל עוקר זיין, ווי א סך אַנדערע האָבן דאָס געטון. איך האָב דאָס אָבער נישט געקענט פּועלן ביי זיך. איך האָב אינטואיטיוו געפילט, אַז די מלחמה, ביי אַזעלכע אומשטענדן, מוז זיין א דורכפאַל. אינעם געשריי: „מיר וועלן זיי מיט די היטלען פאַר־וואַרפן!", האָב איך געהערט דעם פּוסטן און פאַלשן טאָן. אין הארצן האָט יעדער איינער געוואונטשן א מפּלה דעם צאַר: פאַר קעשענעוו! פאַר קאָלאָראַש! פאַר האָמעל! פאַר דער שחיטה אויף די קיעווער סטו־דענטן! פאַר דער שחיטה אויף די אַרמענער! פאַר די פולע טורמעס מיט פּאָליטישע אַרעסטאַנטן! פאַר די אַלע גזירות אויף אידן! פאַר דער גאַנצער הערשאַפט פון די רוסישע באַשיבוזוקן!... איך האָב דאָס נישט געטון, כאָטש איך האָב געהאַט אַלע מעגלעכקייטן דאָס צו טון. ווי ווייט איז דען פון דער בעסאַראַבישער שטאָט אָרגייעוו צו דער גרעניץ מיט רומעניע אָדער מיט בוקאָווינע!...

מען האָט אונדז אַפילו פאַרשפּאַרט, די רעקרוטן, ווי נאָר מען האָט אונדז דערקלערט פאַר דינסט־פעאיק, נאָר אין אָוונט איז מען פאַר א פּאָר קאָפּיקעס געגאַנגען וואוהין מען האָט געוואָלט. איך בין יענעם אָוונט אוועק אויף א בעסאַראַבישער חתונה און געזען בעסאַ־

ראַבער עמך טאַנצן באַלגאַרישן און פרײלעכסן ביז „פּיערדאַ לאַ מעטשטאַ", אַז די פּאַנטאָפל זיינען געפלויגן אין דער לופטן. דעם צווייטן אָוונט בין איך געווען אַ גאַסט אין אַ באַלעבאַטישער שטוב, צוזאַמען מיט אַ פּאָר אָרטיקע רעקרוטן און די באַלעבאַטישע יונגע־לייט און מיידלעך האָבן געוּרעדט „פילאָזאָפישע" רייד — דאָס האָט מען, קענטיק זיך געפלייסט פאַר מיר דעם אָדעסער — און איך בין געזעסן, געקוקט אויף די מאָדנע מענטשן און האָב אַ וואָרט נישט פאַרשטאַנען. דערנאָך זיינען מיר, גאַנץ פריי, געפאָרן אויף געדונ־גענע פורלעך פון אָרגייעוו קיין קעשענעוו, געגאַנגען זען דאָס אָרט וואו דער פּאָגראָם האָט זיך אָנגעהויבן און אויך אַזוי פריי געפאָרן מיט דער באַן פון קעשענעוו ביז קאָזעניץ אין פּוילן, צום 25סטן סמאָ־לענסקן פּאָלק, וואוהין מען האָט אונדז באַשטימט.

געפאָרן זיינען מיר און זיך אָפּגעשטעלט אין ראַזדיעלנע, וואו דער טאַטע איז געקומען זיך געזעגענען מיט מיר, און אין יעדער גרעסערער שטאָט. אין בערדיטשעוו זיינען מיר געגאַנגען זען איר „פעסטונג", איר מאַרק, אירע באַרימטע שילן. אין איינער פון זיי האָבן מיר געטראָפן איינעם אַליין אין אַ זייטיקן פּאָליש־שטיבל דעם באַרימטן חזן זיידל ראָוונער ביי אַ ספר אין טלית און תפילין אָנ־געטון; און ער האָט זיך דערפרייט איבער אונדז, בעסאַראַבער... אויף די אכסניאָס, אין דובנע, אין קאָוועל, אין בריסק, געפלירטעוועט מיט די קלוגע שיינע מיידלעך, וואָס פירן דאָרט די באַלעבאַטישקייט... געטראָפן זיך מיט וואָלינער אידישע כלאָפּצעס, יונגען, ווי די וועלף און ווי די בערן, וואָס האָבן געזונגען אידישע „פּאָלקס־לידער": „צי האָט איר געזען מיין מאַן?", „אַ גנבה", „ציפּקע", אידישע לידער מיט אוקראַינער מאָטיוון... דורכגעשניטן די פּוילישע שטעט: לובלין, אי־וואַנגאָראָד, ראַדאָם, געגעסן אין די רעסטאָראַנען נייע פּוילישע מאכלים, „אינעו און דרינען", ווי מיר האָבן געשפּאַסט, און אַליין, אַלץ אָן אַ שומר, אָנגעקומען קיין קאָזעניץ, אין דער שטאָט פונעם קאָזעניצער מגיד, וואָס האָט געבענטשט אונדזער רעגימענט, ווי מען זאָגט, אַז כל זמן ער שטייט אין קאָזעניץ, זאָל קיין אידישער זעלנער דאָרט נישט שטאַרבן...

:: :: ::

אָנגעקומען זיינען מיר קיין קאָזעניץ פּרייטיק אינדערפרי. אינעם הויף פון דער „פּאָלקאָוואַי קאַנצעלאַריע", האָט אונדז דער אַדיוטאַנט מיט אַ קריידל אויף די רעקלעך אויפגעשריבן יעדן דעם נומער פון זיין „ראָטע" און האָט אונדז פריי געלאָזט: גייט וואוהין איר ווילט, נאָר אין אָוונט זאָלט איר זיין אין אייערע קאַזאַרמעס. אידישע זעלנער האָבן אונדז שוין אָפּגעוואַרט און געפירט אין די הייזער, וואו זיי גייען עסן אַ כשרן אָנבייסן, אַ שבת, און האָבן דאָרט זייערע אַדרעסן פאַר בריוו. איין שטוב אַזאַ, מיט שיינע אויפגעקלערטע מיידלעך, האָט מען גערופן „דער שטאַב", אַריינקומען פלעגן אַהין זעלנער פאַר־דינער, אָדער אַזעלכע ,וואָס פלעגן באַקומען געלט פון דער היים; שניי־דער אָדער גבירישע קינדער. אַהין האָט מען מיך צוגעפירט. פון דאָרט בין איך געגאַנגען אין שיל, אין רבינס שיל.

געווען איז עס דעם ערשטן מאָל וואָס איך האָב באַטראָטן אַ שיל פון פּוילישע אידן און איך בין שטיין געבליבן ביי דער טיר ווי אַ פרעמדער. אַזאַ מאָדנע געזאַנג צו קבלת שבת האָב איך נאָך נישט געהערט. גאָרנישט אונדזער נוסח... אַ מאַרש האָט מען אויפגעזונגען ביי „לכה דודי"... אינגלעך אין לאַנגע קאַפּאָטקעלעך מיט גראָבע פּאות אָדער מיט שרויפנציערלעך אויף זייערע בלייכע באַקן, האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום מיר, געקוקט אויף מיין אויסגענייט בלוי העמדל איבער די הויזן מיט דעם מאָדנע גאַרטעלע, אַ שוואַרץ שנירל מיט קוטעסן, און נישט געוואוסט ווי זאָל מען זיך באַגיין מיט דעם „ערל", וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט צו זיי אין שיל... איך האָב פאַר־שטאַנען, אַז אויב איך וועל נישט זאָגן עפּעס, וועט מען מיך בעטן אַרויסגיין, און איך האָב דעריבער אַ זאָג געטון צו איינעם:

— אינגעלע, גיב מיר אַ קוק טון צו דיר אין סידורל...

ער האָט אַלץ געקוקט אויף מיר מיט חשד און מיט קוריאָזיטעט. איך האָב אים אָפּגעגעבן דאָס סידורל און בין אַוועק אין דער קאַ־זאַרמע פון דער 4טער ראָטע, לויט דעם נומער וואָס דער אַדיוטאַנט פונעם רעגימענט האָט אויפגעשריבן ביי מיר אויפן לאַץ.

:: :: ::

שלאָפן אויף אַ האַרטן שטרוי־זאַק, איז ביי מיר קיין נייס נישט געווען בפרט, אַז די קאַזאַרמע־ווענט האָבן מיך באַגעגנט מיט אַזעלכע אויפשריפטן, וואָס האָבן געוואָרנט איך זאָל מיך דאָ אויף קיין ווייבער פערינע נישט ריכטן. איין אויפשריפט אַזעלכער האָט געזאָגט אין נאָמען פון סואוואָראָוון, דעם פאַרהערלעכטן רוסישן גענעראַליסימוס: „בריטווע ניעט, שילאָ בריעיעט; שובע ניעט, פאַלקאַ גריעיעט”. וואָס דאָס מיינט: האָסטו נישט קיין ראַזיר־מעסער, ראַזירט אַן אָל; האָסטו נישט קיין פעלץ, וואַרימט אַ שטעקן...

איך האָב אויף מיר גענומען איבערצוטראָגן די האַרטע קאַזאַרמע־דיסציפלין, די מושטירונג און גימנאַסטיק מיט דער גאַנצער געדולד און זיך איינשאַפן רעספעקט ביי מיינע דירעקטע „נאַטשאַלניקעס”, כדי צו זיין גלייך מיט זיי און קענעןריידן צו זיי ווי אַ גלייכער מיט אַ גלייכן. איך האָב צוליב דעם אויך זיך אָנגעגעבן ביים פאַרצייכענען מיך אינעם רייסטער פון דער ראָטע, פאַר אַ „מאַלאָגראַמאָטנע”, פאַר אַ האַלבן עם־הארץ...

ס׳איז מיר אָבער באַשערט געווען איך זאָל מיין געצוואונגענעם אויפהאַלט אין קאָזעניץ דורכמאַכן אויסער דער קאַזאַרמע־דיסציפלין און שוין דעם צווייטן טאָג אינדערפרי, האָב איך מיך אַליין פאַראַטן. דער קאָמאַנדיר פון דער ראָטע, אַ כאָכאָל מיט הומאָר, נאָר אַ פאַרביטערטער וואָס מען האַלט אים שוין צו לאַנג אינעם ראַנג פון שטאַבס קאַפּיטאַן און דערפאַר היפש נערוועז, איז געקומען אין קאַזאַרמע זען וואָס פאַר אַ מענטשן־מאַטעריאַל דער אַדיוטאַנט האָט אים צוגעמיילט. געווען זיינען דאָ בעסאַראַבער מאָלדאַוואַנעס, קיעווער און כערסאָנער כאָכלעס, קאַלוגער מוזשיקעס און טולער פאַבריק־אַרבעטער. און צווישן זיי אידן פון בעסאַראַביע, פון די קיעווער שטעטלעך און פון דער שטאָט כערסאָן מיט אירע „נכתבים” פון אָרום. ער פרעגט יעדן איינעם פון וואַנען ער קומט און פאַרגיט אונדז רעטענישן, כדי אויספרואוון אונדזער „סמיעקאַלקאַ”. ער פרעגט די באַקאַנטע רעטעניש מיט דער מחנה גענדז, וואָס איין גאַנדז איז זיי אַקעגנגעפלויגן און זיי געזאָגט: — גוט מאָרגן אייך, הונדערט גענדז! און זיי האָבן געענטפערט: נישט הונדערט זיינען מיר, נאָר געווען וואָלטן מיר אַ מאה ווען מיר וואָלטן געווען נאָכאַמאָל אַזוי פיל וויפיל מיר זיינען

און נאך א האלב מאל און נאך א פערטל מאל און דו, גאנדז, מיט אונדז.

די מאלדאוואנער, די באבלעס און קאלוגער מוזשיקעס שווייגן, נאר דער טולער לאפשין ווייסט, אז געווען זיינען זיי 36.

— ריכטיק! — זאגט דער אפיציר — 36; נאר פון וואנען ווייסטו דאס?

לאפשין רעכנט צונויף צוויי מאל 36, 18, 9 און 1 און עס באקומט זיך 100.

איך בין געזעסן און געשוויגן. איך בין דאך א „מאלאגראמאטנע". נאר דא גייט צו צו מיר דער אפיציר, שטאבס־קאפיטאן סאדאווסקי, און זאגט מיר:

— און דו, וואס שווייגסטו? א איד מוז וויסן...

דער אפיציר, טראכט איך מיר, איז פארט מער פיזאנאמיסט פון דעם אידישן אינגעלע, וואס האט נעכטן אין שיל דערזען אין מיר אן „ערל", און אים קען מען אויך נישט נארן, אז מיט אזעלכע צעפינקלטע אויגן ווי מיינע, בין איך א גראבער קאפ, און פארוואס זאל ער טאקע נישט זען, אז א איד ווייסט?... און איך מאך אים פון די גאנצע און פון די ברוכצאלן א רעדוקציע אין פערטלען. מיר האבן דא 11 פערטלען, ענטפער איך, און 99 צעטיילט אויף 11 איז 9. אויב איין פערטל איז 9, זיינען פיר פערטלען 36...

און שוין פון דעם טאג בין איך געווארן דער שרייבער פון דער ראטע. איינגעפירט איז געווען, אז איין ראטע קאכט אין דער אלגעמיינער קיך פאר א גאנצן באטאליאן, דאס הייסט פאר פיר ראטעס און די ראטעס האבן זיך טורנירט יעדן חודש. די טעג דארף אונדזער ראטע זיך שטעלן קאכן, מען דארף אויסרעכענען וויפיל פלייש מען דארף צו 24 זאלאטניקעס אויף א נפש, וויפיל גרויפן מען דארף צו 8 זאלאטניק און דאס וויסן פון די אונטעראפיצירן און אפילו פון דעם פעלדפעבעל, גרייכט נישט אזוי ווייט...

צוליב אט דעם אמט מיינעם, האט מען מיך באפרייט פון דער פרימארגנדיקער גימנאסטיק אויף דער פרייער לופט. איך האב די פריווילעגיע נישט אויסגענוצט; ביים ערשטן רוף: „וסטאוואי!" וואס דער וואכמאן, דער „דניעוואלנע" ציט אויס מיט א כיוון, כדי נישט

איבערצושרעקן דעם עולם, פלעג איך אויפשפרינגען פון געלעגער. אין איינע פינף מינוט דארף מען זיין אָנגעטון, אָפּגעפּוצט די שטיוול, אָפּ־געוואשן און אָפּגעזאָגט דעם „אָטשע נאַש" פאַר דער איקאָנע אין כאָר... אידען זיינען אפילו פּטור פון דאָס לעצטע, נאָר שטיין מוזן זיי שוין פאַרטיקע צום אַרויסגיין אויף דער גימנאַסטיק.

איך פלעג פריער אַריינגיין אין שרייב־צימער און דעריבער אַרויסגיין שפּעטער אַביסל. דערפאַר האָט מיין אונטעראָפיציר זיך אָפּ־גערעכנט מיט מיר ביים מושטירן: די ברוסט אַרויס! דעם בויך אַריין! די קנאַפּל צוזאַמען! די נעז פון די שטיוול מער צענומען! — און א רוק געטון זיין שפּיץ שטיוול צווישן מיינע, אז מיר פלעגט אַזש פאַרגיין אין דער נאָז. דאָס אייגענע מיט דער ביקס: דעם „שטיק" (באַגנעט) העכער! דעם „שטיק" נידעריקער! וואָס מיינסטו דיר, א פּען האַלטס־טו?! און איינמאָל האָט ער מיך איינעם אַליין גענומען טרייבן, א זיצנ־דיקן אויף די שפּיץ פינגער, מיט דער ביקס אין די הענט אויפגעהויבן איבערן קאָפּ, אַרום די „נאַרעס" (די ברעטער וואָס דינען צום שלאָפן).

מיין גרעסטע פּריווילעגיע איז געווען דאָס וואָס מען האָט מיך נישט געשיקט האַלטן וואַך ביי די פאַרשידענע פּאָסטנס, אין שטאָט און הינטער דער שטאָט. איך פלעג אויך נישט זיצן אויף „סלאָוועס־נאָסט". קאָץ ווייסט אַלצדינג... מען האָט גענומען ריידן, אז דער „ראָטנע" וויל איינפירן אַן אָוונט־שול פאַר די „בעזגראַמאָטנע" און איך זאָל זיין דער לערער...

דערפון איז גאָרנישט אַרויסגעקומען. דער פאָלקאָווניק — פון די קאָזאַקן, האָט מען געזאָגט, איז ער — א הויכער גבר מיט פינצ־טערע אויגן, האָט דאָס אויסגעפונען פאַר א צו־געוואַגטן „ליבעראַ־ליזם". אַרויסגעקומען איז דערפון בלויז דאָס וואָס מיין פּרעסטיזש האָט זיך דערפון אַביסל מער געהויבן. עס האָבן געזוכט מיין פריינט־שאַפט נישט נאָר די קאַלוגער פּשוטע זעלנער, וואָס האָבן מיך גערופן ברודער קאָץ און געבעטן אָנשרייבן פאַר זיי א בריוו אהיים, נאָר אויך די אונטעראָפיצירן און זיי פלעגן מיך איינלאַדן צו א טרונק אָדער צו א פּרעס...

איך מוז דאָ באַמערקן, אַז ביי דער „סלאָוועסנאָסט", פלעגן די

זעלבע אונטערפֿאַפיצירן אײנחזרן מיט די רעקרוטן, אַז דער אינער־לעכער שונא מײנט פּאָלאַקן, אידן און אַנדערע „אינאָראָדצעס".

נאָכמער האָט זיך געהויבן מײן פּרעסטיזש װען דער פּאָרוטשיק צוויעטקאָוו, דעם שטאַב־קאַפּיטאַן סאַדאָװסקיס אײדעם, פֿלעג שמועסן מיט מיר. ער האָט ליב געהאַט שמועסן װעגן ליטעראַטור און טאַקע מיר געבראַכט צו לײענען זשוקאָװסקיס איבערזעצונג פֿון װיקטאָר הוגאָס „מיזעראַבלען" און דאַניליעװסקיס ראָמאַנען.

אין אַ בײנאַכט, גראָד דעמאָלט, װען איך בין געװען דעזשורנע איבער דער ראָטע — אױך אײנע פֿון מײנע פּריװילעגיעס — איז אַרײנגעקומען דער פּאָרוטשיק זאַכאַראָװ, אַ ביטערער טאָטער, װאָס פֿלעגט רײסן די היטלען פֿון די קעפּ בײ די זעלנער, װען ער פֿלעגט מערקן אין זײ עפּעס אַ רעפֿאָרם... צו מײן שטױנען, נאָכדעם װי איך האָב אים ראַפּאָרטירט, האָט ער מיך אַ פֿרעג געטון: פּיסאַר? יעװרעי? (שרײבער? איד?) און האָט מיך פֿאַרבעטן אַרײנגײן מיט אים אינעם שרײב־צימער. דאָרט האָט ער פֿאַרפֿירט מיט מיר אַ שמועס איבער אידן, איבער ציוניזם, איבער סאָציאַליזם...

איך האָב מיך געהאַלטן רעזערװירט: יאָ, געהערט, נאָר איך האָב צו דעם קײן שײכות נישט... און ער לאָזט נישט אָפּ: ציוניזם, זאָגט ער, דאָס איז אױך סאָציאַליזם, אידישער סאָציאַליזם... געװאָלט האָט ער מיך אַרױספֿירן אױף אַ דיסקוסיע. נאָר איך האָב מיך נישט געלאָזט, געזאָגט האָב איך אים, אַז אידן גלױבן אין משיחן, װי ער װײסט מסתמא, און זײ װילן נישט װיסן פֿון קײן אַנדער משיח... אַװעק איז ער פֿון מיר אַן אַנטױשטער, נאָר די זעלנער װאָס זײנען װאַך געװען און געזען װי מיר זאַמען זיך אַזױ לאַנג אינעם שרײב־צימער, האָבן געגאַפֿט, װען זײ האָבן אונדז געזען אַרױסקומען און פֿירן דעם שמועס, װי גלײכע.

נאָכדעם װי איך האָב אױסגעהאַלטן אַזאַ עקזאַמען מיט דעם ביטערן פּאָרוטשיק זאַכאַראָװ, האָב איך בײ מיר געפּועלט, אַז איצט מעג איך זיכער רעפֿאָרמירן מײן אומגעלומפּערטע פֿוראַזשקע מיט דעם גרױסן דאַשעק און צעדרײטער דענקע און אַפֿילו לאָזן װאַקסן אַ „יאָ־זשיק" אױף מײן נידעריק אָפּגעשױרענעם קאָפּ װי בײ אַן ערעסטאַנט. אַזאַ אױסגעפּוצטער, בין איך אײנמאָל געקומען אין דער קאַנצעליאַ־

ריע פונעם רעגימענט אלס דעזשורנע אפנעמען דעם „פריקאז”. דערויף קומט ארויס דער בייזער פאלקאווניק, גיט א קוק אויף מיר, מעסט מיך אפ פון אונטען ארויף און גיט א זאג:

— פי—סא—טעל!...

דאס האט ער איראניזירט מיין „טשוב”; נישט „פיסאר”, וואס מיינט א ביוראליסט, נאר פיסאטעל — א ליטעראט. און באלד גיט ער צו:

— זאג דיין ראטנע קאמאנדיר ער זאל דיך אפשערן!...

איך האב דאס דעם שטאבס קאפיטאן סאדאווסקי נישט דער־ציילט. ער וואלט זיכער קראנק געווארן פון דער באליידיקונג. און מיר וואלט דערפון גארנישט ארויסגעקומען. נאר זיין איידעם, דעם פארוטשיק צוויעטקאוו, האב איך דאס דערציילט און ער האט זיך ארויסגעכאפט פאר מיר מיט אזא ווארט, וואס האט אים געקענט קאסטן די קאריערע זיינע, ווען דאס קומט אן אויף דעם ריכטיקן אדרעס:

— איזווערג!... אויסוואורף, הייסט עס.

⁂ ⁂ ⁂

מיר איז נישט באשערט געווען צו ווערן א לערער פון רוסישער גראמאטע אין קאזארמע, דערפאר בין איך געווארן א לערער פון העב־רעיש אין קאזעניצער גבירישע הייזער. איך געדענק שוין נישט ווי אזוי דאס איז דערגאנגען צו מיינע קאלעגן די אידישע זעלנער, אז איך קען העברעיש, אז איך בין א „ווילדער למדן”, אז איך „שרייב”... מעגלעך, אז מיינע בעסאראבער חברים, מיט וועלכע איך בין געפארן צוזאמען פון ארגייעוו קיין קאזעניץ, האבן דאס גענומען פון מיינעם א געשפרעך אין וואגאן מיט אן אדעסער סטודענט, וואס איז געפארן צו דער גרעניץ און ער האט צו מיר גערעדט העברעיש. אפשר האבן זיי דאס געהערט אין אט דער בעסאראבער שטאט פון משכילים... איך האב דארטן געהאט קרובים, וואס האבן זיך געצאצקעט מיט מיין טאטן דעם משכיל און מיט זיין גרעטענעם זון... נאר איינמאל קומט אריין צו מיר אין קאזארמע קאוואלסקי, א איד פון די קיעווער, וואס האט

שוין זיינס אָפּגעדינט, נאָר מען האָט אים פאַרהאַלטן איבער דער מלחמה, און זאָגט צו מיר:

— קאַץ, איך וויל אייך ריידן אַ שידוך און טאַקע מיט גאָר אַ שיין מיידל און אַ רייך מיידל...

דער קאָוואַלסקי האָט מיט זיין גאַנצער באַנעמונג, נישט געסוקט אויף זיין זעלנערשן מונדיר, אויסגעזען ווי אַ געבוירענער שדכן, איך האָב פאַרשטאַנען, אַז פון קיין שידוך רעדט זיך דאָ נישט, נאָר עפּעס דרייט ער, עפּעס קאָכט ער, דער אַלטער זעלנער־מעקלער, וואָס רעדט מיט דעם שלום עליכמדיקן שדכנישן לשון.

— קומט אַרויס מיט לשון! — זאָג איך צו אים — אין וואָס גייט דאָ?

— איר ווילט האָבן אַן אינטערעסאַנטע אידישע שטוב וואו אַריינ־צוקומען און טאַקע באַלד דאָ אַ שפּאַן פון דאַנען? הערט זשע אויס. אָט דאָ באַלד, לעבן דער קאַזאַרמע, וואוינט דער פּאַדריאַטשיק יוסט־מאַן, אַ איד אַ גביר, האָט ער צוויי מיידלעך, איינע שוין אַ בוגרת און אַ בחורל, שטופּט ער אין זיי קענטעניש פון אַלץ אין דער וועלט. רוסיש און פּויליש, שמועסט מען נישט, און דייטש און פראַנצויזיש און העברעיש אויך... ער שרייבט אויס „הצפירה”... וויל ער, אַז מער נאָך וויל דאָס מיידל, איר זאָלט אַריינקומען צו זיי אין שטוב. דאָס האָט זי טאַקע מיך געשיקט צו אייך. זי זעט אייך דורכגיין, זאָגט זי, וויל זי אייך קענען...

דעם צווייטן טאָג בין איך שוין געווען דער לערער פון די צוויי מיידלעך און פון דעם בחורל. אַ דערלויבעניש צו פאַרלאָזן יעדן טאָג די קאַזאַרמע אין די נאָכמיטיקן, האָב איך באַקומען פונעם פעלד־פעבל, וואָס פלעגט זיך באַרימען מיט זיין „שרייבער” פאַר די אַנ־דערע קאָלעגן זיינע.

אָפּענע קעפּלעך זיינען זיי געווען, מיינע תלמידים, איבערהויפּט די עלטערע, אַ מיידל פון אַ יאָר אַכצן, אַ בלאָנדע „פּאַנענקאַ” מיט צעבליטע באַקן. מיט די אינגערע האָב איך געלערנט נביאים און איך אַליין פלעג מיך פאַרגעסן דערביי און מיך צעזינגען מיט דעם חדר־ניגון, וואָס איז אַזוי פול מיט ווייטער וויזיע, און אויך דקדוק האָב איך מיט זיי געלערנט, אויף אַ גאַנץ אייגנאַרטיקן אופן, ווי איך וואָלט

פאר זיי צענומען דאָס געווער פון א זייגער מיט זיינע רעדלעך און שרייפעלעך.

מיט דער עלטערער איז דאָס נישט נויטיק געווען. זי האָט שוין געלייענט העברעיש און אויך גוט פארשטאַנען. מיט איר האָב איך געלערנט „הצפירה", סאָקאָלאָווס טעגלעכן פאָליטישן ארטיקל אונטערן קעפּל „דברי הימים" און זיינע פעליעטאָנען „משבת לשבת", וואָס זיינען אָנגעפּיקעוועט געווען מיט מאמרי חז"ל און מיט אַלע העברעישע אַלטקייטן און נייקייטן. געלערנט ממש, ווארום דורך כּאָקאָלאָווס העב־רעיש פלעג איך אַנטפּלעקן פאַר מיין אינטעליגענטער שילערן די קוואַלן, פון וואַנען סאָקאָלאָוו האָט געשעפּט זיין רייכע שפּראַך.

ארום סאָקאָלאָווס א וואָרט האָב איך אַפילו געהאט פארפירט א „שאלות ותשובות" מיט מיין טאַטן, סאָקאָלאָווס א חסיד און סטיל־קאָלעגע. סאָקאָלאָוו האָט אין זיינעם א פאָליטישן ארטיקל געשריבן: „המלחמה מפנטת את המוח". ביי מיר איז גאָר קיין ספק נישט גע־ווען, אַז דאָס מיינט ער: זי היפּנאָטיזירט דעם מוח זי לאָזט נישט דענקען וועגן עפּעס אַנדערש. נאָר, צי קען מען דאָס אַזוי זאָגן? צי מעג מען דאָס אַזוי זאָגן? א העברעיש וואָרט מוז האָבן א העברעישן שורש, אָן אַראַמייאישן לאָמיר זאָגן, אָבער „פנט"? נישטאָ גאָר אַזאַ שורש, נישט אין העברעיש און נישט אין תרגום. און אפילו מען נעמט שוין א פרעמדן שורש, קען מען דען מאַכן פון זיינעם א באַשטאַנד־טייל א פרעפיקס, ווי דאָס טוט סאָקאָלאָוו, וואָס מאַכט פון דעם „ה" אין היפּנאָז א „ה" פון בנין הפעיל?...

שרייבנדיק וועגן דעם צו מיין טאַטן, האָב איך מיך אַליין גע־כאַפּט, ווי מאָדנע דאָס איז, ווי איך, דער רעוואָלוציאָנער, בין דאָ אין דעם פאַרוואָרפענעם קאָזעניץ, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א בטלן א פּילפּלאָן. איך לייען וועגן דער מלחמה, וועגן א בראַנד וואָס ברענגט אום טויזנטער מענטשלעכע לעבנס, וואָס איך אַליין געפין מיך אַזוי נאָנט פון איר און קען פון מינוט צו מינוט אַריינגעוואָרפן ווערן אין איר, א מלחמה וואָס קען פאַרוואַנדלט ווערן אין א בירגער־קריג, אין א רעוואָלוציע, און איך קימער מיך וועגן א שורש פון א ניי העברעיש וואָרט...

⁘ ⁘ ⁘

באַלד טאָקע איז געקומען די ריי צו אונדזער רעגימענט, וואָס איז פאַרשריבן געוועזן אין דער געשיכטע פון די רוסישע מלחמות מיט זיינע העלדישקייטן. — אַ קלייניקייט! סוואָראָווס אַ רעגימענט! — אַפּצושיקן אויפן פראָנט אַ האַלבן באַשטאַנד זיינעם. מען האָט פריער אַרויסגערופן פרייוויליקע, נאָר אַזוי ווי קיין גרויסע צאָל אַזעלכע וואָס זאָלן מיט זייער פרייען ווילן גיין אין פייער, זיינען נישט געווען, האָט מען גענומען ווי דאָס גייט, האַלבע ראָטעס, נאָך אַ מעדיציניזישער רעוויזיע. פון דער רעוויזיע האָט מען אויסגעשלאָסן די פעלדפעבעלס און מיין פעלדפעבעל האָט פון איר אויסגעשלאָסן דעם שרייבער זיינעם...

אַרויסבאַגלייט האָבן מיר דעם האַלבן רעגימענט צום פראָנט, אַליין אויסגעשטאַטע צו דער שלאַכט. דאָס איז געטון געוואָרן כדי די אַפּגייענדיקע זאָל גרינגער זיין דאָס אוועקגיין און כדי די פאַרבלייבענע זאָלן זיך צוגעוויינען צום געדאַנק, אַז זיי זיינען נישט פריי פון גערופן ווערן... אָבער, נישט געקוקט אויף דעם גרייטן זיך צו מלחמה אין קאַזאַרמע — אונדזער רעגימענט האָט מען אויסגעפילט מיט רעזערוון: אָרטיקע פוילישע קאַרליקלעך און כאָכלישע פּאָלטאַוועער ריזן — איז אַ זעלנער אויסער דער קאַזאַרמע נישט מער ווי אַ מענטש און אַ יונגער מענטש, וואָס טראַכט נישט פון טויט, נאָר פון לעבן און זוכט צו קאָמפּענסירן זיין טרוקן און שטרענג קאַזאַרמע־לעבן מיט סענסאַציעס פון פרייקייט. איך האָב אָט די סענסאַציע געהאַט אין דער פולער מאָס.

איך האָב באַקומען נייע העברעיִשע לעקציעס אין אַ צווייטער קאָזעניצער גבירישער שטוב, די מיידלעך מינצבערג. איך האָב אָנגעהויבן אַריינקומען אין שטוב פון דעם קאָזעניצער רבין, ר׳ יחיאל משה פרידמאַן, אַדאַנק אַ צווייטן זעלנער, זיינעם אַ קרוב פון דער טשערנאָבילער גזע רביים, נחום טווערסקי, וואָס איז אויך פאַרבליבן אין קאָזעניץ, און האָב מיך באַקענט מיט זיינע טעכטער, אויפגעקלערטע. און נאָך פרייער בין איך געוואָרן ווען איך בין אַריבער אין דער אַרבעטס־ראָטע.

געשען איז עס פונקט אין קריסטלעכן פסח. מיין פעלדפעבל, אַ פאַמיליען־מענטש, וואָס האָט געוואוינט אויסער דער קאַזאַרמע, האָט

מיך צוגערעדט צו א „דבר עבירה", איך זאל אויסשרייבן עטלעכע פונט פלייש מער, ווייל ער וויל פארבעטן געסט צו זיך אויף יום־טוב. נאר חשבון איז חשבון און דער קאפיטאן הייכאן פון דער 1טער ראטע, וואס איז צוליב דוחק אין העכערע אפיצירן געווארן קאמאנדיר פונעם באטאליאן, האט נאכגעקאנטראלירט און געפונען די גנבה. געקומען איז ער אין קאזארמע, צוגערופן מיך, דעם שרייבער און געפרעגט וואס איז די מעשה... פאראטן דעם פעלדפעבל האב איך נישט גע־וואלט, א טעות האבן האב איך נישט געטארט, איז מיר געבליבן צו ענטפערן: שולדיק, אייער הויכער וואוילגעבוירן! איך האב געמוזט, אלס שרייבער, מיט די אייגענע הענט אנשרייבן אויף מיר א שטראף פון צען טעג ארעסט, אויסטון דעם גארטל און הייסן צוויי זעלנער זיי זאלן מיך אפפירן אין וואכט־הויז.

נאך איין טאג זיצן, האב איך שוין געהאט באשריבן אלע ווענט פון מיין שמאלן קארצער — א מעטער אויף א מעטער, מיט א קליין לעבל אויף ארויסצוקוקן — מיט אלערליי לידער וואס איך האב גע־קענט אויף אויסנווייניק און האבן געהאט א שייכות צו מיין לאגע: גארקים תפיסה־ליד און פון לערמאנטאוון:

„אטוואריטיע מניע טיעמניצו,
דאיטיע מניע סיאניע דניא,
טשארנאאקויו דיעוויצו,
טשארנאגריוואווא קאניא..."

עפנט מיר די תפיסה, גיט מיר די שיין פון טאג, א שווארץ־אויגיק מיידל, א שווארץ־גריוועדיקן פעלד... און ווי עמיצער וואלט דערהערט מיין געבעט, עפנט מען מיר דאס טירל פון מיין קארצער און מען הייסט מיר גיין אין קאזארמע.

דארט האב איך געטראפן דעם קאמאנדיר פונעם באטאליאן, א ריגער דייטש, און ער נעמט מיך מוסרן:

— איר, א לערער, — אירצט ער מיר — זאלט באגיין אזא נארישקייט!...

איך האב געשוויגן. וואלט איך נישט געשטאנען פאר אן אפי־ציר, וואס מען מוז פאר אים האלטן דעם קאפ אין דער הויך און קוקן גלייך אין די אויגן, וואלט איך פארשעמט אראפגעלאזט דעם

קאָפּ. איך האָב אָבער געמוזט קוקן „גלייך״ און דערפון אַליין האָבן זיך מיר געשטעלט טרערן אין די אויגן. ער האָט פאַרשטאַנען מיין שווייגן און אַ זאָג געטון:

— נו, נישטאָ וואָס צו ריידן. זייט אַזוי גוט און שרייבט אָן אַ ראַפּאָרט אויף צען טעג אַרעסט דעם פעלדפעבל אייערן!...

— זייט גנעדיק, אייער הויכער וואוילגעבוירן! — האָב איך בלויז געקענט אויסריידן. נאָר ער איז געווען האַרט ווי אַ שטיין. ער איז אַרויסגעגאַנגען פונעם שרייב־צימער מיט אַ לייכטער פאַרנייגונג און געזאָגט:

— זאָגט דער פריילן יוסטמאַן, אַז איך האָב איר בקשה דער־פילט...

אוודאי בין איך באַלד אַוועק אָנזאָגן מיין שילערן, אַז איך בין פריי און וואָס מיט מיר איז געשען. זי האָט שוין אַלץ געוואוסט. טאַקע קאָוואַלסקי האָט איר אַלץ דערציילט און זי האָט דאָס אויך אַזוי דער־ציילט דעם קאַפּיטאַן היימאַן און אים געבעטן פאַר מיר, פאַר איר לערער...

לויט אַלע כּללים פון די ראָמאַנען וואָלט איך באַדאַרפט מיין בלאָנדער אַכצניאָריקער שילערן מיט די צעבליטע באַקן ארומכאַפּן און קושן. און איך מוז מיך מודה זיין, אַז איך האָב געפילט אַ שטאַרקן דראַנג דערצו און אויך זי האָט דערויף געוואַרט און געפלאַטערט מיט אַלע אירע אַכצן יאָר. נאָר, ווי אין דער מעשה באותו חסיד, וואָס די ציצית האָבן אים געשמיסן אין פּנים אריין, האָט זיך אַוועקגע־שטעלט צווישן מיר און איר מיין זעלנערישער מונדיר און מיין לע־רערשאַפט און דער עיקר, דאָס געשטאַלט פון גיטל קויפמאַן, דאָס מיידל וואָס איך פלעג נישט קענען הערן אַז מען רעדט איר שידוכים און וואָס פאַר מיין אָפּפאָרן צום פּריזיוו, האָב איך איר אָנגעשריבן אין אַלבום אויף רוסיש אַ פראַזע פון גאָרקים אַ וואַגאַבונד, וואָס גנבעט אַוועק ביי אַ פריצה אין שטוב אַ זילבערנע פּאַרטשעפּקע פון אַן אַלבום און זאָגט: „יעסט או טשעלאָוויעקאַ זאַציעפּקאַ אי כאַראָ־שאָ יעמו״. האָט אַ מענטש אַ פּאַרטשעפּקע, איז אים גוט... איך האָב מיין שילערן בלויז פעסט געדריקט איר פּאַניענקע־האַנט און, ווי אַ קאַוואַליר אין אַ מונדיר, אַליין מסתמא אויך מיט צעפלאַמטע באַקן,

האָב איך צוגעטראָגן איר האַנט צום מויל און אַ ציטעריקן קוש געטון.

פון דאָרט בין איך שוין צוריק אין דער קאַזאַרמע פון דער 4טער ראָטע נישט געגאַנגען. אין עק וועלט וואָלט איך דעמאָלט אַוועק. נאָר אַוועק בין איך אין דער אַרבעטס ראָטע, אויפגעזוכט דעם פעלדפעבל, וואָס האָט געוואוינט ביי דער זייט און אים דערציילט פון מיין אומגליק און אים געבעטן ער זאָל מיך נעמען צו זיך אין ראָטע פאַר אַ מאָלער.

געווען איז צווישן די צוויי פעלדפעבלס אַ לאַנגסטיקע שנאה, שוואָגערס זיינען זיי געווען, ביידע די איידעמס פון דעם אַלטן קאַפּעלמייסטער סטאַריקאָוו, און ער האָט שוין געוואוסט פון דער גאַנצער מעשה און האָט זיך דערפרייט איבער מיר:

— וועסט לערנען מיין וואַנקען!...

שוין אויפן צווייטן טאָג איז געווען אינעם טאָג־באַפעל מען זאָל איבערשיקן דעם און דעם זעלנער פון דער 4טער ראָטע אין דער אַרבעטס ראָטע מיט דעם געלעגער זיינעם. מיינע זאַכן האָט מען מיר שוין געבראַכט און פון דעמאָלט אָן ביז איך בין געוואָרן במעט בלויז לערער. איך בין אַריין אין דער מאָדע. דער באַלעבאָס פון דער קאָזעניצער ביר־ברויעריי, צמח, וואָס האָט געשטאַמט, ווי ער האָט זיך באַרימט, פונעם „צמח צדק", האָט מיך פאַרבעטן פאַר אַ לערער צו זיינע קינדער.

:: :: ::

זומער, ווען דער רעגימענט גייט אַוועק אין „לאַגער", ערגיץ לעבן קאָנסק, בין איך פאַרבליבן אין שטאָט. ערשט סוף זומער, צו די שיס־איבונגען, האָב איך, מיט אַ גרופּע פון נאָך עטלעכע אידישע זעלנער בעל מלאכהס, געמאַכט אַ שפּאַציר פון 140 קילאָמעטער צופוס פון קאָזעניץ קיין קאָנסק.

יענער שפּאַציר ליגט מיר ביז היינט אין טעם צוליב דער וואונדערלעכער מעשה, וואָס דער קאַראַסטישעווער מוליער קרעדענצער, אַ זעלנער מיט אַ באָרד, האָט אָנגעהויבן דערציילן ביים אַרויסגיין פון קאָזעניץ און ווען מיר זיינען אָנגעקומען קיין קאָנסק, האָט ער זי נאָך נישט געהאַט פאַרענדיקט.

איך האָב דעמאָלט אויך געהאט די געלעגנהייט זיך צו באַקענען אין וועג מיט א ריי פּוילישע אידישע שטעטלעך, וואָס ליגן אויפן שאָסיי, מיט זייערע אכסניהס און קלייטלעך, מיט זייערע געזונטע באַלעגאָלע־יונגען און מיט זייערע באַלעבאַטישע און יאַטישע צאַרטע און פלאַמיקע טעכטער.

קאָזעניץ איז אַ שטאָט פון שיסטער און איז אויך געווען אַ פּאָ־זיציע פון „בונד". דער פירער פון „בונד" אין קאָזעניץ איז געווען וויינבערג, אַ לערער, אַ קרוב פון דער רייכער משפחה יוסטמאַן; עס פלעגט אויך אַראָפּקומען אהין פון ראַדאָם, זיינער אַ ברודער, אַ סטו־דענט, וואָס האָט געקלעפּט צו פּע־פּע־עס; אַן אנדער ברודער זיינער האָט געלערנט אין פּאַריז און איז געווען מיטגעפאָרן מיט פּראָפעסאָר פּיטעלעוויטשעס עקספּעדיציע קיין אַביסיניע, אויסצופאָרשן די שיי־כות פון די פאַלאַשן אין דער מדינה פון דער מלכה שבא צו די אידן. זיי האָבן געוואוסט, די וויינבערגס, אַז איך בין אַן אָנהענגער פון „איסקרא", נאָר קיין פּאַרטיי־דיסקוסיעס האָבן מיר נישט געפירט, כאָטש מיר פלעגן זיך טרעפן זייער אָפט. ביי מיר איז געווען נאַטיר־לעך, אַז קאָזעניץ זאָל זיין בונדיש. איך פלעג אַריינקומען אין אַ שוס־טערישער שטוב און האָבן פאַרגעניגן ווי אַזוי אַ יונג בחור׳ל, וואָס האָט געאַרבעט ביי אַ צווייטן שוסטער, פלעגט ריידן פון סאָציאַליזם און אַרבעטער־קאַמף. די בונדישע טעאָריע וועגן קולטורעלער אויטאָ־נאָמיע איז אים נישט אָנגעגאַנגען. אגב האָט ער געהאט אַ שוואַרץ־חנעוודיקע שוועסטער, רעשקע די שוואַרצע, וואָס פלעגט זינגען מיט אַזאַ געשמאַק „אויפן פּריפּעטשיק ברענט אַ פייערל" און אַז זי פלעגט אויסזונגען: ווער פון אייך ס׳וועט בעסער לערנען, דער באַקומט אַ פּאָן... פלעגט זי דערביי אַזאַ שעלמיש פּרוּיאישן שמייכל טון, אַז עס פלעגט אַ צופּ טון ביי דער נשמה...

אידישע זעלנער זיינען בכלל געווען אויסגעקנופּט און אויסגע־בונדן מיט דער שטאָט, האָבן געהאט זייערע אידישע הייזער און גע־נאָסן פון אמתער פריינטשאַפט. טייל האָבן זיך מיט דער שטאָט פאַר־בונדן אויף שטענדיק און נאָכדעם ווי זיי האָבן פאַרענדיקט די דינסט־צייט, זיינען זיי פאַרבליבן דאָרטיקע איידעמס. אידישע זעלנער האָבן געהאט אַן אייגענע שיל, געקליבן אייגענע גבאים, אַן אייגענעם חזן

פון די זעלנער. די קיעווער אידישע שטעטלעך, ברוסילאָוו און ראדאָ־
מישל, האָרנאָסטייפּאָל און מאַקאַראָוו, קאַראָסטישעוו און מאַלין, האָבן
געשיקט קיין קאָזעניץ זייערע בעל מלאכהס און זייערע כלי קודש. אַז
דער רבי האָט חתונה געמאַכט אַ טאָכטער, זיינען אידישע זעלנער
געווען מחותנים און מלך פּאָרטנאָי, דער פייקלער פון דער אַכטער
ראָטע, איז געגאַנגען מיטן פייקל פאַר די חתן־כלה, ווען מען האָט
זיי געפירט צו דער חופּה. אין אַ שמחת תורה, ווען אידן זיינען גע־
גאַנגען מיט הקפות און געטאַנצט מיט דעם רבין ארום דעם בעלע־
מער, זיינען מיר, אַ גרופּע אידשע זעלנער, געשטאַנען ביי אַ זייט און
גענאָסן פון זייער התלהבות. איך האָב דעמאָלט באַקומען פון דעם
צדיק אַ פלאַם־פייערדיקן פּאַטש. צי האָט ער אים געוואָלט דערלאַנ־
גען זיין קרוב נחום טווערסקי, נאָר יענער איז צו הויך געווען אָדער
דאָס האָט ער זיך מיט מיר אָפּגערעכנט, פאַרוואָס איך פיר אַראָפּ
זיינע טעכטער פונעם דרך הישר און ברענג זיי צו לייענען טריף־פּסלען,
אַלנפאַלס, האָב איך אין זכרון דעם קאָזעניצער רבינס פּאַטש ווי אַן
אָנדענק פון מיין היימישקייט אין קאָזעניץ.

:: :: ::

קנאַפּע צוויי יאָר האָב איך פאַרבראַכט אין דער שטאָט פון מיינע
זעלנער־יאָרן, מיט קורצע הפסקות, ווען איך פלעג צופאָרן אין לאַגער
דורכמאַכן די שיס־איבונגען און איינמאָל, ווען מען האָט די שיטער
געוואָרענע רייען פון אונדזער רעגימענט געשיקט „באַרואיקן" די פּוי־
לישע קוילן־גרעבער. איך בין דעמאָלט אַרויס פון אַ נסיון: עס האָט
געהאַלטן דערביי מיר זאָלן שיסן אויף די „פּאַלאַקן". אַ סך פון אונדז
האָבן דעם נסיון אויסגעמיטן דערמיט וואָס זיי זיינען אַריבער די
נאָנטע גרעניץ. נאָר איך האָב ביי זיך נישט געקענט פועלן צו אַנט־
לויפן פון דער רעוואָלוציע וואָס הויבט זיך אָן צו צעוויגן און רייסט
זיך פון אונטער דער ערד...

ווען איך בין צוריקגעקומען פון דער „באַרואיקונגס־מיסיע", סוף
זומער 1905, האָב איך באַקומען אַ לאַנגן בריוו פון מיין ברודער יאָסל,
וואָס האָט דעמאָלט געאַרבעט אין אָדעס, אין וועלכן ער האָט באַשריבן

דעם אויפשטאַנד פון דעם קרייצער פּאָטיאָמקין, די שריפה אינעם האפן, דעם געיעג פון די קאָזאַקן אויפן עולם, דעם אויפברויז אין אדעס... איך האָב געלייענט דעם בריוו פאַר מיר און פאַר מיינע חברים פון דער אַרבעטס ראַטע און מיר האָבן זיך איבערגעקוקט און זיך ווי געפרעגט: און מיר, וואָס טוען מיר דאָ?

לעבן דער אַרבעטס ראַטע איז געשטאַנען די שול פון די אונטער־אָפיצירן און די לערע איז דאָרט אָנגעגאַנגען אין אַ ברייטן לייוונטע־נעם געצעלט מיט פאַרהויבענע פּאָלעס. איך בין פאַרבייגעגאַנגען און האָב נישט געגלויבט מיינע אויערן; דער אַדיוטאַנט פונעם רעגימענט, וואָס ער איז דער אָנפירער מיט דער שולע, רעדט פאַר די קינפּטיקע אונטעראָפיצירן: „גרויסע טעג קומען אָן פאַר רוסלאַנד, די ביז איצ־טיקע יסודות אירע ברעכן זיך...” און דעמאָלט איז געקומען מיין באַשלוס: איך מוז זיין אין אדעס.

מיר איז נישט שווער געווען צו פועלן ביי מיין פעלדפעבל, ער זאָל מיך שטעלן אויף דער ערשטער ריי צום אורלויב. ער האָט מיר נאָך צוגעהאָלפן איך זאָל באַקומען אַ נייעם מונדיר מיט אַ נייעם שינעל צום פאָרן. אָפּגעבאַקן האָט דאָס וויב זיינס אַ ברייטן שיינעם קוילעטש, אַ אידישן פורים־קוילעטש, און האָט מיר אים מיטגעגעבן אַ מתנה פאַר אירן אַ ברודער, וואָס דינט אין אדעס.

איך האָב מיך געזעגנט און בין אַוועק צופוס צו דער סטאַנציע גאַרבאַטקע. געווען איז עס דעם 11טן אָקטאָבער ביינאַכט; וואַרטנדיק אויפן צוג האָב איך, ביים בופעט שטייענדיק, געגאָסן אין זיך איין קעלישאָק „וואָדקע” נאָכן צווייטן, ווי איך וואָלט געגאַנגען ווער ווייס אויף וועלכן „פּאָדוויג”, אויף אָן אויסערגעוויינלעכער העלדישקייט. דער צוג איז אָנגעקומען און עמיצער האָט מיר אַ זאָג געטון אויף פויליש:

— אייל זיך צו, זעלנערל, ס'איז מעגלעך, דער לעצטער צוג אויף לאַנגע טעג...

ער האָט רעכט געהאַט, דער אומבאַקאַנטער. געדאַרפט האָט דער צוג גיין ביז בריסק און דאָרט זיך בייטן. נאָר צוגעקומען איז ער ביז לובלין און ווייטער גייט ער נישט.

— אַ באַן־שטרייק איבער גאַנץ רוסלאַנד! — דערקלערט מיר

דער קאָנדוקטאָר מיט א מין טראַציקייט, ווי איך וואָלט דאָס געווען דער קעגן וועמען דער שטרייק איז דערקלערט געוואָרן.

— ניעאוזשעלי! — האָבן זיך ביי מיר די אויגן צעגלאַנצט מיט אזא פרייד, אז דער קאָנדוקטאָר האָט זיך אזש דערשראָקן; ער האָט געמיינט איך גיי אים ארויפאַלן אויפן האַלדז און צעקושן זיך מיט אים.

מיר שטייען אויפן פּעראָן, באַן־באַקאַנטע: א לוצקער אידישער זעלנער, א קאַוואַלעריסט, וואָס רעדט ליטעראַריש: ער זאָגט נישט פּיפּצן, נאָר פּופּצן; אַן אַדעסער פּאָר־פּאָלק, וואָס פּאָרט פון וואַרשע, פון אירע עלטערן, אהיים; א וואַיאַזשאָר פון מאַיעוועסקים בלייפע-דערס, וואָס הערט נישט אויף שיטן מיט וויצן.

— אַט וועט איר זען, — זאָגט דער וואַיאַזשאָר — איך גיי אריין צוריק אין וואַגאָן און צי מיך אויס אויף א באַנק; מ'עט מיר נאָך געבן א קישן אויך!

איך האָב דאָס אָנגענומען גאָרנישט ווי קיין וויץ, נאָר ווי א גאַנץ לאָגישע פּאָדערונג און זאָג אים, אז ער האָט רעכט: דעם שטרייק האָט מען דאָך געמאַכט נישט קעגן אונדז, נישט קעגן די פּאַסאַזשירן, נאָר קעגן יענעם דאָרט אין די הויכע פּענצטער, דאַרפן מיר דאָס צו וויסן געבן און... פאַרוואָס מאַקע נישט צולייגן א קנייטל? — גיב איך צו.

— אויף מיינע נאמנות, ס'איז א פּלאַן! — רופט זיך אָפּ א זייטיקער איד מיט א פּעקל און מיר לאָזן זיך צום שעף פון דער סטאַנציע און אַלע נאָך אונדז: פאָדערן האָטעלן. האָטעלן זאָל מען אונדז געבן!...

קיין האָטעלן האָט מען אונדז נישט געגעבן, נאָר געצאָלט האָט מען אונדז א רובל א טאָג, אזוי 25 טעג, ביז עס האָבן זיך אָנגע-הויבן רירן באַנען ערגיץ אין כעלם, אין בריסק, אָן דער אחריות פון די ארבעטער...

:: :: ::

אין די 23 טעג וואָס איך בין געווען אין לובלין, א געפאַנגענער פונעם באַן־שטרייק, האָב איך מיך באַקענט מיט דעם געדיכטסטן פוי-

לישן מיטלאַלטער, אין וועלכן דאָס נייע, האָט זיך מיר געדאַכט, שלאָגט זיך דורך מיט גרויס מי און מאַטערניש און ווערט דערביי אַליין באַ־פאַרבט מיט דער גרויקייט און באַשאָטן מיט דעם שטויב פון יענע, אַלטע צייטן. דער גרויסער טאָג פון 17־טן אָקטאָבער, וואָס האָט פאַר־זאַמלט אַן ערך 100.000 מענטשן צו אַ מאַניפעסטאַציע פון דער פרייד מיט דער געגעבענער קאָנסטיטוציע, איז געווען איינגעטונקען אין קאַ־טוילישע צלמים און טיכער און אָנגעהויבן האָט ער זיך מיט אַ... רע־וויזיע פון גרופּעס אַרבעטער איבער די וואוינונגען פון פּאַלאַקן, וואָס וואוינען מיט נישט געזעצלעכע ווייבער... די „פּיאַסקעס", די געגנט ביים וואָקזאַל, וואו איך האָב אָט די רעוויזיעס צוגעזען, איז פול געוואָרן מיט היסטערישע געשרייען און סקאַנדאַליעזע סצענעס...

אויף אָט די „פּיאַסקעס" זיינען אינעם מיטלאַלטער געשטאַנען די תליות צו הענגען פאַרברעכער און די פּלעקער, אויף וועלכע מען פלעגט זיי אַרויפשטעקן... ס'איז מיטלאַלטער.

איך האָב באַזוכט די אַלטע קאָשטשעלן (קלויסטערס) מיט זייערע בלענדנדע רייכטימער און געזען אין זיי אַזאַ טיף־קניענדיקע און טיף־זינקענדיקע פרומקייט, אַזאַ פינצטערע קנעכטשאַפט, וואָס איז מיר ביז דעמאָלט נישט באַקאַנט געווען. אין די אוקראַינישע קלויסטערס זעט מען דאָס נישט.

געווען איז עס אויך דעם ערשטן מאָל אין מיין לעבן וואָס איך האָב געזען אין דער ווירקלעכקייט, און נישט אין מיין פאָרשטעלונג, אַ געטאָ. פון דער הויכער זוניקער שטאָט־געגנט, בין איך ווי אַראָפּגע־פאַלן אין אַ קויטיקן אַלטן מאַרק מיט געוועלבלעך אין דיקע גרויע ווענט איינגעשניטן.

געזען האָב איך דאָ אויך טעאַטער פּויליש, די אָפּערעטע „עראָס און פּסיכע", געשפּילט פון אַ וואַרשעווער טרופּע, און אויך אַזאַ פּריוואַ־ליטעט האָב איך אין די אַדעסער טעאַטערס נישט באַגעגנט.

דאָרט אויך האָב איך אויפגעזוכט די לובלינער אידישע אַרבע־טער באַוועגונג. אין אַ בוידעם שטיבל, אַ פאַרחושכטן, עטלעכע יונגע־לייט, אויך אַזעלכע טרויעריקע ווי די קויטיקע ווענט פון דעם שטיבל. איך האָב דעם אַדרעס מיטגענומען פון קאָזעניץ. זיי האָבן זיך דער־פרייט מיט מיר, מיט דעם זעלנער, וואָס ברענגט זיי אַזאַ אָנגעלעגטן

גרוס. נאָר פּאַרוואָס שיינען נישט ביי זיי די פּנימער אַזוי העל ווי ביי מיינע צעזונגענע און צעשפּילטע אַדעסער חברים און חברטעס, צו וועלכע איך רײַס מיך איצט? דאַכט זיך אַזעלכע האַרציקע, מיט כמעט קינדישן צוטרוי, וואָס מען זעט דאָס נישט ביי אונדזעריקע, נאָר אַ טרויער ליגט אויף זיי, דער געטאָ־טרויער, וואָס אויך ער איז אונדזערע פרעמד...

אָט די שטיינערנע ווענט מיט זייערע געוועלבער, זיינען אַ רעשט פון יענע מויערן און טורעמס מיט זייערע מויערן, וואָס האָבן אַרומ־גערינגלט די „אידישע שטאָט" אָדער ווי מען האָט זי אויך גערופן „דאַלנע מיאַסטאָ". דערמאָנט האָבן זיי מיר אַביסל לובלינער געשיכטע: דאָרט איז געווען די ערשטע אידישע דרוקעריי, ווי מען רעכנט; דאָרט האָבן געוואוינט די „פּרנסים" פונעם „ועד ארבע ארצות", פון אָט דעם רעליגיעזן אידישן סיים, וואָס האָט פאַרטראָטן גרויס־פּוילן, קליין פּוילן, גאַליציע מיט פּאָדאָליע און וואָלין, און פלעגט אָפּהאַלטן זיינע זיצונגען בעת די לובלינער יאַרידים, און דערמאָנט האָבן זיי מיר אויך בילבולים און שחיטות, ווי לובלינער אידן זיינען געגאַנגען אין טליתים און קיטלען צו זייער אייגענער קבורה אין אַן ערשטן טאָג סוכות אין די יאָרן ווען כמעלניצקיס קאָזאַקן האָבן דאָרטן געהוליעט.

צוריק אַרויפקומענדיק פון דער געטאָ, בין איך אויף דער ברייט־טער בריק, איבער דער ביסטריצאַ, אַריינגעגאַנגען קויפן פּאַפּיראָסן אין אַ טאַבאַק־קלייטל און געטראָפן אַ פּאָר אידן מיט פּאַרשניצטע שוואַרצע בערדלעך איבערגעבויגן איבער דער „הצפירה". ווי ווייט איז פון גראָסעלעס ביז לובלין, — האָב איך מיר געטראַכט, און אָט האָסטו דיר!... פונדעסטוועגן, איז די השכלה אפילו און דער ציוניזם דאָ, מאָדנע טרויעריק. איך האָב געבעטן מיר דערלויבן אַ קוק טון אין „הצפירה" און די פּאַרשניצטע שוואַרצע בערדלעך האָבן אַ קוק געגעבן אויף מיר, דעם בלאָנדן „יוון", מיט אַ מין חשד, וואָס האָבן מיר שטאַרק דערמאָנט דעם חשד פון דעם קאָזעניצער אינגעלע, ביי וועלכן איך האָב געבעטן אַ קוק טון אין סידורל...

:: :: ::

דערהערט אַז פון כעלם קיין בריסק האָט גענומען גיין אַ באַן, זיינען מיר אַוועק, עטלעכע זעלנער, וואָס זיינען אַזוי ווי איך, שטעקן געבליבן אין לובלין, אויפן וועג צו זייערע היימען, צופוס קיין כעלם איבערן שאָסיי. אין כעלם, האָב איך מיך אַריינגעשטופּט אין אַ וואַגאָן פון אַ צוג וואָס איז געגאַנגען, אָן קאָנדוקטאָרן און אָן בילעטן, קיין בריסק.

אויפן בריסקער וואָקזאַל האָב איך מיך ערשט רעכט דערוואוסט און מיט די אייגענע אויגן געזען וואָס אַזוינס עס איז געשען און וואָס אַזוינס עס געשעט אין רוסלאַנד. די וואַרט-זאַלן זיינען פול באַזעצט געווען מיט בערדיקע זעלנער אין צעפליקטע היטלען און שינעלן, צו־ריקגעקומענע פונעם פראָנט און אויף זייערע קלומקעס זיצנדיק אויף דער ערד, גאַנצע משפחות, מענער, פרויען און קינדער, וואָס וואַרטן דאָ לאַנגע טעג אויף אַ באַן.

צווישן קלומקעס, דערזע איך אָסיפּן, אָסיפּ דעם איינבינדער פון דער „יוזשנאָרוסקע" וואָס ביי אים אין קעלער־שטוב, אין אַ הויף אויף דער מיעשטשאַנסקע, פלעגן מיר האָבן אַ טעאַרעטיש קרייזל. אַ שוואַר־צער, אַ פאַרוואַקסענער, זיצט ער און שווייגט.

— וואָס טוט איר דאָ, אָסיפּ? — איך פלעג אים אירצן, ווייל ער איז געווען אַ סך עלטער פון מיר און איז שוין געווען אַ מטופל מיט ווייב און קינדער.

— וואָס זאָל איך טון? איך טו וואָס אַלע אידן טוען. איך פאָר קיין אַמעריקע... און דו?

— איך פאָר קיין אָדעס... פון פוילן פאָר איך...

— דאַרף איך דיר שוין גאָרנישט דערציילן... וועסט זיין אין אָדעס, וועסטו שוין אַליין וויסן פאַרוואָס מען פאָרט קיין אַמעריקע... הער אויס, אָט דאָ פאָרט אַן אָדעסער איד, פון דאַלנע וואָסטאָק (וויטן מזרח) פאָרט ער, געווען אויף דער מלחמה, שטעקט ער דאָ און קען זיך נישט דערשלאָגן אַהיים, וועסט אים טון אַ גרויסע טובה אויב דו וועסט אָפּגעבן אַ גרוס פון אים, אַז דו האָסט אים דאָ געזען און אַז ער וועט אינגיכן אַהיימקומען. ער ווייסט גאָרנישט נישט וואָס אין אָדעס איז פאָרגעקומען און אַז זיין ווייב מיט די קינדער וואוינען

איצט אינעם „פּאַדזעמנע כאָד" (אונטערערדישער וועג) אויף טריאַב־אוגאָלנע...

— וואָס איז דען פּאָרגעקומען אין אַדעס?

— א פּאָגראָם!... פּאָגראָמען זיינען פּאָרגעקומען אין אַדעס אינעם טאָג ווען אַדעס האָט געפּראַזדנעוועט די קאָנסטיטוציע!... א סך בלוט האָט זיך געגאָסן אין אַדעס, דאָס וואָיסק מיט די כוליגאַנעס אינאיינעם האָבן געשאָסן אויף די מירנע אָביוואַטעליעס... דאָס וואָיסק האָט געהאָלפן די כוליגאַנעס ראַבעווען די הייזער און שלאָגן ווייבער און קינדער. מיר האָבן געמאַכט באַריקאַדעס אויף מאַלאַ אַרנאַוטסקע, „איסקרא" און „בונד" און די ציוניסטן, מיר האָבן א סך פון זיי אַוועק־געלייגט, פון די כוליגאַנעס... זיי וועלן האָבן צו געדענקען... נאָר איך בין אַרויס א צענעהריגטער, א צעבראָכענער, איך קען שוין נישט...

ביי אָסיפּן האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן און איך האָב מיר געטראַכט די גאַנצע צייט וואָס ער האָט דערציילט: — אַך, ווען איך בין דאָרטן דאָ! איך מיט מיין שיסן! קיין איין קויל מיינע וואָלט איך נישט פאַרפעלט!...

מיין זעלנערשער שינעל האָט מיר געעפנט א שפּאַלט אין א פול אָנגעשטאָפּטן וואַגאָן פון א צוג, וואָס האָט זיך געלאָזט טאָפּז דעם וועג צו קאַזאַטין. פון קאַזאַטין קיין אַדעס איז שוין דער וועג געווען נאָרמאַליזירט. אָנגעקומען בין איך קיין אַדעס דעם 6טן נאָוועמבער, נאָכדעם ווי מיין גאַנצער אורלויב נאָך מיט א שמיץ איז אויסגערונען אין וועג.

# אין די פרייהייטס טעג פון 1905

געקומען בין איך צו מיין עלטערן ברודער, וואָס האָט געוואוינט אויף קאַטערינינסקע און מאַלאַ אַרנאָוטסקע און דאָרט געהאַלטן אַ בופעט. דאָס ערשטע וואָס איך האָב דערזען, זיינען געווען די לעבער פון די סאָלדאַטסקע און כוליגאַנישע קוילן אינעם פּאַסאַד, פון שיסן אַרויף צו די אויבערשטע פענצטער און אין די שטאָרן. געוויזן האָט ער מיר אויך אַ סימן פון בלוט אויף דעם ברוק ביים אַריינגאַנג אין טויער. דאָרט זיינען דערשאָסן געווען צוויי אידישע יונגעלייט, מיט־גלידער פון דער זעלבסטשוץ, וואָס האָבן זיך געוואָלט אַריינכאַפּן, נאָכ־דעם ווי זיי האָבן געמוזט אָפּטרעטן פון דער באַריקאַדע. איך בין אַוועק צום „פּאָדזעמנע כאָד", צו די קאַטאַקאָמבעס, וואָס ציען זיך פון טריאָכ־אונגאָלנע פּערעאולאָק רונד אַרום האַלב אַדעס ביז צום האַפּן, אַ הייל וואָס האָט אַמאָל געדינט די קאָנטראַבאַנדיסטן און וואו איצט האָבן זיך באַזעצט די צעראַבעוועטע און צעשלאָגענע אידישע משפּחות. איך האָב אויפגעזוכט די משפּחה פון דעם אידישן זעלנער, וואָס איז צוריק־געפאָרן אַ צעבראָכענער פון דער מלחמה, און בין פון דאָרט אַרויס אַליין אַ צעבראָכענער. דער אומגליק פון דער פרוי מיט די קינדער האָט געקענט מויערן איינברעכן...

איך בין אַוועק צו מיינע חברים און האָב זיי געטראָפן גאָר אַנ־דערע. נישט קיין דיסקוסיעס פירן זיי, נאָר רעוואָלווערן האַלטן זיי. — אָך, ווען איך בין דאָ מיט מיין שיסן! קיין איין קויל וואָלט איך נישט פאַרפעלט! —האָב איך ערשט איצט אַרויסגעזאָגט אויפן קול דאָס וואָס איז מיר פון בריסק אָן פונעם מוח נישט אַרויס!...

איך האָב אָפּגעפּירט דעם קוילעטש, וואָס מיין פעלדפעבלס ווייב האָט געשיקט אַ מתנה צו איר ברודער אין קאַזאַרמע. געווען איז ער זייער שטאַרק פאַרשימלט און איך האָב מיך געשוּבט צי זאָל איך אים אָפּגעבן, נאָר מיר איז דעמאָלט אַפילו אויפן געדאַנק נישט געקומען, אַז איך וועל נישט צוריקפאָרן אין מיין רעגימענט אָפדינען מיין צייט, און אַ מתנה איז אַ מתנה...

ערשט ווען איך בין געקומען אין דער אָדעסער קאָמענדאַטור זיך צושטעלן און בעטן באַשטעטיקן, אַז איך האָב זיך געמעלדעט אַ פאַר־שפּעטיקטער נישט צוליב מיין שולד און פרעגן צי קען איך דורך דער קאָמענדאַטור בעטן מען זאָל מיר פאַרלענגערן דעם אורלויב, איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז איך האָב מער נישט וואָס צו טון אין מיין רעגי־מענט. מיר האָט דאָס געגעבן צו פאַרשטיין דער שרייבער ביים אויפ־נאַם־טיש.

— צו וואָס טויג עס אייך, בירגער? — האָט ער מיר געזאָגט.
— מען וועט אייך דעם אורלויב נישט פאַרלענגערן... אַ אידן אוודאי נישט... ביי איצטיקער לאַגע...

די ווערטער פונעם שרייבער — אַ ברייטער רוס — זיין באַטיט־לען מיך מיט דעם נאָמען „בירגער", וואָס איז פאַר מיר געווען אַ נייס, ווי זיין אָנדייט אויף דעם אַנטיסעמיטיזם, וואָס הערשט אינעם רוסישן מיליטער נאָך דעם 25 טאָגיקן רעוואָלוציאָנערן באַן-שטרייק איבער גאַנץ רוסלאַנד, אין וועלכן מען האָט אָפן באַשולדיקט די אידן, ווי אין דער גאַצער רעוואָלוציע, האָבן מיר פאַר די אויגן אוועקגע־שטעלט אַ גאַנץ נייע פּערספּעקטיווע, וואָס איך האָב ביז דעמאָלט נישט צוגעלאָזן צו מיר: פריי זיין!...

די אָדעסער ברייטע און פרייליכע גאַסן, באַגאָסענע מיט גאָל־דענער האַרבסטיקער זון, האָבן זיך צעשפּילט פאַר מיר מיט זייער גאַנצער פּראַכט, ווען איך בין אַרויסגעקומען פון דער קאָמענדאַטור. איך האָב מיטאָמאָל דערשפּירט אין זיי דאָס נייס, וואָס דער פּאָגראָם אַפילו האָט נישט געקענט פון זיי אויסרויכערן און פאַרטרייבן. — אַ גוט מאָרגן, בירגער! — האָבן זיי מיך באַגריסט מיט דער אָדעסער אָפנקייט, ברייטקייט און הילכיקייט.

איך בין צוריקגעקומען צו מיין ברודער אין שטוב און האָב אויפן

טיש געטראָפן פרישע נומערן „פריינד". די זון האָט אַ שפּיל געטון אויף זיי, אויף ביאַליקס „משא נעמיראָוו", וואָס איז דאָרט געווען אָפּגעדרוקט... גאָט האָט מיר געשענקט אַ צווילינג, אַ שחיטה מיט אַ פּרילינג... האָב איך געלייענט און געטראַכט האָב איך: איז אַוועק די שחיטה און דער פּרילינג איז פאַרבליבן... און געקומען איז מיר פאַר די אויגן דער מאָדנער הומאָר, דער הומאָר פון שחיטה און פּרילינג, וואָס איז אויסגעגאָסן געווען אויף דער אידישער ווי אויף דער רוסישער ליטעראַטור פון יענע טעג: דינעזאָנס „שמשון שלמה מיט זיינע פערד", שלום עליכמס „דער פעטער פיניע מיט דער מומע רייזי", אמפיטעאַטראָווס סאַטירעס, אַלטאַלענאַס (וו. זשאַבאָטינסקים) פעליעטאָנען אין „אָדעסקיאַ נאָוואָסטי", די פריילעך געשריבענע „יוזשנאָיע אָבאָזרעניע".. ווי קען מען, מיט אַן אמת, פאַרבייטן אָט דעם אַדעסער גאָלדענעם האַרבסט מיט זיין שפּיל פון לוסט און געפאַרן, אויף די קאָזעניצער בלאָטעס מיט מיין העברעישער לערעריי, וואָס האָט מיר שוין אָנגעהויבן צו דערסן, און דאָס שטעלן זיך אין פראָנט פאַר יעדן אָפיציר!...

:: :: ::

אַ חבר איז מיר געקומען אָנזאָגן, אַז אין אוניווערזיטעט סומט פאָר באַלד נאָכמיטיק אַ מיטינג פון דער „מילטערישער אָרגאַניזאַציע", איז אפשר וויל איך גיין און אים אויך אַריינעמען...

מיך, אין מיין זעלנערישן שינעל, האָט מען אויף די הענט אויפגעהויבן און איבער די קעפּ פונעם עולם, וואָס האָט זיך געשטופּט און נישט געקענט אַריינקומען, ממש אַריינגעטראָגן אינעם זאַל. אַנדערע דאָבן פּראָטעסטירט און געשריגן, אַז איך בין אַן איבערגעטועטער סטודענט און מיין חבר איז טאַקע געבליבן אין דרויסן.

גערעדט האָט דאָרט דער חבר אַלעקסאַנדר. איך געדענק נישט וואָס ער האָט געזאָגט, איך געדענק נאָר זיין שטימע, וואָס האָט זיך ווי אַ העלער דונער געקייקלט איבער דעם ברייטן אָנגעפולטן זאַל. און ווי האָב איך געקענט פאַרגעדענקען וואָס ער האָט געזאָגט, אַז געטראַכט האָב איך גאָר בעת מעשה וועגן דעם טאָג פון 17טן אָסטאָ־

בער, וואָס פאַרבראַכט האָב איך אים אין לובלין און מיטגעגאַנגען מיט דער פויליש־קאַטוילישער מאַניפעסטאַציע, בעת דאָ אין דער זו־ניקער אַדעס, האָט דער העלער גדונער פון אַזעלכע רעדעס זיך גע־שפּרייט איבער דער פרייער אַדעסער לופט צוזאַמען מיט דעם גע־פלאַטער פון די רויטע פאָנען...

מער האָב איך זיך שוין צוגעהערט צו דער רעדע פון אַן אוק־ראַאינישן סאָציאַליסט אין אוקראַיניש. דאָס איז געווען דעם ערשטן מאָל ווי איך האָב געהערט אַ רעדע אין אָט דער פאָלקס־שפּראַך. אין כאָכליש האָב איך ביז דעמאָלט געהערט בלויז דינגען זיך אויפן מאַרק, געהערט זינגען און אַליין געזונגען שעווטשענקאָס „וויוט וויטרי" און די כאָרן פון די שניטער און שניטערנס אויף יענער זייט טייך, גע־לייענט קאָטליאַרעווסקיס איבערזעצונג פון ווירגילים „ענעידאַ", אַן אַריבערגעשמוגלטע פון לעמבערג, געזען „נאַטאַלקאַ פּאָלטאַווקאַ" און „זשידיווקאַ וויכריסטקאַ", נאָר אַ רעדע אין כאָכליש?!... אַ פּאָליטישע, אַ רעוואָלוציאָנערע רעדע פאַר זעלנער!...

און גערעדט האָט ער טאַקע וועגן אָט דעם ענין, וועגן דער פּאָ־ליטישער דערציאונג פונעם אוקראַאינישן פאָלק, וואָס באַנעמט דאָס נישט אין רוסיש, ווייל ער באַטראַכט רוסיש פאַר דער שפּראַך פון זיינע אונטערדריקער, פון דעם טשינאָווניק און פון דעם פּריץ... גע־טראַכט האָב איך נאָר דערביי, אַז אידן זיינען אין דעם פּרט אַביסל גליקלעכער, וואָרום די אידישע מגידים און מטיפים ריידן דאָך אידיש אין די שילן און אידישע ביכער און צייטונגען דאַרף מען שוין נישט, ווי די כאָכלישע, אַריבערשמוגלען פון אויסלאַנד...

דעם זעלבן אָוונט האָב איך געהאַט אַן איבעראַשונג: מיין ברודער יאָסל, וואָס מען האָט אים אָפּגעגעבן פאַר אַ זעלנער נישט געקוקט אויף דער „לגאָטע" זיינער, דאָס הייסט אויף דער פּריווילעגיע, וואָס איך, זיין עלטערער ברודער, בין אַ זעלנער, און האָט זייט זיבן טעג געדינט אין קעשענעוו, איז פּלוצים אַריינגעקומען. אויף אונדזער שטוי־נען, האָט ער בלויז געענטפערט מיט אַ פאַרשטיקט קול:

— כ'האָב מער נישט געקענט!...

ווען ער איז געוואָרן באַריידעוודיקער, האָט ער דערציילט: די אַטמאָספער אין קאַזאַרמע איז אַן אוממעגלעכע. דער אָפיציר האָט

פאר זיי געהאלטן א רעדע, גערעדט וועגן ליבע צום צאר און צום פאטערלאנד און וועגן די שונאים פונעם פאטערלאנד, די אידן, וואס זיינען שולדיק אינעם דורכפאל פון דער מלחמה און אויך אין די פאַגראמען... און ווי אזוי ער, מיין יאסל, האט נישט געקענט פארשווייגן און אפגענטפערט דעם אפיציר און א אידישער רעקרוט, וואס איז לעבן אים געשטאנען, האט אים געצויגן ביים רעקל: יהודי בלא... און דאס האט אים נאך מער געערגערט און אט אזוי, א געערגערטער, האט ער ארויסגענומען א פארל וועש, זיך געבעטן ביים אונטעראפיציר ער זאל אים לאזן גיין אין באד און איז אנשטאט דעם אוועק צום וואקזאל און.. אט איז ער דא...

דעמאלט טאקע האבן מיר באשלאסן, איך מיט מיין ברודער יאסל אריבערכאפן זיך די גרעניץ... וואוהין? יונגע מענטשן ווערן אין ערגיץ נישט פארפאלן... איין מניעה נאר, אויף הוצאות האבן מיר נישט. איז דערצו פאראן אן עצה: מירן בלייבן אין אדעס א פאר חדשים ביז מירן פארדינען אויף הוצאות...

איך האב נאך די נאכט אנגעשריבן א פאסט-קארטל צום אפיציר פון דער ארבעטס ראטע אין קאזעניע, צום קאפיטאן ראדע, ער זאל זיך אויף מיר נישט ריכטן, ווארום ווען ער וועט באקומען דאס פאסט-קארטל, וועל איך שוין זיין אריבער די גרעניץ און גריסן דאס פרייע פאטערלאנד פון זיינע עלטערן, די שיינע שטאט בריסל, וועגן וועלכער ער האט אונדז זיינע „קינדער" אמאל דערציילט, צוקוקנדיק ווי מיר פארבן א וואגן..

און אינדערפרי בין איך אוועק אויפן „טאלטשאק", האב פארקויפט מיין נייעם זעלנערישן שינעל מיט זיינע רויטע „פאגאנעס", אויף וועלכע עס איז געווען אפגעשטעמפלט א געלער 7, דער נומער פון מיין דיוויזיע; מיין מונדיר האב איך אוועקגעגעבן איבערנייען אויף א „קורטקע" און בין אוועק ארבעטן. געווען איז עס פונקט אינעם סעזאן פון איינבינדעריי, פון ערב ניי-יאריקער קאנטאר-ארבעט, און לאנג זוכן האב איך נישט באדארפט.

איך מוז דא אפצאלן א חוב מיין מייסטערס שווענערן, אנא, א יונג מיידל, וועלכע איז געווען באקאנט ווי א איד אין „אשרי", אין די פראגראמען פון די צוויי „טאלקן" פון דער רוסישער סאציאל-דע-

מאַקראַטיע: אינעם באַלשעוויסטישן, מיט לענינען אַן דער שפּיץ און אין דעם מענשעוויסטישן, מיט פּליעכאַנאָוון, מאַרטאָוון א"א, און קערנדיק די „סטרוזשקעס" פון אונטער דער גיליאָטינע, פלעגט זי פּלוידערן וועגן דעם חילוק צווישן די צוויי ריכטונגען און האָט מיך אַריינגעפירט אין דער דיסקוסיע פון אַן ענין, וואָס איז ביז דעמאָלט געווען אינגאַנצן אויסער מיין געדאַנקען-קרייז; ווי חוני המעגל, וואָס האָט פאַרשלאָפן די זיבעציג יאָר וואָס דער באָקסער־בוים האָט גע־וואקסן, האָב איך פאַרבראַכט די צוויי יאָר פון די היציקסטע דיסקו־סיעס ארום די צוויי ריכטונגען, ווייט פון דעם פּאַרטייען־יאַריד, צו־ערשט אין דער קרייז-שטאָט ביים דניעסטער און דערנאָך אין דער ווייטער פּוילישער פּראָווינץ...

:: :: ::

פערטהאַלבן חדשים האָב איך אָפּגעאַרבעט און כמעט פאַרגעסן, אַז איך בין אַן אַנטלאָפענער, אַ „בראָדיאַגע". ווען נישט ווען, פלעג איך מאַכן פּלענער וועגן אויסלאַנד, וועגן פּאַריז, וואו מען קען אַר־בעטן און לערנען אין אַן אוניווערזיטעט אָדער אין אַ קונסט-אַקאַדע־מיע. די פּלענער פלעג איך מאַכן ווען איך פלעג אין די אָוונטן אַמאָל מאַכן אַ שפּאַציר מיט מיין „זאַציעפּקאַ" פון גאַרקים דערציילונג, די שיינע גיטל קויפמאַן, וואָס האָט דעמאָלט געוואוינט, צוזאַמען מיט איר מוטער, די אשת חייל מרת רחל, און איר ברודערל, דעם פּיפּיקן וועלוול, אין אָדעס, און איך האָב ביי זיי געוואוינט אַ נישט פאַרשרי־בענער...

און מיט אַן אמת, ווי אַזוי האָט מען געקענט געדענקען, אַז מען איז אַן אַנטלאָפענער, אַ בראָדיאַגע, אין אָדעס, וואו די „פרייהייטס־טעג" האָבן אויף לאַנגע חדשים איבערגעלעבט אַלע היסטערישע פּרואוון פון דער רעאַקציע זיי צו דערשטיקן. אין די זוניקע אָדעסער האַרבסט־טעג האָבן נאָך מער זון, ממש טאָגענווייז, אַריינגעגאָסן די נייע ציימונגען פון פּעטערבורג, וואָס האָבן פאַרפלייצט אָדעסער גאַסן: „נאָוואַיאַ זשיזן", „נאַבאַט"... די מיטינגען אין אוניווערזיטעט, די דיסקוסיעס אין דער נייער „יבנה", וואָס האָט זיך נאָך געהאַלטן אין

בויען, די נייע אינטערעסאנטע פיגורען אירע: ביאליק, זשאבאָטינס־קי, די אָפּגעטער פון אדעסער ציוניסטישער יוגנט... מיין נייע וויכ־טיקייט, אַלס שיצער, מיט דעם אומגעשיידטן „ברוינינג" אין טאַש, בעת די „סבאָדקעס" אינעם אַלעקסאַנדראָווסקי פּאַרק, אינעם וועלדל אויף דער סלאָבאָדקע...

אין דער נייער „יבנה" האָב איך מיך אָנגעטראָפן אויף נייע דיס־קוטאַנטן. די ערשטע אדעסער שפּראָצונגען פון סאָציאַליסטישן ציור־ניזם, וואָס איך האָב איבערגעלאָזן פאַר פּסח 1903, האָבן זיך צע־בליט אין א שטאַרקער פּאַרטיי, די עס־עסישע, וואָס האָט מעכטיק קאָנקורירט מיט דעם „בונד" און אַפילו מיט „איסקרא", איבערהויפּט אויף דער יבנה־בירזשע.

אין מיינע אויגן האָט די דאָזיקע פּאַרטיי אויסגעזען מער אין טאָן פון אדעס, איידער דער „בונד", וועלכן איך האָב געזען אין דער גע־שטאַלט פון א קליינשטעטלדיקן טרויעריקן בחור, וואָס בענקט שטענ־דיק אַהיים. אין „בונד", האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, זיינען קיין אדעסער יונגעלייט נישטאָ בעת עס־עס איז שיר נישט א דורכאויס אדעסער פּאַרטיי, מיט א צומיש פון קעשענעווער.

אינעם הויז פון דער עס-עסאָווקע מאַניע קויפמאַן, גיטל קויפ־מאַנס א קוזינקע, האָב איך אפילו אָנגעטראָפן מיינעם א לערער, דעם געוועזענעם איסקראָוועץ באַרים, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דעם טעאָ־רעטישן קרייזל, וואו איך האָב באַקומען די ערשטע לעקציעס אין פּאָליטישער עקאָנאָמיע. אמת, ער האָט זיך אין דער ערשטער מינוט נישט געלאָזט דערקענען, נאָר צום סוף האָט ער זיך דערמאָנט אין אונדזער גרופּע און האָט מודה געווען, אז אים ציט לעצטנס צום טע־ריטאָריאַליזם...

מיין ברודער יאָסל, איז שוין דעמאָלט געווען א פּועלי ציוניסט, כאָטש די פּאַרטיי זיינע איז נאָך נישט געווען קיין אויסגעפורעמטע און אין די דיסקוסיעס מיט די עס־עס, איבערהויפּט וואָס שייך דער פראַגע פאַרוואָס דווקא פּאַלעסטינע, האָבן זיי קיין אַנדערע ארגומענטן אחוץ די אַלגעמיין ציוניסטישע, נישט געהאַט. דערציילט האָט מען בלויז, אז זיי האָבן צווישן זיך איינעם א טעאָרעטיקער, באָרוכאָוו, א פּאָלטאַווער, איז ער אַזוינס וואָס אַזעלכעס, א שאַרפער מאַרקסיסט

און פּאָלעמיקער און קיינער קען אים נישט בייקומען. אַלעמען „לייגט ער אויף די לאָפּאַטקעס". געווען איז ער די טעג אין אדעס און אויף אַ פאַרזאַמלונג אין אַ ציוניסטישער שטוב, האָט ער גערעדט דריי שעה נאָכאַנאַנד...

איינמאָל בין איך מיט מיין ברודער יאָסל גראָד דורכגעגאַנגען דעם „גראַדאָנאַטשאַלניקס הויף", אַ מערקל לעבן „טאָלטשאָק", און דאָרט איז אים אָקעגנגעלאָפן אַ צעשיינטער, אַ יונגערמאַנטשיק: — יאָסל, דו ווייסט, מיר האָבן שוין אַ פּראָגראַם!... געווען איז עס באָרוכאָוו „נאַשאַ פּלאַטפאָרמאַ", וואָס האָט שפּעטער, שוין דאָ אין בוענאָס איירעס, באַוויזן מיך צו באַצווינגען מיט איר האַרמאָנישן געבוי, ווי מיט דעם שניידיקן אַנאַליז פון די אַנדערע פּאַרטיי־פּראָגראַמען און אַריינציען מיך אין דער פּועלי ציון פּאַרטיי. נאָר דעמאָלט האָבן זיי מיר ביידע אויסגעזען, דער צעשיינטער יונגערמאַנטשיק ווי מיין צעשיינטער ברודער, אַזוי מאָדנע: ציוניסטן, ווי אַלע ציוניסטן, האָב איך אין מיר געשמייכלט, נאָר עס ציט זיי צום סאָציאַליזם, צו אָט דעם קוואַל פון אַלע צוקונפטס אידעאַלן... מיט דער צייט וועט ער זיך ביי זיי אויסוועפּן, דער ציוניזם, וועלן זיי זיין גוטע סאָציאַליסטן...

:: :: ::

ווער ווייס ווי לאַנג מיר וואָלטן געקענט אַזוי וואוינען, איך און מיין ברודער יאָסל, וואָס האָט געאַרבעט אין אַ קראָם פון קאָלאָניאַלע סחורות, ביידע נישט פאַרשריבענע, ווען נישט די „אָבלאַוועס", וואָס פּאָליציי האָט אָנגעהויבן מאַכן נאַכט נאָך נאַכט אין די אָדעסער הויפן. פּאָליציי האָט געזוכט דעם „טשאָרני וואָראָן" (שווארצער ראָב). אַן אָנפירער פון אַ גרופּע „נאַליאָטשיקעס" (איבערפאַלער), וואָס האָבן אונטער דער שילד פון אַנאַרכיסטן, טעראָריזירט די שטאָט און די שטאָט איז פול געווען מיט פאַנטאַסטישע מעשיות וועגן זייערע „העלדישקייטן", ווי זיי נעמען גרויסע סומעס געלט ביי גבירים און מען קען זיי נישט פּאַקן, ווי די געשפּענסטער דרייען זיי זיך אויס פון אונטער די הענט ביי דער פּאָליציי...

דערצו האָט געטראָפן אַז פּאָליציי איז געקומען אויף די שפּורן פון אַן עס־ערישער קוואַרטיר (פון די סאָציאַליסטן רעוואָלוציאָנערן) אויף דער שאָלאָשנע (אַ אידישע געגנט אין צענטער שטאָט) און דאָרט געפונען געווער און אויפרייס־שטאָפן און פון נישט פאַרזיכטיקייט האָט אַ ווייס פראַשעקל ביים פריסטאַוו אין די הענט אויפגעריסן און זעקס פּאָליציאַנטן, מיט דעם פּריסטאַוו צוזאַמען, זיינען צעריסן געוואָרן אויף שטיקלעך. און אַ מורא האָט ארומגעכאַפּט אַדעסער הייף פאַר די „אָבלאַוועס״ און אונטער אָט דער מורא, האָט דער פּיפּיקער וועלוול קויפמאַן זיך דערקליבן איינמאָל צו מיינע זאַכן, בעת איך בין געוועזן ביי דער אַרבעט, האָט אַרויסגענומען פון דאָרט די גאַנצע ליטעראַטור, וואָס איך האָב געהאַט, אַלערליי פּראָפּאַגאַנדע־בראָשורן און דער עיקר זעלטענע עקזעמפּליאַרן „איסקרא״, און האָט זיי פאַרברענט...

איך האָב פּראָטעסטירט, געהיצט זיך, געשריגן (פאַראַן דאָ, אגב, אַן עדות פון דעם סקאַנדאַל וואָס איז דערפון אַרויסגעקומען: פרוי אסתר מאַקאַראָוו, דעמאָלט נאָך אַ קינד, וואָס האָט פאַרווײַלט מיט אירע עלטערן, די גאַלאָוואַניעוווסקים, אין דעם הויז פון די קויפמאַנס, אונדזערע געמיינזאַמע קרובים), נאָר פאַרשטאַנען האָב איך, אַז דאָס איז דער סוף צו מיינע אַדעסער זוניקע טעג און לבנהדיקע נעכט אין די ברייטע ווייס־באַשנייטע גאַסן.

אין אַ שיינעם שנייאיקן פעווראַל־טאָג האָב איך מיך געזעגנט מיט אַדעס, מיט מיינע חברים פון „צאַרסקאָיע סיעלאָ״ און פון דעם מיי־הויז ס. דונין, וואָס די ראשי תיבות זיינע האָבן אין דער אמתן געמיינט סאָציאַל־דעמאָקראַטיע; כ׳האָב מיך געזעגנט מיט משפחה און אין בוזים־קעשענע אַ פאָטאָגראַפיע, וואָס האָט מיך געוואַרימט: איך צוזאַמען מיט גיטל קויפמאַן, מיין „זאַציעפּקאַ״. און בין אָפּגעפאָרן, מיט מיין ברודער יאָסל, זיך געזעגענען מיט גראָסעלעס.

:: :: ::

פאַרבראַכט האָבן מיר אין גראָסעלעס אַ וואָך צייט מיט דעם טאַטן און אונדזער צווייטער מאַמען; מיט אונזער יונגער שוועסטער טייבל, דער ברונעטקע, וואָס האָט אויך געירשנט פון אונדזער יונג

פארשטארבענער מאמע איר שיינע שטימע; שוין א גאנצע ציוניסטקע, וואס פארקויפט נאציאנאל־פאנד־מארקעס, גייט קאפטלעך פאר דארפישע שיקסעס און זינגט „נאטאלקא פאלטאווקא"; מיט מיינע פיר נייע ברידערלעך: דעם רויטן שייקע, וואס לערנט תנ"ך מיט דעם זעלבן ברען, ווי איך אין זיינע יארן; דעם שווארצן פרויקע, וואס דערמאנט מיר אן זיין פעטער פרוים קאושאנסקי, דעם וויינגערטנער פון יענער זייט דניעסטער; דעם שיינעם שמיליק, וואס איז א נאמען נאכן זיידן שמואל און מען זעט אין אים א צווייטן פיניע; דעם קליינעם רויטן ארעלע, וואס האט ליב צו פארן רייטנדיק אויף מיינע אקסלען און מיין נייער שוועסטער, די רויטע שיינדל...

דער זיידע משה פיינבערג איז שוין געווען געשטארבן. די באבע וואוינט אין דער ירושה-שטוב, וואס ער האט געלאזן פאר זיינע צוויי זין, און זי באקט פאר אונדז קיכעלעך מיטצונעמען אין וועג.

מיר גייען צו גאסט צו די פעטערס און מומעס, מיר שפאצירן מיט זייערע קינדער, מיר מאכן פול די גאס, די צוויי ברידערלעך קאץ, די דעזערטירן, מיט אונדזערע דעמאנסטראטיווע שפאצירן און געלעכטערס אין דעם אפענעם אויף אלע פיר זייטן שטעטל, וואו א פור קען נישט אריינפארן אז אלע זאלן זי נישט זען...

ווער מורא? וואס מורא? דער פריסטאוו, דער אוריאדניק, די סאצקים... ווי זיי וואלטן ערגיץ אין דער ערד אריין... זיי ווייזן זיך נישט אויף דער ליכטיקער שיין... פריי... וואס זאג איך פריי? — הפקר!... קאנ־סטי־טו-ציא! — זאגן פויערים זילבנווייז און מיינען דערמיט אז איצט קען א פויער זיך אוועקזעצן, איך בעט איבער אייער כבוד, אינמיטן מארק...

דעם באגריף וועגן פרייהייט, וואס ער האט ביז איצט געהאט און זי דערוואַרט פון דעם צאר באטיושקא: ערד!, האט מען שוין באוויזן ביי אים אויסצורויכערן, פארטעמפן מיט מעשיות וועגן די שונאים פונעם פאטערלאנד, די אידן, די סאציאליסטן... ער קראצט זיך אין קאפ, דער פויער, און שטוינט. אים דאכט זיך ער פארט אויף א צעפארענעם וואגן, וואס אט צעפאלט ער זיך אונטער אים און ער וועט בלייבן זיצן א צעקלאפטער אויף דער ערד... נאר אראפגיין פון דעם וואגן, קען ער נישט... וואוהין?...

— אט אידן, פארן אוועק, זאגראניצע, ראטעוועז זיך, — זאגן אנדערע מיט א מין קנאה... איבערהויפט ביישטעטלשע פויערים און פויערטעס, וואס לעבן פון שטעטלשע פארדינסטן.

אט דער איינדרוק פון הפקר, פון צעפארעניש, אפוועזנהייט פון פאליציייאישער וואכזאמקייט, פויערישע פארלוירנקייט און אידישן לויפן צו דער גרעניץ, האט זיך באזונדערס פארשטארקט אין וועג, פארנדיק מיט דער באן פון וועסיאלע קוט ביז באלטע, וואו מיר האבן זיך אפגעשטעלט געזעגענען זיך מיט דער פאמיליע פון דעם פעטער שלמה דעכטיאר, דעם שוחט, און פון דארט ביז דער גרעניץ צווישן ראדזיוויל און בראד.

וואס נענטער מיר זיינען געקומען צו ראדזיוויל, אלץ שטארקער איז געווארן אט דער איינדרוק און מער ווי אלץ דאס לעצטע, דאס אידישע לויפן, וואס קיינער האט גארנישט געפרואווט אפהאלטן, נאר פארקערט, געדאכט האט זיך, אז די אלע פריסטאוועס, אוריאדניקעס און סאצקעס, וואס אין גראסעלעס זיינען זיי אין דער וואך צייט פון אונדזער פארוויילן, ווי אין דער ערד אריין, שטייען הינטער אונדז און יאגן: גיכער, גיכער, אידן פארשאלטענע, פארלאזט אונדזער רוסישע ערד!...

אידן, פון דעסט וועגן, לאזן זיך נישט פירן פון דאכטענישן, און אז קאנדוקטארן מיט קלוגע פאראידישטע אויגן, וואס פירן פולע וואגאנעס פון דריטן און פערטן קלאס מיט אידן, פרעגן, כלומרשט ווייסן זיי נישט: — וואוהין איז אזוי פיל אידעלעך? ענטפערן אלע: דא ראבינא! צו א גוטן־אידן פארן זיי...

אין וואגאן מיט אונדז איז געפארן א אידישער יונגערמאן א סטודענט, וואס רעדט העברעיש. איך האב געהאט מיט זיך א פאר נומערן „השלוח“, וואס איך האב מיטגענומען פון דער היים „צידה לדרך“, ווי דער טאטע האט געזאגט; בין איך געזעסן און האב געקייעט מיין באבעס קיכעלעך, וואס זי האט אונדז מיטגעגעבן, איר „צידה לדרך“, און צוגעביסן מיט אחד העמס, רב צעירס אדער רבי קרובס אן ארטיקל, אדער פארקערט, אויב איר ווילט; איז ווי קען א יונגערמאן וואס רעדט העברעיש, זיך איינהאלטן און נישט פארפירן

א שמועס טאקע אין העברעיש מיט א צווייטן יונגערמאן, וואס לייענט „השלוח"?...

— לאן? — פרעגט ער אונדז מיט דער דעמאלט סטערעאטיפער פראגע, וואס מ. ז. פייערבערג האט פאפולער געמאכט מיט זיין ראמאן.

און אז מיר ענטפערן אים, אז מיר פארן וואוהין די אויגן טראגן, אל אשר ישא הרוח, אריבער דער גרעניץ און דארט וועלן מיר זען... איז עס אים שטארק קשה: פארוואס נישט קיין ארץ ישראל? חלילה, זאג איך, איך האב גארנישט קעגן ארץ ישראל, נאר אויף צו פארן אהין, דארף מען האבן א באזונדערע נטיה, דארף מען זיין אן ארץ־ישראל־איד נאך אין גלות, און איך בין עס נישט...

מיין ברודער יאסל, דער פועלי ציוניסט, האט בפירוש שטארק אינזינען געהאט פארקירעווען פון בראד קיין פאלעסטינע און האט אים טאקע אזוי געזאגט, נאר קיין מארשרוט האט ער נישט געהאט; דער אמת איז געווען, אז מיר האבן זיך געלאזט ווי די שפענדלעך מיטן שטראם, וואוהין ער וועט שלעפן, אהין וועלן מיר גיין...

דער סטודענט העברעיסט, וואס האט די שפענדלעך אפגעשטעלט אינמיטן לויפן און געפרעגט וואוהין, איז אראפ ערגיץ אין דובנע צי אין זדאלבונאווא און דער שטראם האט אונדז ווייטער געשלעפט.

מיר זיינען געגאנגען די גרעניץ אין א פינצטערער נאכט, א מאן הונדערט, אידן און אידענעס און קינדער, איבער א פארגאסענעם פעלד מיט וואסער־גריבער און צווישן קוסטעס איז געשטאנען א רוד־סישער זעלנער און האט אונדז געציילט. ער האט באקומען צו רובל פון א קאפ. מיר האט זיך דעמאלט דערמאנט די מעשה וואס מען האט דערציילט, אז ראטשילד אדער דער באראן הירש האט געוואלט באצאלן ניקאלאיען 3 מיליאן רובל פאר די 3 מיליאן רוסישע אידן, ער זאל זיי אים ארויסלאזן פון רוסלאנד... א רובל פאר א קאפ...

# קיין אַרגענטינע

מיר זיינען שוין אין אויסלאַנד. די גרעניץ, וואָס מיר זיינען אַריבער מיט אַזוי פיל לעבנס געפאַר, אַלנפאַלס מיט דער געפאַר זיך צו פאַרקילן אויף טויט, שפּאַנענדיק ביז די קני אין אייז־קאַלטן וואַסער, טיילט אונדז שוין אָפּ פון יענעם צעשטורעמטן, צעזאָטענעם קעסל וואָס הייסט רוסלאַנד.

אַזוי טאַקע זע איך עס פון דאָרט, פון אַריבער דער גרעניץ, פון אַריבער דעם ראַנד, איבער וועלכן זיין קאָך האָט מיך, קעגן מיין ווילן, אַריבערגעוואָרפן, ווי עפּעס אַ שפּענדל אינעם שוים. דער צעקאָכטער קעסל. צי האָב איך דען נישט געטראָגן שפּענער צום פייער, וואָס האָט דעם קעסל אונטערגעהייצט, אין דעם קעסל, וואו איך אַליין האָב מיך געקאָכט ווי אַ אידיש קינד, ווי אַן אַרבעטער, ווי אַ זעלנער, ווי אַ סאָציאַליסט?...

ער קאָכט דער קעסל און וואַרפט אַריבער איבער זיינע ראַנדן טויזנטער און טויזנטער אַזעלכע ווי איך: אידן, אַרבעטער, זעלנער, סאָציאַליסטן און סיי די רוסישע גרעניץ־וואַך און סיי די עסטרייכישע, ווי די דייטשע אָדער די רומענישע, האָב איך דעם איינדרוק, לאָזן פריי אָט דעם שפּיל פונעם שטורעם... צי נישט עפּעס אַן אָפּמאַך איז עס צווישן זיי?...

אַזוי טראַכט איך און וואָס ווייטער איך צי מיך מיט דעם שטראָם פון דער וואַנדערונג, וואָס שפּאַרט פון די רוסישע גרעניצן לענגאַל און אומלענגאַל דורך די דייטשע, עסטרייכישע און רומענישע שטעט קיין אַמעריקע, אַלץ זיכערער ווער איך אין דעם אָפּמאַך. אַ שטילער אָפּמאַך איז עס, אַ נישט אונטערגעשריבענער און אפילו נישט קיין פאַר־

מולירטער, צווישן דעם צארישן רוסלאנד, וואָס דענקט צו באפרייען זיך אזוי ארום פון די אומרואיקע עלעמענטן, וואָס דער קאָך האָט אויף דער אויבערפלאַך ארויפגעבראכט און די גרעניץ-מלוכהס, וואָס לעקן אָפּ און שאָבן ארום אָט די שפּענער פון דעם ביסל פעטס, וואָס זיי ברענגען מיט זיך אויף זייער דורכמארש, אין די האָטעלן, אויף די באנען, אין די שיפס-געזעלשאפטן, אפילו בלויז אלס באלאסט פאר זייערע שיפן, וואָס לאָזן זיך אוועק לעבר הים מיט זייער האנדל...

אמת, פון אונדז, פון מיר מיט מיין ברודער יאָסל, האָבן זיי נישט וואָס צו לעקן. אין דער אידישער קרעטשמע, וואָס שטייט אינמיטן וועג צווישן ראדזיוויל און בראָד, וואו מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אָפּטריקענען זיך און אָפּוואַרטן דעם זון-אויפגאנג, האָבן מיר מער ווי א גלאָז טיי נישט געטרונקען. פארביסן האָבן מיר מיט דער באָבעס קיכעלעך. וואָס דאַרף דען א אידישער קרעטשמער מער, אפילו ווען ער איז א גאַליציאַנער און זיין שם אלס בארייסער און אויסקוקער אויפן רוסישן „קערבל" גייט אים פאָרויס נאָך אין זדאלבונאָוו און אין דובנע? בפרט, אז זיין קרעטשמע, א סברא, איז נישט מער ווי א רינגעלע אין דער גאנצער קייט פון דער שמוגל-פּרנסה, וואָס גע־דייעט אויף ביידע זייטן גרעניץ?... ס'איז איצט שניט-צייט אין דעם פאַך.

אין בראָד, די שטאָט פון פעדערן-האנדל, נעכטיקן מיר איבער ביי א אידן א פעדערן-סוחר, צו וועלכן מיר האָבן אן אדרעס און א גרוס פון אונדזער פעטער דעם באלטער שוחט, וועלכער שטייט מיט אים אין האנדלס באציאונגען. אין בראָד האָבן מיר איבערגעלאָזט פדיון, מעשה נאַשער, גאנצע אכט גראָצער פאר א פונט געפּרעסטע פייגן, וואָס אין אונדזערע מקומות האָט דאָס געדארפט קאָסטן גאנצע צוואנציק קאָפּיקעס; דאָ האָבן מיר אויך געקויפט א קילאָ ברויט מיט וואורשט און באן-בילעטן ביז קראָקע, וואו עס געפינט זיך, ווי מען האָט אונדז געזאָגט, א קאָמיטעט פון דער „אליאַנץ", פון דער חברה כל ישראל חברים, וואָס טיילט אומזיסט שיפסקארטן קיין אמעריקע...

חברת כל ישראל חברים... זי גלאַנצט איצט די אלטע אידישע שיצערן מיט א באזונדערן גלאַנץ. איר זון איז ווידער אויפגעגאַנגען אין די אויגן פון דעם מזרח-אידנטום, א פארטונקלט געוועזענע מיט

דער שיין פון דעם פּאָליטישן ציוניזם. אויף די מערב־אידן מיט די געפּוצטע בערד און בערדלעך, אין פראַק און צילידער, שיינט איצט מיט איר גאַנצן גלאַנץ די שכינה פון משה מאָנטעפיאָרע, פון אדאָלף קרעמיע און קאַרל נעטער, פון ראָטשילדן און באַראָן הירש... אין קראָקע, אין ווין, אין באַזעל, אין פּאַריז, אין האַוור, אין אַנטווערפּן, אין האַמבורג, אין ברעמען, גיסט זיך זייער חסד איבער די אומגליקליכע אָסט-יודן...

אין קראָקע אויפן וואָקזאַל, טרעפן מיר אָן אַ „פּאַרטיע" אדעךסער יאַטן, אַרבעטער און „פריקאַזשטשיקעס" פון אדעסער הורטאָוונע געשעפטן, בעסאַראַבער, פּאָדאָליער און כערסאָנער „אינגלעך", צווישן זיי אויך איינער אַ גראָסעלער. אַ קיילכיקע מאה זיינען זיי און אַלע פאָרן זיי קיין אַרגענטינע. זייער אָנפירער איז גרישאַ. ער האָט די פּאַרטיע צונויפגעשטעלט און ער איז דער פּאַרמיטלער זייערער ביים קאָמיטעט...

אפשר קען מען צושטעלן נאָך צוויי צו דער מאה?... ניין, זאָגט גרישאַ, ער האָט שוין ביי זיך אַלעמענס שיפסקאַרטן פונקט אַ מאה און אויך בילעטן ביז ווין נישט מער ווי אַ מאה... און אַט באַלד, נאָך מיטיק, פאָרן זיי אָפּ... פריער ווי אַלץ דאַרף מען זיך פאַרשרייבן אין קאָמיטעט, איינצאָלן וויפיל איינער קען, אַ מינימום פופצן רובל און וואַרטן אין קראָקע ביז זיי שיקן... עס ווענדט זיך ווען עס גייט אָפּ אַ שיף פון האַוור...

אויף אונדז האָט אַ שיין געטון די זון און האָט זיך פּלוצים באַהאַלטן אונטער וואָלקנס. אַזאַ געלעגנהייט, און איצט?... אונדזער גאַנץ פאַרמעגן באַשטייט אין אַ גאָלדענעם רוסישן פינפערל, וואָס מיין ברודער יאָסל האַלט איינגעניייט אין אַ פאַלע פון זיין רעקל. די פּערספּעקטיווע איז גאָרנישט קיין פרייליכע: אויף איינשרייבן זיך בלויז, דאַרף מען 30 רובל און ווער ווייסט ווי לאַנג מען דאַרף וואַרטן אין קראָקע... עסן, שלאָפן דאַרף קאָסטן...

— אַז אווענטורע, זאָל זיין אווענטורע ביזן סוף, נעם איך איינריידן מיין יאָסלען, מירן פאָרן אָן שיפסקאַרטן, אָן בילעטן... — צעשפּילט זיך אין מיר די פאַנטאַזיע פון אַ וועלט־רייזנדער אָן אַ גראָשן געלט אין קעשענע, פון אַ זשול וווערן־פאַרשוין. — וואָס וועלן מיר

דאָ טון אין דעם קראָקע? לאָמיר שוין פאָרן ווייטער, וואָס ס'וועט זיין, וועט זיין...

נאָר מיין ברודער איז אַ מענטש אַ מיושבדיקער, ער איז פון יענע וואָס זאָגן: זיבן מאָל מעסט איבער און איין מאָל שנייד אָפּ. מ'עט אונדז אויפן וועג אַרעסטירן, טענהט ער, און מ'עט אונדז צו־ריקשיקן קיין רוסלאַנד, דעזערטירן...

— מ'שיקט נישט צוריק! — פאַרזיכער איך אים — נישט קיין דעזערטירן זיינען מיר, רעוואָלוציאָנערן, און קיין רעוואָלוציאָנערן האָט מען נאָך ביז איצט נישט צוריקגעשיקט...

מיין יאָסל איז שוין מסכים; מיר האָבן געמאַכט אַ שפּאַציר איבער קראָקע און די פּערספּעקטיוו צו בלייבן אין דער פרום־אידי־שער און פרעמד־פּוילישער שטאָט, האָט אים נישט געלאָקט, נאָר ווי אַזוי נעמט מען די באַן, אַז ביי דער טיר שטייט אַ שווייצאַר און לאָזט נישט דורך אויפן פּעראָן אָן אַ בילעט?... — דאָ אַרום קען מען טאָקע נישט, זאָג איך אים, נאָר דורך אַן אַנדער זייט, קען מען... מיר האָבן נאָך צייט אויסצוקוקן אַן אַנדער וועג אויפן פּעראָן, אַלנפאַלס, קען מען נעמען בילעטן אויף איין סטאַנציע בלויז...

מיינע אַרגומענטן און מיין גאַנצער רעזערוו אידישע, העברעישע און אוקראַינישע גלייכווערטלעך, וואָס הייסן איינשטעלן, ריזיקירן, האָבן גובר געווען און מיר פאָרן שוין.

אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז ס'איז אַ סך לייכטער ווי מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט. די וואַגאָנעס, אָן בענק, זיינען געפּאַקט מיט אונד־זערע הונדערט יאַטן און מיט גאַנצע משפּחות רוטענער, וואָס פאָרן פון מזרח־גאַליציע אויף אַרבעט קיין ווין, קיין טיראָל, אין דער שווייץ. נישט מען פרעגט אויף אַ בילעט און אַז מען פרעגט, ענטפערט מען: „מיט דער פּאַרטיי"... איך האָב מיך גאָר צוגעזעצט צו אַ רוטענישער משפּחה און האָב פאַרפירט אַ שמועס אויף אוקראַיניש און וועמען האָט עס גאָר געקענט איינפאַלן, אַז דאָס בלאָנדע בחורל מיט דעם ביי־קענעם העמדל איבער די הויזן און מיט דעם פלאַכן באַראַשקענעם היטעלע אויף אַ זייט, איז נישט אַ ברודערל אָדער גאָר אַ חתן פון דעם בלאָנדן שיקסל מיט די צעפלאָכטע באַקן, וואָס טוליעט זיך צו אים און שלינגט אים מיט אירע אויפגעריסענע בלויע אויגן...

אין ווין נעמט אונדז אויף דער „קאָמיטעט" און ציילט אונדז שוין גאָרנישט. ער טיילט יעדן איינעם לאַנגע צוויי קילאָדיקע קימל־ברויטן און וואורשטן אויפן וועג און איינעם א בילעט פאַר דער גאַנצער פּאַרטיע און מיר שיטן זיך אריין אין די וואַגאָנעס ווי די שאָף. דאָ זיצן מיר שוין אויף בענק, מיר קוקן אַרוים דורך די פענצ־טערלעך און ווען דער צוג לויפט אַ משופּעדיקער רונד אַרום די באַ־שנייטע אַלפּן, דאַכט זיך אונדז, אַז אָט פאַלט ער אַראָפּ אין די שניי־איקע אָפּגרונטן און אוים... געלייזט איז דעמאָלט די גאַנצע פּראָבלעם פון דער רייזע... מיט אַ שיפסקאַרטע, אָן אַ שיפסקאַרטע, מיט אַ בילעט אָדער אָן אַ בילעט, אָנקומען וועלן מיר אַהין וואוהין אַלע מוזן סוף כל סוף אָנקומען...

אָנגעקומען זיינען מיר קיין באַזעל, די שטאָט פון די ציוניסטישע קאָנגרעסן, די שטאָט מיט דעם בריק איבער דעם ריין, אויף וועלכן עס שטייט דר. הערצל מיט זיין שיינער שוואַרצער באָרד און זיינע פּאַרחלומטע אויגן זיינען געווענדט ערגיץ אין דער ווייט. צי זעט ער פאַר זיך ארץ ישראל, זיין אויסגעחלומטן אידנשטאַט, אָדער זעט ער אונדז, די וואַנדערנדיקע קינדער פונעם פאָלק ישראל, וואָס וואַנדערן אַהין וואו די אויגן טראָגן זיי מיט דער בלויזער זיכערקייט, אַז וואו זיי וועלן קומען, וועלן זיי מיט זייער אַרבעט, מיט זייער ווילן, אויס־בויען זייער היים?...

באַגעגנט האָט אונדז אַ קאָמיטעט בראש מיט אַ הערצל־באָרד, נאָר מיט אַ בלאָנדער. דאָ וועלן מיר זיין ביז פאַרנאַכט און נעכטיקן וועלן מיר אין אַ האָטעל אין בוקס, אויף דער סאַמע גרעניץ מיט פראַנקרייך...

אין דער באַזעלער זויבערקייט, האָבן מיר זיך דערזען אין אונדזער פאַרוואָרלאָזטקייט און פאַרוואַקסנקייט און מיר האָבן אַריינגעבראַכט אַ היפּש ביסל אַרבעט די דאָרטיקע מפונקים־ראַזירער. פון דעסט וועגן, אַז מען האָט אונדז אין בוקס, וואו מיר זיינען אָנגעקומען ביינאַכט, אָנגעוויזן אויף די ברייטע געלעגערס, פאַרצוויגענע מיט ציכטיקע ווייַ־סע לייַלעכער, האָבן מיר זיך געטראַכט, צי וועט דאָס נישט זיין אַ פאַרשוועכונג פאַר אָט דער זויבערקייט אריינצולייגן זיך אין די בעטן מיט אונדזער לאַנג שוין נישט געביטענעם וועש...

אין פאריז, האט די „אליאנץ" אונדז ווי א סטאדע געפירט צו־פוס איבער די גאסן, פון דעם וואקזאל ביז דער קיך, דאכט זיך אז די ראטשילד־קיך, ווייזן דער וועלט איר זארג פאר די ארימע ברידער פון רוסלאנד און אין קיך האט מען אונדז געגעבן יעדן איינעם א טעלער זופ און א פאמעראנץ, און פון דארט באלד, ווידער צופוס, צום וואקזאל, נעמען די באן קיין האוור, צו דער האפן־שטאט, וואו א שיף וועט אונדז אויפנעמען קיין ארגענטינע...

פארוואס דארף איך עפעס פארן קיין ארגענטינע? — האב איך א טראכט געטון. — מילא, די אנדערע, די אדעסער „פריקאזשטשי־קעס" און די פאכלאזע אינגלעך, צווישן זיי, מיין יאסלם חבר שייקע שאבאד פון גראסעלעס, וואס האט דארט א רייכע מומע, פארשטיי איך, זיי וועלן דארטן ארבעטן ערד, ווערן קאלאניסטן אין די קאלא־ניעס פונעם באראן הירש. אויך מיין יאסל וועט דארט ווערן א קאָ־לאָניסט. ער האט שוין, אגב, א שיפסקארטע. ער האט זי אפגעקויפט פאר זיין גאלדענעם פינפערל ביי גרישען, ביי אונדזער פירער, וואס האט אין פאריז זיך מיישב געווען און אפגעפארן קיין אנטווערפן, כדי פון דארט צו נעמען די שיף קיין ניו־יארק. נאר איך, וואס וועל איך דארטן טון? עפעס האב איך דאך געחלומט וועגן פאריז, וועגן שטו־דירן... און גיטל קויפמאן?...

אבער, פאראן זאכן, וואס שטייען איבער אונדזערע פלענער און חשבונות. וואס איז עס דען אט דאס וואס מיינע מיט מיין ברודערס וועש האבן מיר געפירט אין איין קוישל זינט אונדזער ארויספאר ביז אהער, אויב נישט א שטילער אפמאך נישט צו שיידן זיך אזוי לאנג מיר ווערן נישט דערצו געצוואונגען?... און איך בין מיטגעפארן קיין האוור, אן א שיפסקארטע.

דערצו, האט מיך דער גייסט פון אווענטורע נישט פארלאזן די גאנצע צייט. אין האוור וועל איך אפשר באקומען ארבעט אויף א שיף, וואס גייט קיין בוענאס איירעס און אפשר וועל איך מיך טאקע קענען ארויפכאפן אויף דער שיף מיט וועלכער עס פארט מיין ברו־דער?...

מיינע חשבונות האבן גראד געהאט א פולשטענדיקן דורכפאל. ערשטנס, האט מען אן א שיפסקארטע, נישט פיגורירנדיק אויפן צעטל

פון דער אַליאַנץ, נישט אַריינגעלאָזט אין האָטעל; כאָטש דער נאָמען האָטעל איז גאָר נישט צוגעפּאַסט צו יענע קוימיקע צימערן מיט קוי־טיקע שטרוי אויסגעשפּרייט אויף די פּאָלן, וואו מען איז געשלאָפן אינעם אָנטון אַלע אַכט טעג וואָס מיר האָבן דאָרטן געוואַרט אויף דער שיף; צווייטנס, האָט מען אויף אַלע לאַסט־שיפן, וואָס האָבן געהאַט דעם מאַרשרוט קיין אַרגענטינע (אַרזשאַנטען), מיר געוויזן דעם באַקאַנטן אין אַלע שפּראַכן צייכן מיט די פינגער: אַרזשאַנטען (געלט) און דריטנס, האָט מען ביים אַרויפגיין אויף דער שיף, אויף דער „קאַמפּאַנאַ", געשטעלט אַ זייער שטרענגע וואַך, גראָד דערפאַר וואָס מען האָט חושד געווען אַז אַרום איר דרייען זיך „האָזן"...

ערשט דעמאָלט, אַ שעה פאַרן אָפּגיין פון דער שיף, האָבן מיר געמאַכט באַזונדערע קלומקעס פון אונדזער וועש; חברים פון דער „פּאַרטיע" האָבן מיר אויסגעליגן אויף הוצאות צוריק קיין פּאַריז און איך האָב מיך געגרייט צו מיין לעצטער אַוואַנטורע אין האַוור: אויף כוח אַרויפגיין.

מיט מיין אָרימען פּראָנצויזשן וואָקאַבולאַר, וואָס איך האָב נאָך אין טאַטנס קלייטל געהאַט אויסגעלערנט פון אַנטאָנאָווסקיס „זעלבסט־לערער פון דער פראַנצויזישער שפּראַך", האָב איך גענומען טענהן, אַרויפקומענדיג אויפן בריקל, אַז איך האָב איינגעצאָלט גלייך מיט אַלעמען אינעם קאָמיטעט און אַז ס'מוז זיין אַ טעות, וואָס איך פיגוריר נישט אינעם צעטל, בעת מיין ברודער פיגורירט יאָ און געפינט זיך שוין אויף דער שיף...

מען האָט מיך מיט געוואַלד אַראָפּגעפירט און צוגערופן דעם אַגענט פון דער אַליאַנץ אין האַוור, דעם דאָרטיקן שוחט, אַ פּוילישער איד, וואָס האָט אויך געהאַט אַ האָטעל פאַר די אַליאַנץ־אימיגראַנטן. איך האָב פאַר אים, מיט דער גאַנצער היץ פון אַ באַעולהטן, אויסגע־לייגט מיין טענה און אַז ס'האָט נישט געהאָלפן, האָב איך מיט אַ חוצפּה, וואָס איך ווייס אַליין נישט פונוואַנען זי האָט זיך צו מיר גענומען, אָנגעכאַפּט דעם דערשראָקענעם שוחט ביי די לאַצן און האָב אים אַ טרייסל געטון: ר' איד, איך הייס וואָלאָדקע גראָסולאָוואָר... איר וועט חרטה האָבן!...

איך האָב מיינע אויגן נישט געגלויבט: ער איז צוגעגאַנגען צום

קאַפּיטאַן און ביי אים אויפן צעטל צוגעשריבן מיין נאָמען. מיט מיר אין דער זעלבער לאַגע איז געווען אַ צוועלף־יעריקער אינגל, וואָס האָט זיך איינער אַליין אַוועקגעלאָזן פון זיין היים אין דער ליטע, אין דער ווייטער וועלט אריין. און מיין חוצפה האָט שוין אויך אים געהאָלפן. ווען אונדזערע נעמען זיינען שוין געווען אויפגעשריבן ביים קאַפּיטאַן אויפן צעטל, האָב איך מיך צעשמייכלט און אַ זאָג געטון צום שוחט: — איר געדענקט נאָך מסתמא אַ מאמר חז"ל: חוצפה כלפי שמיא מעניה... און דעמאָלט האָט זיך אויך אויף זיין בלייכן איבערגעשראָקענעם פּנים באַוויזן אַ שמייכל.

:: :: ::

געווען איז „קאַמפּאַנאַ" אַ לאַסט־שיף און אויך אונדז, די אַכט הונדערט אידישע פּאַסאַזשירן, וואָס האָבן זיך אויפגעזעצט אין האַוור און די צוויי הונדערט שפּאַניער וואָס האָבן זיך אויפגעזעצט אין פּאַר־יאַק (אין שפּאַניש: פּאַסאַכעס), דער האַפן פון סאַן סעבאַסטיאַן, אין וויגאָ און אין קאָרוניאַ, האָט מען געפירט ווי לאַסט. צונויפגעקלאַפּט האָט מען פון נישט געהובליעוועטע קאַסטן־ברעטלעך פיר גאָרנדיקע בעטלעך אינעם שיף־קעלער, אונטערגעבעטע מיט שטרוי און אויף צו־דעקן זיך, יעדן איינעם געגעבן אַ שיטערע דעקע, וואָס האָט זיך דורכ־געזען אויף דער זון ווי אַ זאַק.

עסן האָט מען אונדז געגעבן אויף יעדע צען מענטשן אַ „באַק" מיט שיטערן זופּ אָדער אַן אַנדער שיטער מאכל, ווי אין די פּאַרציייטיקע קאַזאַרמעס. די שפּאַניער האָט מען געגעבן צום עסן אויך סאַרדינעס אַלטע, פּאַרגעלטע, און וויין. אידן האָבן מקנא געווען די שפּאַניער, נישט אַזוי צוליב דעם וויין — כאָטש געפאָרן זיינען מיט אונדז אַ היפּשע צאָל בעסאַראַבער אידן, וואָס זיינען געוואוינט צו אַ גלעזל וויין — ווי צוליב די סאַרדינעס... אַ כפּרה דער זופּ מיט דעם האַרטן אָדער־דיקן פליייש, וואָס מען גיט, פּאַר אַ קליין שטיקל הערינג... און ווען די שפּאַניער האָבן איינמאָל געמאַכט אַ דעמאָנסטראַציע איבער דער שיף קעגן דעם שלעכטן עסן, טראָגנדיק אויף שפּאַגאַטן אויפגעצויגן די פּאַרזשאַווערטע הערינגלעך, האָבן אידן געשטוינט... דער האָבער שטעכט זיי...

אידן האָבן דערפאַר געהאַט אַנדערע פּריווילעגיעס: דאָס פלייש, וואָס זיי האָבן געגעסן, איז געווען כשרס, געשחטן אין האַוור פון דעם שוחט, דעם אַגענט פון דער „אַליאַנץ״; שבת האָבן אידן געהאַט אַ מנין, דאַכט זיך, אַפילו מיט אַ ספר תורה... אַלע אַכט טעג פּסח, די לעצטע טעג פון אונדזער 34־טאָגיקער רייזע פון האַפן צו האַפן איבערן אַטלאַנטיק, האָבן מיר געהאַט מצה, צום וואַרפן אין ים אַריין פאַר די פיש, און פלייש, ווי אין קברות התאוה, צום צעזעצט ווערן; געקוילעט האָט אַ איד אַ שוחט, וואָס איז מיט אונדז מיטגעפאָרן, דעם פעטן אָקס, וואָס האָט זיך געהאָדעוועט אין אַ גרויסן קאַסטן אויפן דעק.

אידן האָבן אויך די סדרים אָפּגעריכט, נאָר וועגן דעם האָב איך בלויז געהערט ריידן. איך האָב מיינע טעג און נעכט, אַפילו אין די גוס רעגנס און שטורעמס, פאַרבראַכט צוזאַמען מיט דעם גאַנצן יונגן עולם, אויפן דעק. אין קעלער, וואו די בעטן זיינען געווען אויפגעשטעלט, פלעג איך זעלטן אַריינקומען, און דאָרט, זעט עס אויס, האָבן אידן געפּראַוועט די סדרים...

אין די זוניקע טעג, האָט די שיף זיך געלופטערט. נישט דער קעלער, נאָר די קעלער־מענטשן, די משפחות; געלופטערט האָבן זיי אויך זייער אינטים לעבן, זייער יחוס, זייער פאַרגאַנגען לעבן און זייערע פּלענער פאַר אַרגענטינע. יונגעלייט האָבן געשפּילט; געשפּילט אין קאָרטן, געשפּילט אין פּעטשערלעך, געוויזן בריהשאַפט אין פּאַטשן און כאַפּן פּעטש אין די דלאָניעס; נאָר אַז ס׳איז געקומען צו פּלענער, האָבן די יונגעלייט געשפּילט די הויפּט־ראָל.

די מערסטע פּלענער האָבן זיך געדרייט אַרום קאָלאָניזאַציע. מען האָט געפּלאַנעוועט קאָאָפּעראַטיוועס: די מענער ביים אַקער, די פרויען ביי די קי... נאָר איינע אַ קעשענעווער אויפגעקלערטע דאַמע, מיט קינדער גאָלדשמידן און אַנדערע איידעלע מלאכות, האָט זיך געמאַכט איר פּלאַן באַזונדער, זי וועט קולטיווירן בלומען, זי האָט שטאַרק ליב בלומען... און איינער אַ איד מיט אַ שיינער געפּוצטער באָרד, אַן על־טערער פּריקאַזשטשיק, זעט עס אויס, פון אַ גרויס גאַלאַנטעריי־געשעפט, אויך אַ קעשענעווער, האָט אויך געהאַט זיין פּריוואַטן פּלאַן: אין בוענאָס איירעס, ווייסט ער, איז דאָ אַזאַ מסחר פון געבן סחורה

אויף אויסצאָלן, ווערט מען דערפון נתעשר... זיי זיינען די גרעסטע אידישע גבירים אין אַרגענטינע...

אין דרויסן פון די קאָלאָניזאַציע־פּלענער האָבן זיך אויך געהאַלטן שניידער און סטאָליערעס, זיי ווייסן שוין, נאָך אין נאָוואָסעלעץ, אין מיסלאָוועץ און אין קאַטאָוויץ האָט מען זיי געזאָגט, אַז שניידער און סטאָליערעס גייען אין בוענאָס איירעס אין גאָלד אָנגעטון...

נאָך איינער האָט זיך געהאַלטן אינדרויסן פון די קאָלאָניזאַציע־פּלענער; געווען איז עס אַ הויכער שלאַנקער פּאַרשוין אין די מיטעלע יאָרן, וואָס איז געפאָרן מיט זיין ווייב, ווי ער האָט געזאָגט, און מיט אירער אַ שוועסטער, און פלעגט ריידן מיט די שפּאַניער און געווען גוטברודער מיט די אָפיצירן און דעם קוכער. ער איז שוין איינמאָל געווען אין אַרגענטינע, קען ער דעריבער שפּאַניש, און איצט פאָרט ער צום צווייטן מאָל... ער הערט זיך צו צו די פּלענער און שמייכלט: איר׳ט קומען אויפן אָרט, וועט איר שוין זען...

טייל סודען זיך וועגן דעם פּאַרשוין און זיינע ווייבער... אַ פּאַדאָליער אידענע האָט זיך צערעדט מיט זיי און, גאַנץ אומשולדיק, אויפן פּאָדאָליער האַלבן לשון קודש אַ זאָג געטון: אַ נקבה איז עפּעס אַנדערש... זיינען די צוויי „נקבות" אַרויס מיט אַזאַ לשון, אַז ס׳איז איר פינצטער געוואָרן אין די אויגן... און דער געפּוצטער פּאַרשוין איז באַלד אויסגעוואַקסן: אין דיין געפּייגערטן טאַטן, זיי זיינען ווי־טישע פּרוויענצימערס, זיינען זיי, נישט קיין נקבהס... האַלט דעם פּיסק!...

כמעט אין אַלע האַפנס, וואו די „קאַמפּאַנאַ" האָט זיך אָפּגע־שטעלט, זיינען מיר, יונגוואַרג, אַראָפּ אויף דער יבשה און געמאַכט גאַנץ לאַנגע שפּאַצירן. אין פּאַיאַק האָט מען אויפגעלאָדן וויין און סאַרדינעס און דערוואַוסט האָב איך מיך דעמאָלט צום ערשטן מאָל, אַז פאַראַן אידן, וואָס ברעכן דעם חרם, וואָס די „גולי ספרד" האָבן געוואָרפן אויף שפּאַניע, האַנדלען מיט דעם לאַנד און וואוינען דאָרט... מיר האָבן געמאַכט אַ שפּאַציר קיין סאַן סעבאַסטיאַן, אַ וועג פון דריי קילאָמעטער אינעם איינשניט פון בערג, באַזעצטע מיט מאָנאַסטירן און געדאַכט האָט זיך מיר איך טרעט איבער דעם עמק הארזים מיט זיינע אונטערערדישע הייל[ן], וואו די אנוסים האָבן אין געהיים געהיט

דעם שבת און געפראוועט די סדרים און איבער די קלויסטער-היילן, וואו זיי זיינען געפייניקט געוואָרן מיט די אַלערליי אינקוויזיציע־אינס־טרומענטן דורך די מאָנאכן מיט די שפּיציקע שווארצע קאַפּיושאָנעס אויף די קעפּ... די ברייטע זוניקע פּראָמענאַדע ביים ים אין סאַן סע־באַסטיאַן, אינמיטן מאַרץ, איז פּוסט, אַ ים־ווינט שפּאַצירט איבער איר און דער ווינט, דאַכט מיר, דערציילט וועגן די שיפן, וואָס האָבן געפירט די אידן מיט דאָן יצחק אברבנאל פון שפּאַניע צו אַנדערע ברעגן, צו מזרח. אין וויגאָ, אין קאָרוניאַ, אין קאַדיז, דאַכט זיך מיר, טרעף איך אָן אויף יעדן טראָט חנעוודיקע שוואַרץ־אויגיקע אידישע מיידלעך... מער נישט, אידישע מיידלעך וויגן זיך נישט אַזוי גראַ־ציעז אונטער די שווערע משאות אויפן קאָפּ, ווי אָט די שוואַרץ־חנעוו־דיגע שפּאַניאָלקעס. און אָט איז טענעריף, מיט איר באַרג, וואָס שטעקט אַרויס פון דער כמאַרע אַרום, ווי אַ גוט־אידישער ספּאָדיק אָדער ווי דאָס היטל פון וולאַדימיר מאַנאַמאַך...

:: :: ::

פיר און דרייסיק טעג וויגן זיך אויף אַזאַ שיף ווי „קאַמפּאַנאַ", וואָס האָט דעמאָלט געהאַט געמאַכט איר 29סטע נסיעה, איבער דעם ווייטן וועג און איבער נאָך ווייטערע, מאַכן ליב די יבשה און אַז מיר האָבן דערזען מאָנטעווידעאָ, האָבן מיר מיט אונדזער גאַנצן וועזן און אָן שום אַפעקטאַציע אַרויסגערעדט דעם נאָמען פון דער שטאָט ביים לאַ פּלאַטאַ טייך, וואָס די טייטש זיינער איד: אַ באַרג זע איך.

געוועזן איז שוין נאַכט ווען מיר האָבן זיך דערנענט צום האַפן. פון דער שטאָט זיינען אונדז פייערלעך אַקעגנגעגאַנגען און אַ מוזיק אַזאַ מאָדנע, אַ ווילדע, אַ קווימשיקע, האָט זיך געטראָגן צו אונדז פון אַ בלאָז-אָרקעסטער. זאָל דאָס זיין די מוזיק פון די אורוגוואַיער, פון די אַרגענטינער, וואָס מיינע אויערן וועלן דאַרפן פאַרנעמען?... מיינע אויערן, וואָס האָבן ליב געהאַט צו הערן אין דער שטילקייט פון דער נאַכט די גלעטנדיקע קלאַסישע מוזיק פון דעם „פּאַלקאָוואָי" אָרקעס־טער... און אפשר מאַכט דאָס דער ווינט אַזעלכע קונצן מיט די טע־נער, וואָס דערטראָגן זיך צו מיר?...

לעבן מיר איז געשטאַנען בנימין סאַקאָלאָווסקי, אַ גלייזער פון דעם אַדעסער ציוניסטישן פאַריין „אים אין אני לי מי לי", ד"ר סאַפּירס אַ חסיד, וועלכער פלעג די גאַנצע צייט אויף דער שיף זינגען. ער פלעגט זינגען „חוה, אוי ווי חוה"... „פּאַי לאַסטאָטשקאַ, פּאַי, סערדצע אוספּאָקאַי"... און אַלס אויפגאַב אויף זיין שפּעטערדיקער איבערזעצערישער ראָל אין ארגענטינע, פלעגט ער דאָס אייגענע לידל זינגען אויף אידיש, ווי ער אַליין האָט דאָס „איבערגעפירט" (פון רוסישן „פּערעוואָד"): זינג, פייגעלע זינג, אויפן האַרצן מאַך מיר גרינג...

איך פרעג אים צי אים שניידט נישט אין אויער אָט די ווילדע מוזיק פון דעם לאַנד... און ער בטלט אוים צו מיר אַלע זיינע חלומות:

— וואָס אַ מענטשן ליגט אין זינען!... מען קומט אין אַ לאַנד אָן אַ גראָשן ביים פּופּיק, מען ווייסט נישט וואו מען וועט מאָרגן דעם קאָפּ אַוועקלייגן, און איר זאָרגט זיך וואָס די מוזיק איז איידווילד!...

איך בין מין אָן אמת געוועזן זאָרגלאָז ווי אַ קינד, וואָס שייך מיין נייער היים, די גאַנצע צייט אויף דער שיף און אויך דעמאָלט, פאַר דעם ווי איך האָב מיינע פיס געשטעלט אויף דער ארגענטינער ערד. וואָס וועל איך מאַכן מיט מיין זאָרגן? וואָס וועל איך אויסזאָרגן? איך בין יונג, איך האָב הענט, איך האָב צוויי פּאַכן אין די הענט, איך האָב חשק צו ארבעטן... ס'איז אַ ניי לאַנד, אַ ברייטס, אַ פרייס, וואָס נישט עס וואַרפט פון זיך אַרוים אירע מענטשן, ווי יענער צעזאָטענער רוסישער קעסל, נאָר מענטשן שטראָמען אַהער פון איבער דעם ים, שיפן ברענגען זיי צופירן ווי מתנות ליבע..

אָבער אויך ווילד מוז זיין דאָס לאַנד...

און אָט דער באַגריף וועגן דער ווילדקייט פון די דרום־אַמעריקאַנער לענדער, וואָס איך האָב באַקומען לייענענדיק נאָך אין דער יוגנט מאַין רידס ראָמאַנען וועגן די ארגענטינישע „פּאַמפּאַס" און די מעשה, וואָס איך האָב געהערט נאָך אַלס קינד אין גראַסעלעס וועגן דעם זאַריוועקער אידן זלמן דעם פישהענדלער, וואָס איז אַוועקגעפאָרן קיין ארגענטינע און דאָרט האָבן אים די ווילדע שפּאַניאָלן אויף אַ ווילדן סטעפּ דערשטאָכן, האָט ערגיץ אין מיין מוח באַזונדער זיינס געטון און האָט מיר געפאַרבט די מוזיק זייערע ווי אַ ווילדע, די מוזיק פון די ווילדע „פּאַמפּאַסן", ווי דאָס וואָרט האָט זיך ביי מיר אין מוח

איינגעקריצט און זיך צונויפגעמישט מיט „פאפואסן", די שווארצע פון אויסטראליע...

אינדערפרי האט די „קאמפאנא" אפגעלאדן איר משא, וואס זי האט געפירט פאר מאנטעווידעא און זיך געלאזט איבער דעם לײמיקן ים, וואס רופט זיך דער זילבערנער טייך, צום בוענאס איירעסער האפן געווען איז עם דעם 19טן אפריל 1906, אחרון של פסח ה'תרס'ו. מיר האבן די לעצטע פעטע פסחדיקע שטיקער אקסן־פלייש געגעסן און די לעצטע שטיקער מצה געווארפן אינעם וואסער, נאר געלופטערט האט זיך די שיף, זיך געלופטערט און גערייניקט און געשייערט, ווי זי וואלט ערשט באדארפט אריינעמען דעם פסח. און נאכמיטיק האט אונדזער שיף גענומען צו וויסן געבן מיט איר פייפן דער שטאט בוענאס איירעס, אז זי גייט, אז זי קומט, אז זי פירט פאר איר א מתנה יונגע הענט און משפחות גאנצע מיט גרויסע פלענער צו שאפן דא זייערע נייע היימען, היימען פון ארבעט און פרידן...

— ווערט אַן אַרטיסט! — רופט זיך ווייטער יענער אָן אין זעלבן טאָן.

— וואָס זשע מיינט איר? אַ סך חזנים זיינען שוין געוואָרן אַר־טיסטן. נאָר איך בין דאָך פּאַרט אַ באַלעבאַטישער איד. איז טאָקע נישט גוט. מען האַלט אויף די שיל, ווי ווייט מעגלעך. און אַ גוטער חזן, מיינט איר, איז נישט קיין שטיצע פאַר אַ שיל? די גוטע יאָר זאָל איך האָבן וואָס קאָמוניסטן עס קומען ראש השנה אין שיל מיך הערן דאַווענען. און איך האָב טאַקע כבוד אויך. נאָר איך בין זיי מוחל דעם כבוד, נאָר לאָזט מיך אַרויס! האָב איך נאָר אויף הוצאות, ווי איך וואָלט זיי דאָרט געוויזן וואָס ס׳הייסט חזנות. איכל אייך נישט זאָגן, אַז איך בין גרעסער פון יאָסעלע ראָזנבלאַט און רויטמאַן, נאָר אַזאַ חזן ווי זיי, זיכער. איר ווייסט גאָר וואָס, לאָמיר מאַכן אַ געשעפט — יוענדט ער זיך צו מיר — נעמט מיך אַרויס צו אייך. פון אייך וועט מען שוין דערהערן וועגן מיר קיין אַמעריקע. ביי אייך איז דאָך פאַראַן אידישע בלעטער. אין אַמעריקע שרייבן די אידישע בלעטער פון חזנים פונקט ווי פון אַרטיסטן... איר וועט מאַכן לעבן מיר אַ גוט געשעפט.

— איך בין נישט קיין געשעפטסמאַן — ענטפער איך אים דערויף.

ער ווערט ביי זיך אַראָפּגעפאַלן. ער האָט געמיינט ער רעדט מיט אַן אמתן אַמעריקאַנער אידן, די אמתע אידן — זאָגט ער — זיינען איצט אין אַמעריקע. דאָרט זיינען איצט די גרעסטע שילן און די גרעס־טע חזנים. פאַראַן דאָרט אידן, וואָס לאָזן זיך קאָסטן געלט אויף אַ חזן.

— כ׳האָב מורא — זאָגט אַליץ אין זיין זייטיקן טאָן דער יונגער־מאַן וואָס זיצט דאַנעבן — אַז מיר דאָ וועלן אינגיכן בלייבן אָן חזנים; ביי אונדז ווערט מען וואָס אַמאָל קליגער...

דער חזן, וואָס האָט זיך געכאַפּט אויף דעם דאָפּלטן שטאָך, האָט אַ קוק געטון אויף אים פון דער זייט, האָט גאָרנישט געענטפערט און אנשטאָט דעם, זיך גענומען פאַנאַנדערוויקלען אַ פּעקעלע מיט עסן, וואָס ער האָט לעבן זיך געהאַט: ברויט, וואורשט און זויערע אוגערקע, וואָס ער האָט גענומען שניידן מיט אַ קעשענע־מעסער, ווי אַ וועג־מענטש.

איך בין אויך הונגעריק געוואָרן און בין געגאַנגען זוכן דעם בופעט.

דאָ קענט איר קריגן וואָס אייער האַלץ גלוסט, נאָר וועטשערע אויב איר ווילט, דאָס הייסט פלייש, זופּ אָדער באָרשטש, מוזט איר האָבן באַשטעלט בעת איר האָט געקויפט דעם בילעט. און איך האָב גראָד נישט באַשטעלט. און ס'איז גאַנץ לאָגיש; מען קען דאָך נישט צוגרייטן גלאַט אין דער וועלט אריין, אַז מען זאָל דאַרפן ארויסוואַרפן.

פונדעסטוועגן איז נאָך פאַראַן אַ פּנים אויף דער שיף ביי עמיצן אַ חשבון אויסער דער לאָגיק, אַ חשבון אַ באַזונדערער, פון וועלכן איך האָב געגנאָסן און האָב מיך דערנאָך געפילט נישט אַזוי באַקוועם, מחמת איך בין שיר נישט אריינגעפאַלן אין איינעם פון יענע פאַלן, וואָס ווערן ארויסגעבראַכט אויף דער וואַנט־צייטונג פון דער שיף אָדער גאָר אויף דער זייטל זעלבסטקריטיק פון דער פּאַרטיי־צייטונג. איך האָב געגעסן אַ וועטשערע גלייך מיט אַלעמען, כאָטש איך האָב זי נישט באַשטעלט און עמיצער האָט געמסורט דעם קעלנער. עס האָט זיך באַוויזן דער פּאַרוואַלטער — אַ איד אין אַ מונדיר פון אַ ים־אָפיציר, אַ איד אַ גבר, וואָס האָט באַקומען אַ קאַרק אויף דער שיף אָדער האָט באַקומען דעם אַמט צוליב זיין קאַרק, — און דער סכסוך איז דערליידיקט געוואָרן, נאָכדעם ווי מיר האָבן דעם ענין „אויפגעקלערט” און מיר האָבן געגנומען די שולד אויף זיך.

מיר, זאָג איך, וואָרום געווען זיינען מיר פיר צו דער דאָזיקער דבר עבירה; צוזאַמען מיט מיר זיינען געווען אויך דריי ים־אָפיצירן, פּאַסאַזשירן, וואָס האָבן אויך פאַרגעסן צו באַזאָרגן זיך מיט וועטשערע־צעטלען און פון אונדזערטוועגן האָט דער „אָפיציאַנט” (קעלנער) בשותפות מיטן קוכער עובר געווען אויף די פאַרשריפטן.

די געמיינזאַמע לאַגע און די געמיינזאַמע עבירה האָבן מיך צונויפגעפירט מיט די ים־אָפיצירן. און מיר זיינען שוין דערנאָך געשטאַנען צוזאַמען ביים באָרט און געקוקט אין דער קרימער טיפער נאַכט מיט אירע העלע שטערן און אין דעם וואַסער פון שוואַרצן ים, וואָס איך דאָ גאָר נישט שוואַרץ, נאָר בלוי.

געשטאַנען זיינען מיר ביז שפּעט אין דער נאַכט מחמת שלאָפן איז סאַי ווי נישט געווען וואו. איך האָב דערציילט וועגן מיין נסיעה אויפן אַטלאַנטיק, וועגן די האַפנס וואָס איך האָב באַזוכט, זייער פאַרנעם, זייער שיינקייט, וועגן די דערשיינונגען אויפן ים, די פאַרשידענע

